# FRANSISKO FERRER UN DI FRAYE ERTSYHUNG FUN DER YUGEND

Rudolf Rocker



פערלאג „ארבייטער פריינד“.

# פראנסיסקא פעררער

אונ

## די פרייע ערציהונג פון דער יוגענד.

פון

ר. ראקער.

לאנדאן, 1910.

„ארבייטער פריינד“ דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, א

# אינהאלטס־פערצייכניס.



# פֿארווארט.



דער לעזער געפֿינט אין דיזען ווערק ניט בלויז אַ מעהר אָדער ווייניגער אויספֿיהרליכע בעשרייבונג פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער׳ס לעבען און טהעטיגקייט, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך אַ קורצען היסטאָרישען איבערבליק איבער די פֿרייהייטליכע בעוועגונג אין שפּאַניען און די אַלע גרויזאַמע און בלוטיגע פֿערפֿאָלגונגען, וועלכע זי האָט דורכגעמאַכט אונטער דער טיראַניי פֿון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע. אונז דאַכט זיך, אַז אַזאַ איבערבליק איז געווען נויטווענדיג, דערפֿאַר וואָס די גרויסע מעהרהייט פֿון די אידישע לעזער איז אין גאַנצען אונבעקאַנט מיט די אונגעהייערע קעמפּפֿע, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיעלט און שפּיעלען זיך נאָך אָב אין דעם קלאַסישען לאַנד פֿון דער אינקוויזיציאָן און דער קאַטהאָלישער קירכע. אין קיין אַנדער לאַנד האָבען דיזע קעמפּפֿע צווישען רעאַקציאָן און פֿאָרטשריט ניט אָנגענומען אַזאַ מורא׳דיג גרויזאַמען כאַראַקטער ווי אין שפּאַניען. די ברוטאַלע ערמאָרדונג פֿון דעם גרויסען מאַרטירער פֿון דער פֿרייהייטליכער ערציהונג איז מעהר ניט געווען ווי אַן איינצעלנע עפּיזאָדע אין דער בלוטיגער פֿערברעכער־געשיכטע פֿון דעם קלעריקאַלען רעזשים אין שפּאַניען. די פֿערטרעטער פֿון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן אין דיזען לאַנד האָבען שטענדיג געקעמפּפֿט מיט דיזעלבע וואַפֿען, און פֿראַנסיסקאָ פֿעררער איז נור איינער צווישען די הונדערטער און טויזענדער מענער און פֿרויען, וועלכע זיינען דערשאָסען, גאַראָטירט אָדער בעגראָבען געוואָרען לעבעדיגערהייט אין די קאַזעמאַטען פֿון מאָנטכואיש און אַנדערע באַסטילען פֿון דער בורבאָנישער מאָנאַרכיע.

דיזע גרויזאַמע און אונמענשליכע פֿערפֿאָלגונגען ערקלערען אונז אויך די צאָהלרייכע רעוואָלטען, אויפֿשטענדע און רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטישע אַקטען, אין וועלכע שפּאַניען איז רייכער ווי יעדעס אַנדערע לאַנד אין אייראָפּאַ. די קלעריקאַלע טיראַניי איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דיזע

אַלע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען ניט מעהר ווי די אונפֿערמיידליכע און נויטווענדיגע פֿאָלגען פֿון אַ פֿערברעכערישען רעזשים, אַ רעזשים, וועלכער שרעקט זיך ניט אָב פֿאַר די אָבשייליכסטע און גרויזאַמסטע מיטלען, אום צו פֿערהינדערען די נאָרמאַלע ענטוויקלונג פֿון אַ נייער ערא אין דער געשיכטע פֿון׳ם שפּאַנישען פֿאָלק.

און דאָך האָבען אפילו די גרויזאַמסטע און שרעקליכסטע פֿערזוכען, וועלכע די קלעריקאַלע רעאַקציאָן האָט געמאַכט, אום צו דערשטיקען די מאָדערנע פֿרייהייטליכע בעוועגונג אין שפּאַניען, קיין שום ערפֿאָלג ניט געהאַט. די צאָהל פֿון די אָפּפֿער איז געוועזען אַ מורא׳דיג גרויסע, אָבער די נייע אידעען זיינען געוועזען שטאַרקער פֿון אַלע פֿערפֿאָלגונגען. אונטער בלוט און טרערען איז געבאָרען געוואָרען אַ נייע שפּאַניען, און פֿראַנסיסקאָ פֿעררער איז געוועזען איינער פֿון איהרע גלענצענדסטע און נאָבעלסטע פֿערטרעטער.

* * *

עס איז צוערשט געוועזען אונזער אַבזיכט צוצוגעבען דיזען ווערק אַ לענגערען אַנהאַנג פֿון געקליבענע אָבהאַנדלונגען אויס די לעהרער־און לעזעביכער פֿון דער „מאָדערנער שולע“ אין באַרצעלאָנאַ און פֿון איינצעלנע אַרטיקלען איבער דער פֿרייער ערציהונג פֿון די קינדער, וועלכע זיינען ערשינען אין דעם „באָלעטין דע לאַ עסקועלאַ מאָדערנאַ“ און דער „עקאָל רענאָווע“. ליידער זיינען מיר ניט געוועזען אימשטאַנד צו פֿערווירקליכען דיזען פּלאַן, וויל די פֿינאַנציעלע שוויריגקייטען זיינען געוועזען צו גרויס. אָבער ווען אונזער איצטיגער שוואַכער פֿערזוך וועט געפֿינען אַ געוויסען קרייז פֿון סימפּאַטיזירער, אָנהייגער פֿון אַ פֿרייער ערציהונג פֿון אונזערע קינדער, וועלען מיר זיין העכסט צופֿרידען פֿאָרטצוזעצען אונזער אַרבייט אין דיזער ריכטונג און אַרויסצוגעבען אַ זאַמלונג פֿון די בעסטע אָבהאַנדלונגען, וועלכע זיינען פּובליצירט געוואָרען אין פֿעררער׳ס צייטשריפֿטען און אַנדערע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלען פֿאַר דער פֿרייהייטליכער ערציהונג פֿון דער יוגענד.

די פֿראַגע מכח דער ערציהונג פֿערנעהמט געגענווערטיג אַ גרויסען פּלאַץ אין דער קולטורעלער טהעטיגקייט פֿון די פֿרייהייטליכע עלעמענטען אין די פֿערשידענע לענדער. אין מאַנכע לענדער האָט מען געגרינדעט פֿרייע שולען נאָך דעם מאָדעל פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ“ אין באַרצעלאָנאַ; און די „אינטערנאַציאָנאַלע פֿעראייניגונג פֿאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פֿון דער יוגענד“, וועלכע פֿראַנסיסקאָ פֿעררער האָט געגרינדעט, אונטערשטיצט די דאָזיגע פֿערזוכען מיט איהרע בעסטע מעגליכקייטען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז די גרינדונג פֿון אַזעלכע שולען איז פֿערבונדען מיט גרויסע

שווירינקייטען, און זי קען נור דאָרט אויסגעפֿיהרט ווערען, וואו עס עקזיסטירט שוין אַ שטאַרקע פֿרייהייטליכע בעוועגונג אַלס דער נויטוועג־דיגער פֿונדאַמענט פֿון אַזעלכע אונטערנעהמונגען.

אָבער אפילו דאָרטען, וואו מען קען פֿאָרלויפֿיג נאָך ניט דיינקען וועגען דער גרינדונג פֿון פֿרייע שולען, קען און דאַרף מען אָנהויבען אַר־בייטען פֿאַר דער פֿרייהייטליכער ערציהונג פֿון דער יוגענד. עס איז אי־בעראַל מעגליך אַרויסצוגעבען אויפֿקלעהרענדע שריפֿטען, אום צו בעקענען פֿריי־דיינקענדע עלטערען מיט די ציעלען און מעטהאָדען פֿון דער פֿרייער ערציהונג און מיט די בעזונדערע אייגענטהימליכקייטען פֿון דער קינדליכער פסיכע.

עס איז אויך מעגליך צו מאַכען אַ פֿערזוך פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון אַ פֿרייהייטליכער קינדער־ליטעראַטור, אום צו ווירקען אויף די יונגע הער־צער און מוחות. אין פֿיעלע לענדער זיינען שוין געמאַכט געוואָרען פֿערזוכען אין דיזער ריכטונג, און דער ערפֿאָלג איז געווען אַ גוטער.

דאָס גרויסע לעבענס-ווערק פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער האָט ניט בלויז אַ בעדייטונג פֿאַר שפּאַניען, נאָר עס האָט אַן אַלוועלטליכע בעדייטונג. עס האַנדעלט זיך אום דאָס רעכט פֿון׳ם קינד, אום די ענטוויקלונג פֿון אַ פֿרייען דור און אַ פֿרייער צוקונפֿט.

פֿעררער איז געווען דער פּיאָניר פֿון אַ נייער רענעסאַנס, און עס איז אונזער אויפֿגאַבע פֿאָרטצוזעצען דאָס גרויסע ווערק, וועלכעס ער האָט אָנגעפֿאַנגען און בעפֿרוכטעט מיט זיין בלוט.

ר. ר.

לאָנדאָן, אויגוסט, 1910.

I.

## די מאנארכיסטיש-קלעריקאלע רעאקציאן.

דאָס איז געווען אין 1814, ווען דער פינסטערער טיראַן פערנאַנדאָ דער 7טער איז צוריקגעקומען אַלס קעניג נאָך שפּאַניען.

אין אַ פ־אָסטען הייזעל לעבען פוענטאָ דע סעגאָוויאַ, ניט ווייט פון מאַדריד, האָט דאַמאָלסט געוואוינט אַן אַלטער, איינזאַמער מאַן. ער האָט זיך אַליין צוריקגעצויגען פון׳ם רוישענדען לעבען און זיך אויסגע־זוכט אַ שטילען ווינקעל, וואו ער קען פערברייגגען איינער אַליין, אָהן פריינד, אָהן געזעלשאַפט.

אָט דיזער אַלטער איז געווען איינער פון יענע, וועלכע זיינען אַרומ־געפאָהרען אין דער יוגענד מיט פולע זעגלען איבער דעם קאָכעדיגען ים פון אַ ווילדען, שטורמעדיגען לעבען, דאָס האַרץ פול מיט טויזענד האָפ־נונגען און טויזענד חלומות פון פרייהייט, שעהנהייט און לוסט; נאָר דער ווינד האָט צוריסען די זעגלען, צובראָכען די מאַסטען און געשליידערט דאָס שוואַכע שיפעל אויף די גרוייזאַמע פעלזען־שטיינער פון אַ ברוטאַלער ווירקליכקייט — קוים וואָס ער איז געווען אימשטאַנד צו ראַטעווען די אַלטע, מידע ביינער, דעם צובראָכענעם קערפער און די איינזאַמע, פער־צווייפעלטע נשמה. ער האָט אַלעס פערלאָרען, וואָס עס מאַכט דאָס לעבען ליעב און טהייער. ער האָט בעגראָבען זיין ווייב, זיין אייגענעם זוהן און — וואָס ערגער איז פון אַלעם — ער האָט בעגראָבען זיינע לעצטע האָפנונגען; ער האָט פערהאַסט די וועלט, דאָס לעבען און די מענשען און זיין איינציגער פריינד איז געווען די נאַכט, די איינזאַמקייט.

די בויערן אין דער אומגעגענד פלעגען רופען דאָס הויז פון דעם אַלטען „לאַ קינטאַ דעל סאָרדאָ“, דעם טויבען׳ס ווילאַ, ווען ער איז געווען טויב און האָט ניט געהערט, וואָס די מענשען האָבען צו איהם גערעדט...

אָבער דער אַלטער איז ניט אונטהעטיג געווען, ער האָט אַמאָל געאַרבייט גאַנצע נעכט און ווען אַנדערע מענשען פלעגען שלאָפען, אום

אָנצוקלייבען קראַפט פאַר דעם קומענדען טאָג, האָט מען נאָך אַלץ בעמערקט אַ ליכט אין דעם איינזאַמען הויז.

דער אַלטער איז געזעסען פאַר אַ בּרייטען טיש, וועלכער איז פער־לענט געווען מיט פאַרבען, פּינזלען, בליי־פעדערן און עהנליכע זאַכען און האָט געמאָלט און געצייכענט. אַמאָל האָט ער געמאָלט גלענצענדע בּילדער פאַר דער ברייטער עפענטליכקייט, איצטער האָט ער געמאָלט פאַר זיך אַליין און אַלעס, וואָס עס איז איהם געלעגען אויף דער נשמה, האָט געפונען אַ מורא׳דיגען אויסדרוק אין זיינע וועלט-פרעמדע זאָנדער־באַרע ראַדירונגען און צייכנונגען.

עס זיינען געווען שרעקליכע בּילדער, וועלכע דער טויבער האָט גע־שאַפען, שוידערליכע, מורא׳דיגע צייכנונגען, ווי מען האָט זיי בעפאָר ניט געזעהן: פינסטערע געפענגניסע, שרעקליכע מאַרטער־קאַמערן, גרויזאַמע אינקוויזיטאָרען, בּלוטיגע היינקער, מערדער און זעעלען־פערקויפערס אין אַלע געשטאַלטען. מאַנכע פון דיזע ראַדירונגען מאַכען פערגליווערט דאָס בּלוט אין וואַרפען אַ טויט־שרעק אויף דער נשמה. ווער עס האָט זיי איינמאָל געזעהן, וועט זיי שוין קיינמאָל ניט פערגעסען, דיזע העלישע געשטאַלטען פון אַ וואַהנזיניגער פאַנטאַזיע. קיין פונק פון האָפנונג, קיין אָנגענעהמער געפיהל פערקערפערט זיך אין דיזע שרעקליכע צייכנונגען, נאָר טויט און אונטערגאַנג, וואַהנזיניגע גרויזאַמקייט, ווילדע פערצווייפ־לונג און די שטומע מאַיעסטעט פון אַ מורא׳דיגען אונפערמיידליכען שיקזאַל—אָט דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דיזער איינזאַמער אַרבּייט.

* *
*

דער מאַן, וועלכער האָט אויפגעעפענט דעם שוואַרצען איינגאַנג צו יענער מורא׳דיגער וועלט פון די פערצווייפעלטע, צו דיזען גיהנם פון אינעי־ליכע ליידען און שמערצען, איז געווען דער גרויסער פראַנסיסקאָ גאָיאַ, דער געניאַלסטער קינסטלער, וועלכען שפאַניען האָט אַרויסגעגע־בען. ער האָט איבּערגעלעבּט אַ פעריאָדע פון געוואַלטיגע, אונבעגרענצטע האָפנונגען, ע־ האָט געהערט דעם דונער פון דער רעוואָלוציאָן, וועלכער האָט צושמעטערט די געבּיידע פון דער אַלטער פעאָדאַלער געזעלשאַפט און געזעהן דאָס מאָרגען־רויט פון אַ נייער צייט. אָבער דער שעהנער חלום איז פּלוצלינג ווידער פערשוואונדען געוואָרען און פון דעם פינס־טערסטען אָבגרונד פון דער געשיכטע איז ווידער אַרויסגעקראָכען די בּלוטיגע, שענדליכע פערגאַנגענהייט אין טויזענדער גרויזאַמע געשטאַלטען, אום צו פערניכטען די יונגע זריעה פון דעם גרויסען פעלקער־שטורם.

גאָיאַ האָט בּעגריסט די גרויסע רעוואָלוציאָן מיט דער גאַנצער לייד־

דענשאַפֿט פֿון זיין פֿייערדיגער נשמה. ער, דער גרויסער צושטערער, וועלכער האָט געבראַנדמאַרקט דאָס קעניגטהום, די קירכע, אַלע אינסטי־טוציאָנען פֿון דער אַלטער געזעלשאַפֿט, ער האָט ערוואַרטעט, אַז דער גרויסער שטורם, וועלכער האָט אין פֿראַנקרייך אַוועקגעבלאָזען דעם דעספּאָטיזם און די פֿעאָדאַלע רעכטע, וועט אויך רייניגען זיין אונגליק־ליכעם פֿאָטערלאַנד פֿון דעם שרעקליכען יאָך פֿון דער קאַטהאָלישער קירכע און דעם קלעריקאַלען דעספּאָטיזם; ער האָט געטרוימט פֿון אַ נייע שפּאַניען, פֿריי פֿון דער פֿינסטערער הערשאַפֿט פֿון די יעזואיטען און מאָנאַכען, וועלכע האָט פֿערהינדערט יעדע גייסטיגע און מאַטעריעלע ענטוויקלונג פֿאַר הונדערטער יאָהרען.

ווען די אַרמעען פֿון נאַפּאָלעאָן זיינען געקומען נאָך שפּאַניען, האָט גאָיאַ און די גאַנצע שפּאַנישע אינטעליגענץ זיי בעגריסט מיט אַ גליהענ־דער בעגייסטערונג, ווייל זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז איצט איז געקו־מען דער גרויסער מאָמענט, ווען די אַלטע פֿינסטערע און פֿערהאַסטע קלעריקאַלע געזעלשאַפֿט וועט אונטערגעהן און עס וועט זיך אָנפֿאַנגען אַ נייע עפּאָכע אין דער שפּאַנישער געשיכטע.

אָבער די ברייטע מאַסען פֿון דער אונוויסענדער שפּאַנישער בעפֿעל־קערונג זיינען כמעט ניט בעריהרט געוואָרען פֿון דעם מאָדערנעם גייסט, וועלכער האָט דורכגעדרונגען די אינטעליגענץ. עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען יענער בלוטיגער קריעג געגען די פֿראַנצויזישע ערָאבערער, וועלכען גאָיאַ האָט אונז פֿאָרגעשטעלט אין זיינע שרעקליכע ראַדירונגען „דעסאַסטרעס דע לאַ גערראַ" (אונגליקען פֿון קריעג), די ערשטע געוואַלטיגע און ביז איצט אונאיבערטראָפֿענע אָנקלאַגע געגען דעם מערדערישען מיליטאַריזם און די פֿערברעכען פֿון קריעג.

אין מיטען דיזע בלוטיגע קעמפֿפֿע האָבען די פּאָליטישע אידעען פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן געפֿונען אַ שטאַרקען אָבקלאַנג אין דרום־זייט פֿון שפּאַניען. אין קאַדיס האָט מען פּראָקלאַמירט די ערשטע שפּאַנישע קאָנסטיטוציע. דאָס איז געווען אין 1812.

נאָך דער נידערלאַגע פֿון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען האָט מען ערוואַר־טעט די פּראַקטישע פֿערווירקליכונג פֿון דער קאַדיסער קאָנסטיטוציע. פֿערנאַנדאָ דער 7טער איז צוריקגעקומען נאָך שפּאַניען און האָט געשוואָ־רען אָבצוהיטען די קאָנסטיטוציע, די קאָנסטיטוציע, וועלכע האָט אָבגע־שאַפֿט די אינקוויזיציאָן אין שפּאַניען און פּאַראַליזירט די מאַכט פֿון דעם קלעריקאַליזם.

אָבער דער שעהנער חלום איז געווען אַ קורצער. פֿערנאַנדאָ דער

לטער האָט זיך באַלד אַרויסגעצייגט אַלס אַ מאָדערנער קאַליגולאַ, אַ בלוטיגער, גרויזאַמער טיראַן, וועלכער האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר די שענדליכסטע פערברעכען. פערנאַנדאָ איז געווען אַ מענש אָהן עהרע און געוויסען, אַ פייגער היפאָקריט, וועלכער האָט צו קיינעם קיין צוטרוי ניט געהאַט און אין דערזעלבער צייט איז ער בעהערשט געווען פון וואַהנזיניגע, אַבערגלויביגע פאָרשטעלונגען, וועלכע האָבען איהם געמאַכט צו אַ פאָלשטענדיגען ווערקצייג פון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן. לואי פיליפ — אַליין אַ קעניג — האָט איהם גערופען דעם „פאָלקאָמענסטען שופט, וועלכען די וועלט האָט ביז איצט געזעהן."

פערנאַנדאָ האָט זיך באַלד בעפרייט פון דער קאָנסטיטוציע, וועלכע ער האָט אינערליך פעראַכט פון טיפען הארצען. שוין אין מאָנאַט מאַי 1814 האָט ער ערקלעהרט, אַז די „קאָנסטיטוציע איז אַן ערפינדונג פון'ם שטן און אַ פערברעכען געגען דער מאָנאַרכיע און קירכע." עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פעריאָדע פון אַ שרעקליכע רעאַקציאָן, אַ רעאַקציאָן, וועלכע האָט דורכגענומען יעדען צווייג פון'ם סאָציאַלען לעבען. אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטע און פרייהייטען זיינען פערשוואונדען אין וועניגע טעג. די וועניגע שולען, וועלכע זייגען געגרינדעט געוואָרען פון פרייהייט-ליעבענדע ענטהוזיאַסטען אין דער קורצער עפאָכע פון פאָליטישער פרייהייט, אום צו ערציהען די אונוויסענדע מאַסען זיינען אַלע אונטערדריקט געוואָרען. אַלע פאָליטישע און עקאָנאָמישע פריווילעגיעס פון דער קירכע זיינען צוריק איינגעפיהרט געוואָרען. די „הייליגע אינקוויזיציאָן" איז ווייטער געוואָרען אַן אָנערקענטע אינסטיטוציאָן פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע, און דער פינסטערער טיראַן מיר קאַמפיליאָ, דער בישאָף פון אַלמעריאַ האָט געשפיעלט די ראָלע פון אַ „גרויס-אינקוויזיטאָר". אין פערלויף פון וועניגע מאָנאַטען האָבען העבער 50.000 מענשען געשמאַכטעט אין די געפענגניסע און מאַרטער-קאַמערן פון דעם שרעקליכען טריבונאַל אין דער פאַפסט האָט עפענטליך געגעבען זיין צושטימונג צו דיזע גרויזאַמע פערפאָלגונגען. אַלע ביכער זיינען פערברענט געוואָרען מיט דער אויסנאַהמע פון די, וועלכע די יעזואיטען האָבען ערקלעהרט פאַר כשר.

שוין אין 1790 האָט די שפאַנישע אינקוויזיציאָן פערעפענטליכט אַ „פערצייכניס פון פערבאָטענע שריפטען" און צונויפגעשטעלט אַ ליכט פון מעהר ווי 7600 שפאַנישע און אויסלענדישע שריפטשטעלער, וועמענס ביכער מען דאַרף פערברענען. צווישען זיי זיינען אויך געווען די קלאַסישע מייסטער-ווערק פון האָראַץ, אָוויד, ציצעראָ, פלוטאַרך, אַריוואָסאָ, דאַנטע,

פעטראַרקאַ, באָקאַטשיאָ און פיעלע אַנדערע. וועהרענד דער הערשאַפט פון פערנאַנ־אָ דעם 7טען, „דעם טיגער", ווי די געשיכטע רופט איהם, איז דערוועלבער „פערצייכנים" ערשינען אין אַ פערגרעסערטער אויפלאַגע. עס פערשטעהט זיך, אַז אַלע שריפטען פון די גרויסע פראַנצויזישע אויפקלערער און פילאָזאָפען, די גייסטיגע פיאָנירען פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן, זיינען פערבאָטען געוואָרען און צוזאַמען מיט זיי די ווערק פון די גרויסע שפּאַנישע דיינקער אין קריטיקער אַלפאָן דע ריוועראַ, פעאיכאָס, אַלאַוויידעס, סאַמאַניעגאַ, איכלאַ, סאַאַוועדראַ, לאָפעס ווילאַ־נוועוואַ, נאַוואַררעטע, מאַריאַנאָ דיעגאָ דע טאָרעס א.ז.וו., וועלכע האָבען פאַר שפּאַניען געהאַט דיזעלבע בעדייטונג ווי וואָלטער, רוסאָ, דידראָ, האָלבאַך, ד'אַלאַמבער א.ז.וו. פאַר פראַנקרייך.

* * *

אויפהאַלטען די אונוויסענהייט און דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם פון די מאַסען, ניט אַריינלאָזען קיין שטראַהל פון ליכט אין דעם אָבגרונד פון פינסטערנים און שקלאַפעריי — דאָס איז געווען דער מאָטאָ פון דעם קלעריקאַלען רעזשים און דאָס איז שטענדיג געבליבען דער מאָטאָ פון דער פערהאַסטער בורבאָנישער דינאַסטיע. די פינסטערסטע צייטען פון מיטעל־אַלטער זיינען ווידער אויפגעשטאַנען תחית המתים, די בלוטיגע עפּאָכע פון פיליפ דעם 2טען האָט זיך נאָך אַמאָל ווידערהאָלט אין דעם אונגליקליכען לאַנד. איינער פון די ערשטע רעגירונגס־דעקרעטען, וועלכע דער טיראַן פערנאַנדאָ האָט אַרויסגעלאָזט, האָט ערקלעהרט, אַז „יעדען אפּיקורוס זאָל דער הייגקער דורכלעכערן די צונג מיט אַ גליהענדען אייזען." די פינסטערע שאָטענס פון לאָיאָלאַ, טאָרקוועמאַדאַ און עסקאָבאַר זיינען ווידער ערשינען און האָבען דער וועלט געצייגט, אַז זייער הער־שאַפט איז נאָך ניט צו ענדע.

מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס אַ מאַן ווי פראַנסיסקאָ גאָיאַ האָט געמוזט פיהלען, איבערלעבענדיג דיזען שוידערליכען איבערבייט און וע־הענדיג, ווי די הימעל־הויכע האָפנונגען פון ליכט און פרייהייט זיינען פלוצלינג בעגראָבען געוואָרען אין אַן אָבגרונד־טיעפען גיהנם.

„Murio la Verdad." רופט זיך איינע פון זיינע צייכנונגען — „די וואַהרהייט איז טויט!" — אויף דער ערד ליעגט דער טויטער קערפּער פון אַן עדעלער פרויען־געשטאַלט, אַרומגערינגעלט פון גלחים און מאָ־נאַכען, וועלכע האָבען איהר ערמאָרדעט. ניטאָ מעהר קיין האָפנונג, „מוריאָ לאַ ווערדאַד!"

* * *

אומזיסט זיינען געווען אַלע רעוואָלוציאָנערע פערזוכע פון איינצעלנע אָפיצירען, וועלכע האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם בלוטיגען קריעג געגען די פראַנצויזען. זיי זיינען אַלע גרויזאַם אונטערדריקט גע־וואָרען. דער גענעראַל מינאַ, וועלכער האָט צוערשט אויפגעהויבען די פאָהן פון פאָליטישער און מאָראַלישער פרייהייט געגען דעם גרויזאַמען דעספּאָט אין דער פּראָווינץ נאַווארראַ (1814), איז באַלד געצוואונגען געווען אַריבערצוגעהן דעם פראַנצויזישען גרענעץ. כואַן פּאָרליער, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען מיט אַ קליינער אָבטהיילונג סאָלדאַטען אין גאַ־ליסיאַ (1815), איז געשטאָרבען אויף'ן גאַלגאָן. די מיליטערישע פער־שווערונג אין קאַטאַלאָניען (1817) איז אונטערדריקט געוואָרען אויף דעם גרויזאַמסטען אופן און איהר פיהרער לאַססי איז געפאַלען דורך די קוגלען פון די קעניגס-טרייע זעלנער. ווידאַל, וועלכער האָט פונאַנדערגעווי־קעלט די פאָהן פון אויפשטאַנד אין וואַלענסיאַ (1819), איז געהאַנגען געוואָרען. זיינע אָנהייגער האָט מען דערשאָסען פון הינטען; אַנדערע פון זיי זיינען שרעקליך געמאַרטערט געווארען און צולעצט אין גאַנצען פערשוואונדען אין די אונטעראירדישע צעלען פון די מאָנאַסטירען.

אין 1820 בעוויזט זיך נאָך אַמאָל אַ קורצער ליכטשטראַהל אין שפּאַניען. אויף דער איסלאַ דע לעאָן הויבט זיך אויף ראַפאַעל דעל ריעגאָ מיט זיינע סאָלדאַטען געגען דעם היינקער פערנאַנדאָ און פּראָקלאַמירט פון דאָס ניי די קאָנסטיטוציע פון קאַדיס. די פּראָווינצען גאַליסיאַ און קאַטאַלאָניען פאָלגען נאָך דעם ביישפּיעל פון אַנדאַלוסיען. דער קעניג, זעהענדיג, אַז די רעבעלען בעקומען די אויבערהאַנד, ווערט פּלוצלינג אַליין אַ קאָנסטיטוציאָנאַליסט. ער שווערט פון דאָס ניי אָבצוהיטען די קאָנסטיטוציע און ערעפענט די קאָרטעס מיט אַ פייערליכער רעדע. אָבער אין דערזעלבער צייט קאָנספּירירט ער מיט די גלחים און מאָנאַ־כען געגען דעם נייען רעזשים און ווענדעט זיך בעהאַלטענערהייט צו דער „היילינער אַליאַנץ", פערלאַנגענדיג הילפע פון איהר געגען זיינע פיינד.

אין שפּאַניען פאַנגט זיך אָן אַ גאַנץ נייע פעריאָדע. די געפענגניסע עפענען זיך פאַר אַלע פּאָליטישע געפאַנגענע. די אינקוויזיציאָן ווערט אָבגעשאַפט, די יעזואיטען פערטריבען פון לאַנד. די ליבעראַלע פּאַרטיי אַרבייט אום דאָס ואָגענאַנטע שול-געזעץ, אום צו אונטערריכטען די אונוויסענדע מאַסען און דורך דעם צו ברעכען דעם איינפלוס פון די גלחים און מאָנאַכען. ס'איז קוים צו גלויבען, וואָס פאַר אַן איבערבייט אין וויניגע מאָנאַטען.

* * *

אָבער דער קלעריקאַליזם שלאָפֿט נים און די „היילינע אַליאַנץ" פֿערשפּרעכט הילפֿע. איבעראַל אָרגאַניזירען זיך קאָנספּיראַטיווע רעאַק־ציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען און איבעראַל שטעהען די גלחים און מאָנאַכען אָן דער שפּיצע.

אין 1823 האָבען פֿאָרשטעהער פֿון דער קאַטהאָלישער קירכע, צוויי בישאָפֿען און 127 פּרעלאַטען, געגרינדעט יענע שוידערליכע מער־דער-געזעלשאַפֿט, וועלכע איז בעקאַנט אין דער שפּאַנישער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „אַנגעל עקסטערמינאַדאָר" (מלאך־המות). די דאָזיגע קאָנספּיראַטיווע קלעריקאַלע פֿערברעכער־אָרגאַניזאַציאָן האָט זיך געשטעלט די נאָבעלע אויפֿגאַבע צו ערמאָרדען בעהאַלטענערהייט אַלע פּערזאָנען, וועלכע זיינען געווען פֿערדעכטיג צו האָבען ליבעראַלע, קאָנסטיטוציאָ־נעלע און אַנטיקלעריקאַלע אידעען. זי האָט געהאַט איה־ע געדונגענע מערדער, וועלכע האָבען אויסגעפֿיהרט איהרע בעפֿעהלען. אין פֿערלויף פֿון צוויי יאָהר צייט, פֿון 1823 ביז 1825, זיינען אין שפּאַניען ערמאָר־דעט געוואָרען אַן ערך 4000 פּערזאָנען, מייסטענטהיילס ליבעראַלע דעפּוטאַטען, קאָנסטיטוציאָנעלע אָפֿיצירען, שריפֿטשטעלער א.ז.וו. די מערדער זיינען קיינמאָל נים אויסגעפֿונען געוואָרען, דערפֿאַר וויל די רעגירונג האָט דער פּאָליציי געהייסען צומאַכען די אויגען.

אין דעם זעלבען יאָהר איז דער הערצאָג פֿון אנגולעם מיט 80.000 פֿראַנצויזישע סאָלדאַטען אַריבער דעם שפּאַנישען גרענעץ, אום צו העל־פֿען פֿערנאַנדראָ'ן צו בעזיעגען זיינע געגנער. די „היילינע אַליאַנץ" האָט זיך נים געלאָזט בעטען אומזיסט און ענגלאַנד, דאָס לאַנד מיט דער על־טעסטער קאָנסטיטוציע איז געווען איינשטימיג מיט דעם בעשלוס פֿון דער „אַליאַנץ" און האָט מיטגעהאָלפֿען פֿערטהיידיגען דעם דעספּאָטיזם אין שפּאַניען געגען דער קאָנסטיטוציע...

נאָך דעם זיעג פֿון די פֿראַנצויזען האָט זיך וויטער אָנגעפֿאַנגען אַ שרעקליכע רעאַקציאָן אין שפּאַניען. 44.000 מענשען האָבען אָנגעפֿילט די געפֿענגניסע. ריעגאָ איז אויף די שענדליכסטע אַ־ט ערמאָרדעט געוואָרען; מען האָט איהם געפֿיהרט מיט אַן אייזעל צום גאַלגאַן. דער גרוזאַמער טיראַן האָט גענומען בלוטיגע ראַכע פֿון זיינע געגנער.

די מאָדערנע אייראָפּעאישע געשיכטע ווייסט נים פֿון אַן עהנליכער פּעריאָדע. אפילו די שוידערליכע פֿערברעכער־פּאָליטיק פֿון'ם רוסישען צאַריזם קען נים אויסהאַלטען קיין שום פֿערגלייך מיט דיזער וואַהנזיניגער עפּאָכע. דער מאָרד האָט רעגירט אין טויזענדער־ פֿערש־דענע געשטאַלטען. די געהיימע אינקוויזיציאָן האָט געאַרבייט טאָג און נאַכט; איהרע שפּיאָנען

זיינען אַריינגעדרונגען אין די אייגנסטע און אינטימסטע קרייזען פֿון דער פֿאַמיליע; קיינער איז מעהר ניט זיכער געווען מיט'ן לעבען. עס איז געווען גענוג צו פֿערדעכטיגען אַ מענשען, אַז ער האָט געלייענט אַ בוך, וועלכעס די יעזואיטען האָבען פֿערבאָטען און זיין שיקזאַל איז געווען בעשטימט. אויב מען האָט איהם ניט אַרעסטירט און בעגראָבען לעבעדיגערהייט אין די אונטערארדישע צעלען פֿון די מאָנאַסטירען, האָט מען איהם אייגפֿאַך ערמאָרדעט. די געהיימע געזעלשאַפֿט „מלאך המות" האָט געהאַט איהרע אַגענטען איבעראַל און איהרע פּראָפֿעסיאָנעלע מערדער האָבען געאַרבייט טאָג און נאַכט.

אין 1826 האָט די שטאָדט וואַלענסיאַ נאָך געזעהן אַן אויטאָדאַפֿע. דער פֿריי מויערער ריפֿאַלל, וועלכער האָט בעגאַנגען דאָס שרעקליכע פֿערברעכען צו צווייפֿלען אין די הייליגע לעהרען פֿון דער מוטער קירכע, איז צוערשט געהאַנגען געוואָרען און דערנאָך האָט מען עפֿענטליך פֿערברענט זיין טויטען קערפּער אויף אַ שייטער־הויפֿען.

* * *

„מוריאַ לאַ ווערדאַד!" די וואַהרהייט איז טויט! דאָס איז געווען דער אמת'ער אויסדרוק פֿאַר דיזע פֿינסטערע עפּאָכע. ווי אַ ריעזיגע כוואַליע האָט די רעאַקציאָן איבערפֿליצט גאַנץ אייראָפּאַ. די „הייליגע אַליאַנץ" האָט דערשטיקט יעדען פֿונק פֿון פֿרייהייט, יעדען סימן, וועלכען די גרויסע רעוואָלוציאָן האָט איבערגעלאָזט און פֿאַר אַ געוויסע צייט שיינט עס, אַז אַ נייער מיטעל־אַלטער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אין אייראָפּאַ. דע מעסטר און באָנאַלד, די אַפּאָסטעל און טהעאָרעטיקער פֿון דער רעאַקציאָן פֿערהערליכען די אינקוויזיציאָן, דעם יעזואיטיזם אין דעם היינטיגער; און די קלעריקאַלע פּרעסע אין שפּאַניען דרוקט איבער מיט דער גרעסטער צופֿרידענהייט די מאָראַלישע רעכטפֿאַרטיגונג פֿון דער אינקוויזיציאָן און דעם שייטער־הויפֿען. די קירכע הערשט, פּריעסטער און מאָנאַכען זיינען איהרע פֿינסטערע אַגענטען און זייער מאַכט גרינדעט זיך ניט בלויז אויף זייער מורא'דיגען איינפֿלוס אויף די אַבערגלויביגע פֿאָרשטעלונגען פֿון דער ברייטער מאַסע, נאָר אין דערזעלבער צייט אויף אַ שטאַרקע עקאָנאָמישע פּאָזיציאָן.

צו ענדע פֿון'ם 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך די צאָהל פֿון די איינוואוינער אין שפּאַניען פֿערמינדערט ביז 10 מיט אַ האַלבען מיליאָן. אין יענער צייט האָבען עקזיסטירט אין שפּאַניען 134.500 גלחים, 46 000 מאָנאַכען און 32.000 מאָנאַשקעס. דער ווערטה פֿון זייער גרונד־

איינגענטהום האָט אָנגעטראָפֿען אַן ערך פֿון 32.500.000.000 רעאַלס*) און האָט זיי פֿערשאַפֿט אַן איינקאָמען פֿון 500.000.000 רעאַ־ס. דערצו זייי־נען נאָך צוגעקומען געביידעס, פֿערד, בהמות, וועלכע האָבען פֿאָרגע־שטעלט מיט זיך אַ ווערטה פֿון 82.000.000 רעאַלס; און ווען מען רע־כענט נאָך דערצו די געלדער, וועלכע די פֿערשידענע געבעטען פֿאַר די נשמות פֿון די געשטאָרבענע און מעשר נעהמען האָבען אַ־יינגעבראַכט דאַן האָט דער קלערוס געהאַט אַ יעהרליכען איינקאָמען פֿון 1.600.000.000 רעאַלס. דערביי דאַרפֿען מיר ניט פֿערגעסען, אַז דער אַלגעמיינער ווערטה פֿון געלד איז אין יענע צייטען געווען פֿיעל העכער ווי איצטער. און אין דערזעלבער צייט האָבען עקזיסטירט 176 000 בעטלער אין שפּאַניען, ד. ה. אַז אויף יעדע 81 איינוואוינער איז געווען איין בעטלער.

ווען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער האָט זיין ברודער זשאָזעף אַרויפֿגע־זעצט אויף׳ן שפּאַנישען קעניגס־טהראָן, האָט ער געוואוסט, אַז דער קאַמפּף מיט די גלחים וועט זיין די וויכטיגסטע אויפֿגאַבע אין דיזען לאַנד. זשאָזעף האָט די מאָנאַכען אַוועקגענומען זייער גרונד־איינגענטהום, קאָנ־פֿיסקירט זייער פֿערמעגען און אָבגעשאַפֿט אַלע פּריווילעגיעס פֿון דעם קלערוס. אָבער אונטער פֿערנאַנדאָ דעם 7טען האָט די קירכע צוריקבע־קומען איה־רע אַלטע רעכטע און איהר קאָנפֿיסקירטעס איינגענטהום. נאָך מעה־ר, זי האָט זאָגאַר נאָך פֿערגרעסער־ט איהרע פּריווילעגיעס און פֿער־שטאַרקערט איהר עקאָנאָמישע פּאָזיציאָן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז די קירכע געווען אַ שרעקליכער שונא פֿאַר אַלע פֿרייע שטרעבונגען אין שפּאַניען און זי איז עס געבליבען ביז דעם היינטיגען טאָג. אין די איבעריגע לענדער פֿון אייראָפּאַ איז די מאַכט פֿון דער קאַטהאָלישער קירכע מעהר אָדער ווייניגער אָבגעשוואַכט געוואָרען דורך אינערליכע שפּאַלטונגען און צושפּליטערונגען אין דורך די גרויסע קעמפּפֿע פֿון דער רעפֿאָרמאַציאָן. אין שפּאַניען האָבען דיזע קעמפּפֿע נור געפֿונען אַ שוואַכען אָבקלאַנג; די קירכע האָט שטענדיג בעהערשט דעם טהראָן, זי איז אימער געווען דער אמת׳ער פֿונדאַמענט פֿון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע, דע־פֿאַר איז זי געווען אים שטאַנד צו קאָנצענטרירען איהרע אַלע קרעפֿטע אויף די גייסטיגע און פֿיזישע אונ־טערדריקונג פֿון די מאַסען; איהר וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַציאָן און איהר שטאַרקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּאָזיציאָן האָבען איהר פֿערשאַפֿט אַן אונגעהייערע, כמעט אונבעזיעגבאַרע מאַכט.

---

*) אַ רעאַל איז פֿיער פּענים.

אין די מייסטע אייראָפּעאישע לענדער האָט דער קאַמפּף צווישען די פערשיעדענע פּראָטעסטאַנטישע סעקטען און דער קאַטהאָלישער קירכע די פרייע און פּראָגרעסיווע עלעמענטען געגעבען אַ מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען און צו ערווערבען זיך אַ געוויסע מאַכט, מיט וועלכער די רעאַקציאָנערע מעכטע האָבען זיך געמוזט רעכענען. אין שפּאַניען האָבען די אָנהייגער פון'ם פרייען גערדאַנק ניט געהאַט אַזעלכע גינסטיגע בע־דינגונגען; דאָרטען האָט געמוזט שטאַטפינדען אַ קאַמפּף אויף לעבען און טויט צווישען די פיינדליכע קרעפטע, און דיזער קאַמפּף האָט זיך נור געקענט מאַניפעסטירען אין די שרעקליכסטע און גרויזאַמסטע פאָרמען.

* * *

אין 1833 איז דער היינקער פערנאַנדאָ ענדליך געשטאָרבען; ער, דער פינסטערער טיראַן, וועמענס גאַנצע רעגירונגס־טאַקטיק עס איז גע־ווען דער אָפענער און בעהאַלטענער מאָרד, די גרויזאַמע פערניכטונג פון אַלע פרייע שטרעבונגען, איז געשטאָרבען רוהיג אין זיין בעט — אויך אַ ביטערע איראָניע פון דער געשיכטע.

אָבער פערנאַנדאָ האָט אפילו נאָך זיין טויט נאָך געווירקט אויף דעם גאַנג פון דער פּאָליטישער געשיכטע און שפּאַניען. ניט לאַנג בעפאָר ער איז געשטאָרבען, האָט ער נעמליך אָבגעשאַפט די „לעאי סאַליקאַ," דאָס געזעץ, וועלכעס האָט בעשטימט, אַז נור מענער קענען זיצען אויף דעם שפּאַנישען טהראָן. פערנאַנדאָ האָט אפילו געהאַט פיער פרויען, אָבער קיין זוהן און לויט דעם געזעץ וואָלט זיין ברודער דאָן קאַרלאָס געדאַרפט זיין דער נאָכפאָלגער פון איהם. אָבער די פיערטע פרוי פון דעם האַלב־וואַהנזיניגען טיראַן, מאַריאַ קריסטינאַ פון נעאַפּעל, האָט איהם אויף אַזוי פיעל בעאיינפלוסט, אַז ער האָט אָבגעשאַפט די אַלטע געזעצע, בעגנו־צענדיג זיך מיט אַ געהיימען בעשלוס פון די קאָרטעס, וועלכער איז אָנ־גענומען געוואָרען וועהרענד דער רעגירונג פון זיין פאָטער קאַרלאָס דעם 4טען, און האָט בעשטימט, אַז זיין טאָכטער איסאַבעליאַ זאָל נאָך זיין טויט פערנעהמען זיין פּלאַץ אויף דעם שפּאַנישען טהראָן און אַז איהר מוטער קריסטינאַ זאָל איבערנעהמען די רעגירונג, ביז וואַנען איסאַבעליאַ וועט זיין 18 יאָהר אַלט.

דיזער בעשלוס איז געווען די אורזאַכע פון אַ בלוטיגען בירגער־קריעג אין שפּאַניען און פון דער גרינדונג פון דער קאַרליסטישער פּאַרטיי. דאָן קאַרלאָס, וועלכער איז געווען אַ שטרייגגער אָנהייגער פון דער קירכע און פאָלשטענדיג אין דער האַנד פון די קלעריקאַלען, איז אונטער־שטיצט געוואָרען פון די גלחים און מאָנאַכען. קריסטינאַ איז דערפאַר־

געווען געצוואונגען צו זוכען הילפֿע ביי די ליבעראַלע גענעראַלען און ביי די אָנהייגער פֿון דער קאָנסטיטוציע. דיזע נויטווענדיגקייט האָט די פֿרייהייטליכע עלעמענטען אין שפּאַניען ווידער געגעבען די מעגליכקייט אַרויסצוטרעטען אין דער עפֿענטליכקייט. אין די גרעסערע שטעדט, וואו די ליבעראַלע בעוועגונג איז געווען אַם שטאַרקסטען, ענטוויקלען זיך אַנטיקלעריקאַלע פֿעראייניגונגען, וועלכע קאָנצענטרירען איהר גאַנצע טהעטיגקייט אויף די בעקעמפֿפֿונג פֿון דער „אַפּאָסטאָלישער" פּאַרטיי (קאַרליסטיש-קלעריקאַלע פֿעראייניגונג). אויך די פֿראַגע וועגען דער גרינדונג פֿון פֿרייע שולען און אַ ראַציאָנעלער ערציהונג פֿון די קינדער איז אין יענער צייט אָפֿט דיסקוטירט געוואָרען, נאָר די שטענדיגע קעמפֿפֿע און די אַלגעמיינע פּאָליטישע אונזיכערהייט האָט פֿערהינדערט פּראַקטישע פֿערזוכע אין דיזער ריכטונג.

אין 1840 האָט זיך דער בירגער-קריעג ענדליך געענדיגט מיט אַ פֿאָלשטענדיגער נידערלאַגע פֿון דער קאַרליסטישער אַרמעע און עספּאַרטעראָ, דער זיעג-רייכער גענעראַל האָט אין דערזועלבער צייט געצוואונגען קריסטינאַ צו ענטזאָגען זיך פֿון דער רעגירונג. די קאָנסטיטוציע איז צוריק איינגעפֿיהרט געוואָרען. די גלחים האָבען פֿערלאָרען אַ גרויסען טהייל פֿון זייערע רעכטע און דאָס אייגענטהום פֿון די מאָנאַכען איז קאָנפֿיסקירט געוואָרען. אָבער איצטער האָט דער פּאַפּסט אויפֿגעפֿאָדערט די גאַנצע קאַטהאָלישע וועלט, אום צו שיצען די קירכע אין שפּאַניען געגען די אַטאַקען פֿון די ליבעראַלען.

פֿון 1840 אָן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ גאַנצע רייהע פֿון אויפֿשטענדע אין שפּאַניען. איין מאָל זיינען די רעאַקציאָנערען געווען די זיעגער, דעם אַנדערן מאָל די קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און דיזער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטען ביז 1868, ווען די בורבאָנישע דינאַסטיע איז אונטערגעגאַנגען אין שטורם פֿון דער רעוואָלוציאָן.

II.

## די ערשטע סאציאליסטען און דער פראבלעם פון ערציהונג.

נאָך דער רעוואָלוציאָן פֿון 1840 האָט זיך אין שפּאַניען ענטוויקעלט אַ נייע ערשיינונג, פֿון וועלכער מען האָט פֿריהער נאָך ניט געוואוסט — די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ. בעפֿאָר 1840 האָט די פּאָליטישע און רעליגיעזע פֿראַגע פֿערנומען די גאַנצע טהעטיגקייט פֿון די פּראָגרעסיווע ריכטונגען; דער קאַמפּף געגען דעם אַבסאָלוטיזם און די מאַכט פֿון דער קירכע איז געווען די וויכטיגסטע פֿראַגע פֿאַר די פֿרייהייטליכע עלע־מענטען אין גאַנץ שפּאַניען. נאָך 1840 ענטוויקלען זיך די ערשטע פּראָ־פּאַגאַנדיסטען פֿון'ם סאָציאַליזם, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך דעם ערשטען מאָל מיט דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער פֿראַגע.

עס איז נויטווענדיג צו געבען אַ קורצען איבערבליק איבער דיזע ערשטע ענטוויקלונגס־פּעריאָדע פֿון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין שפּאַניען, ווייל אין דיזער בעוועגונג געפֿינען מיר דעם מיליע, אין וועלכען די „פֿרייע שולע" איז געבאָרען געוואָרען. דאָס גרויסע לעבענס־ווערק פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער, פֿאַר וועלכעס ער האָט אוועקגעגעבען גוט און בלוט, פֿרייהייט און לעבען, האָט זיינע ערשטע וואָרצלען אין יענער פּרי־מיטיווער בעוועגונג, וועלכע די ערשטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון'ם סאָציאַ־ליזם אין שפּאַניען האָבען אַרויסגערופֿען און ענטוויקלט. זיי האָבען דאָס געמאַכט די ערשטע פּראַקטישע פֿערזוכע צו גרינדען פֿרייע שולען אין שפּאַניען און צו ענטוויקלען די ערשטע מעטהאָדען פֿון אַ ראַציאָנעלער ערציהונג.

דער דורכשניטליכער ציימונגס־לעזער, וועלכער איז נור בעקאַנט מיט די טעראָריסטישע אַקטען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין שפּאַ־ניען, האָט ניט די קלענסטע פֿאָרשטעלונג פֿון דער אונגעהייערער קול־טור־אַרבייט, וועלכע די אַלטע סאָציאַליסטישע און די מאָדערנע אַנאַר־כיסטישע בעוועגונג האָבען אויפֿגעטהאָן אין דיזען לאַנד. אָבער שטענדיג איז עס געווען דער קלעריקאַליזם און די קלעריקאַלע מאָנאַרכיע, וועלכע

האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען פֿון געוואַלט און ברוטאַליטעט, אום צו צושטערען דיזע אַרבייט.

די ערשטע פֿאָרמען פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ אין שפּאַניען זיינען געוועזען ריין פֿריעדליכע. דער מאָטאָ פֿון די אַלטע סאָציאַליסטען איז געוועזען: „דאָס עלענד און די אונוויסענהייט זיינען די ערגסטע שונאים פֿון פֿאָלק; דערפֿאַר פֿיהרען מיר אָן אַ קריעג מיט דיזעביידע פֿיינד. געגען די אונוויסענהייט — די פּרעסע און דאָס בוך! געגען דאָס עלענד — די פֿעראייניגונג, די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַרבייט.“ ערשט שפּעטער, ווען דער קלעריקאַלער דעספּאָטיזם האָט פֿערניכטעט יעדע מעגליכקייט פֿון אַ פֿרידליכער ענטוויקלונג, ווען ער האָט פֿערפֿאָלגט די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן, ערשט דאַן האָט די בעוועגונג אָנגענומען רעוואָלוציאָנערע פֿאָרמען.

* * *

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער ערשטער סאָציאַליסטישער דיינקער, וועלכער האָט בעאיינפֿלוסט דעם פּאָליטיש פּראָגרעסיווען עלעמענט אין שפּאַניען, איז געוועזען שאַרל פֿוריע. שאַרל פֿוריע, דער געניאַלער פֿערפֿאַסער פֿון דער „טהעאָריע פֿון די פֿיער בעוועגונגען“, איז געוועזען דער פֿרידליכסטער מענש אויף דער וועלט און אַ ביטערער געגנער פֿון אַלעס, וואָס האָט נור געשמעקט מיט רעוואָלוציאָן. אין דער־זעלבער צייט איז פֿוריע געוועזען דער יעניגער צווישען די אַלטע סאָציאַליסטען, וועלכער האָט אַם גלענצענדסטען ענטוויקעלט די מעטהאָדען פֿון דער פֿרייער ערציהונג. אַלעס, וואָס דער גרויסער פֿראַנצויזישער דיינקער האָט געשריעבען איבער די ערציהונג פֿון די קינדער, איז ביז היינט צו טאָג נאָך ניט איבערטראָפֿען געוואָרען. מיט דער אויסנאַהמע פֿון ראָבערט אָוען האָט זיך קיינער פֿון די אַלטע סאָציאַליסטישע דיינקער ניט אַזוי פֿיעל בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראַגע פֿון ערציהונג, ווי שאַרל פֿוריע.

איינער פֿון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען אין שפּאַניען איז געוועזען כאָאַקין אַברעו. אַברעו איז געוועזען אַ מיטגליד פֿון די שפּאַנישע קאָרטעס און איינער פֿון די צוועלף מוטהיגע מענער, וועלכע האָבען געשטימט אין 1823 פֿאַר די אָבזעצונג פֿון פֿערנאַנדאָ דעם 7טען. נאָך דעם זיעג פֿון דער רעאַקציאָן האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען פֿון שפּאַניען. ער איז אַוועק נאָך פֿראַנקרייך, וואו ער האָט זיך פּערזענליך בעקענט מיט שאַרל פֿוריע און זיין לעהרע. ווען אַברעו איז ווידער צוריק געקומען נאָך שפּאַניען, אין 1834, האָט ער באַלד

אָנגעהויבען פּראָפּאַגאַנדירען די סאָציאַליסטישע לעהרען פֿון דעם פֿראַנ־צויזישען דיינקער. ער האָט זיך בעזעצט אין דער שטאָדט קאַדיס און האָט ענטוויקעלט זיינע אידעען אין דער ראַדיקאַלער פּרעסע פֿון דיזער שטאָדט, וועלכע האָבען באַלד געפֿונען אַן אָבקלאַנג אין דער פּרעסע פֿון אַנדערע שטעדט. דער איינפֿלוס פֿון דער דאָזיגער פּראָפּאַגאַנדאַ איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט זיך באַלד ענטוויקעלט אַ בעוועגונג און שוין אין 1841 האָט מען געוואָלט מאַכען אַ פּראַקטישען פֿערזוך מיט פֿוריע׳ס לעהרע. אַ שילער פֿון אַבּרעו מיט׳ן נאָמען מאַנועל סאַגראַריאָ דע וועלאָי, האָט צונויפֿגעקליבען אַ סומע פֿון פֿינף מיליאָן פּעסעטאַס (אַ פּעסעטאַ איז 10 פּענים), אום צו גרינדען אַ סאָציאַליסטישע קאָלאָניע אין דער אומגעגענד פֿון דער שטאָדט כערעס דע לאַ פֿראָנטעראַ. די קאָלאָניע האָט זיך געוואָלט גרינדען אויף פֿוריע׳ס סיסטעם און מען האָט אויך בעשלאָסען צו שאַפֿען אַ שולע, אום צו אונטערריכטען די יוגענד. אָבער ווי באַלד די רעגירונג האָט זיך דערוואוסט פֿון דיזע פּלענער, האָט זי באַלד אונטערדריקט די יונגע בעוועגונג און צושטערט אַלע פּראָיעקטירטע עקספּערימענטען. די בעקאַנטעסטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון יענער עפּאָכע, וועלכע האָבען אָנגעפֿיהרט די אַגיטאַציע אין אַנדאַלוזיען, זיינען געווען פּעדראָ אוגאַרטע, מאַנועל סאַגראַריאָ, פֿויסטינאָ אַלאָנסאָ; שפּעטער זיינען נאָך צוגעשטאַנען פּעדראָ באָהאָרקעס און ענדליך גיליען און ראָמאָן דע קאַלאַ.

* * *

אין 1846 האָט פֿערנאַנדאָ גאַררידאָ, דער בעריהמטער שפּאַנישער היסטאָריקער און סאָציאַליסט, וועלכער האָט זיך אין קאַדיס בעקענט מיט די פֿוריעריסטישע אידעען, ארויסגעגעבען די ערשטע סאָציאַליסטישע צייטונג אין שפּאַניען, „לאַ אַטראַקסיאָן.‟ די צייטשריפֿט איז אַרויסגע־גאַנגען אין מאַדריד און אָבוואָהל זי האָט נור עקזיסטירט פֿאַר אַ קורצע צייט, האָט זי אָבער דאָך געשאַפֿען אַ קליינעם סאָציאַליסטישען צירקעל אין דער הויפּט־שטאָדט, וועלכער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבען אַ נייעס אָרגאַן, „לאַ אָרגאַניסאַסיאָן דעל טראַבאַבאָ‟ (די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַרבייט). צו דיזען קליינעם צירקעל פֿון איבערגעבענע און בעגייסטערטע אידעאַליסטען האָבען בעלאַנגט אַזעלכע מענער ווי דער העלדישער סיסטאָ קאַמאַראַ, וועלכער איז שפּעטער געפֿאַלען פֿאַר דער סאָציאַלער רעפּוב־ליק, כואַן סאַלאַ, פֿראַנסיסקאָ אָטשאַנדאָ אי וויליאַעסקוסאַ, ראָבוסטיאַנאָ דיאַס כאַורעגי, פֿ. קאַרלאָס בעלטראַן און אַנדערע.

די פאַריזער פעברואַר־רעוואָלוציאָן אין 1848 האָט אויך געפונען אַ סימפּאַטישען אָבקלאַנג אין שפּאַניען און האָט דאָרטען אַרויסגערופען אַ שטאַרקע סאָציאַלע בעוועגונג. פיעלע אויסגעצייכענטע און אינטעליגענטע מענער זיינען דאַמאָלסט צוגעשטאַנען צו דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג און האָבען אָבגעגעבען זייערע בעסטע קרעפטען פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ.

גאַררידאָ און זיינע פריינדע האָבען אין יענער פּעריאָדע אַרויסגע־געבען די צייטונג „אַסאָסיאַסיאָן" אין מאַדריד און אַ גאַנצע סעריע פון סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָנס-בראָשורען. אָבער די צייטונג איז פון דער רעגירונג באַלד אונטערדריקט געוואָרען און דאָס געריכט האָט גאַררידאָ פערורטהיילט צו פיער מיט אַ האַלב יאָהר געפענגניס און 50.000 רע־אַלען געלד-שטראָף. אָבער דער אונערמידליכער פּראָפּאַגאַנדיסט האָט זיך נים אָבגעשראָקען פון די אַלע פערפאָלגונגען און האָט שפּעטער וויטער אַרויסגעגעבען אַ סאָציאַליסטישע צייט-שריפט, „על אַמיגאָ דעל פּועבלאָ" (דער פאָלקס-פריינד), צוזאַמען מיט אַנטאָניאָ איגנאַסיאָ סערוועראָ.

סערוועראָ איז געווען איינער פון יענע הייסע יונגע אידעאַליסטען, וועלכע זיינען דאַמאָלסט אַריינגעטראָטען אין דער סאָציאַליסטישער בעווע־גונג; ער איז געווען אַ העכסט אינטעליגענטער יונגער מאַן און איינער פון די פעהיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין שפּאַניען האָט אַרויסגעגעבען.

סערוועראָ האָט געזעהן די גרויסע אונוויסענהייט פון יענע מאַסען, וועלכע ער האָט פערזוכט צו געווינען פאַר דער נייער לעהרע, און וואָס לענגער ער האָט געאַרבייט צווישען זיי, אַלץ מעהר איז ער איבערצייגט געוואָרען, אַז מען דאַרף מאַכען אַ פּראַקטישען פערזוך צו ערציהען די אַרבייטער און זיי צו שטעלען אויף אַ העכערע שטופע פון קולטור. ער האָט צונויפגעקליבען אַ קליינע סומע געלד צווישען זיינע פריינדע און האָט דערמיט געגרינדעט אַ שולע אין מאַדריד, די ערשטע פרייע סאָציאַליסטישע שולע אין שפּאַניען. דער יונגער ענטוזיאַסט האָט גע־טרוימט פון אַ נייען דור, וועלכען ער וועט ענטוויקלען דורך זיין שולע און אום צו געבען דער אונטערנעהמונג אַ פעסטען באָדען, האָט ער נים אָנגעפאַנגען מיט די קינדער, נאָר פריהער מיט די ערוואַקסענע.

אָבער וועהרענד דער ערשטער צייט איז דער ערפאָלג געווען אַזוי קליין און אונבעדייטענד, אַז יעדער אַנדערער וואָלט פערלאָרען דעם מוטה, נאָר נים סערוועראָ. פאַר די ערשטע עטליכע מאָנאַטען האָט ער נים געהאַט מעהר ווי איין שילער, אַן אַלטען אַרבייטער, וועלכער איז געקומען צו איהם נאָך דער אַרבייט, אום זיך צו לערנען. מיט אַן איבער־

מענשליכער געדולד האָט דער יונג־ער לעהרער אויסגעלערנט דעם אַלטען צו לייענען און שרייבען און שפּעטער די עלעמענטאַרע פּרינציפּען פון די פערשידענע וויסענשאַפטען. דער אַלטער פּראָלעטאַריער איז געווען זעהר צופ־יעדען און האָט שפּעטער מיטגעבראַכט איינינע פריינד זיינע. פערווערא איז געווען גליקליך. ער האָט געלערענט מיט זיינע שילער ווי אַן אמת׳ער לעהרער; שטודירענדיג דעם כאַראַקטער און די פעהיגקייטען פון יעדען בעזונדער, האָט ער זיי בעקאַנט געמאַכט מיט די גייסטיגע רייכטהימער פון דער מענשהייט, פון וועלכע זיי האָבען פריהער ניט אָנ־געהויבען צו וויסען. און אין דערזעלבער צייט איז ער געווען מיט זיי ווי א פריינד און ברודער, ער האָט זיי געפּרעדיגט די נייע לעהרע פון פרייהייט און גלייכהייט, זיי בעקאַנט געמאַכט מיט די אורזאַכען פון זייערע מאַטעריעלע און מאָראַלישע ליידען און האָט ענטוויקעלט אין זייערע הערצער די בייגקעניש נאָך אַ שעהנער, גליקליכער צוקונפט.

איצטער האָט זיך די שולע שנעל ענטוויקעלט און די צאָהל פון די שילער האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען. מעהר ווי 500 מענשען, מייס־טענטהיילס אַרבייטער, האָבען בעזוכט פערווערא׳ס שולע און דער יונגער לעהרער האָט זיך געטראָגען מיט די גלענצענסטע האָפנונגען. אָבער די רעגירונג איז גאָר ניט צופרידען געווען מיט פערווערא׳ס טהעטיגקייט, איבערהויפּט, ווען זי האָט בעמערקט דעם געוואַלטיגען ערפאָלג פון דער אונטערנעהמונג; און אין אַ שעהנעם טאָג האָט זי איינפאַך ערקלעהרט, אַז די שולע איז „אַ פערשווערונג געגען דעם שטאַאט און דער קירכע״ און האָט צושטערט דיזע גלענצענדע אינסטיטוציאָן מיט ברוטאַלער געוואַלט.

ווען איינינע ליבעראַלען האָבען אינטערפּעלירט דעם מיניסטער בראַוואָ מורילא אין די קאָרטעס וועגען פערווערא׳ס שולע און געפאָדערט פון איהם אַ געזעצליכע בעשטעטיגונג פאַר דיזער וואונדערבאַרער אונ־טערנעהמונג, האָט ער זיי געענטפער־ט מיט די ציניש ע און ברוטאַלע ווערטער: „ביי אונז אין שפּאַניען דאַרפען מיר ניט קיין מענשען, וואָס דיינקען, נאָר פראָסטע בהמות פאַר דער אַרבייט.״

דאָס איז געווען די ענדע פון די ערשטע סאָציאַליסטישע שולע אין שפּאַניען, אין דעם קלאַסישען לאַנד פון דער אינקוויזיציאָן און קלערי־קאַלער פינסטערניס.

* * *

אויך אין קאַטאַלאָניען, אין דעם פאָרטגעשריטענסטען און ענטווי־קעלסטען טהייל פון שפּאַניען, האָט די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַ־

גאַנדראַ געהאַט אַ גאַנץ פֿריעדליכען כאַראַקטער. דאָרטען ווינען עס געווען די אידעען פֿון דעם בעקאַנטען פֿראַנצויזישען קאָמוניסט עטיען קאַבע, וועלכע האָבען צוערשט בעאיינפֿלוסט די פּראָגרעסיווע עלעמענטען.

קאַבע איז זיכער געווען דער רייןסטער טיפּ פֿון אַ פֿריעדליכען מענשען; דער מאַן, וועלכער האָט פֿערלאָזען פֿראַנקרייך, אום צו גרינדען אין די סטעפּעס פֿון נאָרד־אַמעריקאַ אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפֿט, פּונקט ווען דער פֿלאַמענדער שיין פֿון דער פֿעברואַר־רעוואָלוציאָן האָט בעלייכטעט דאָס לאַנד מיט בלוט-רויטע שטראַהלען, איז זיכער ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער.

קאַבע'ס בוך, „די רייזע נאָך איקאַריען", וועלכעס האָט אייגענטליך געשאַפֿען די איקאַריש־קאָמוניסטישע בעוועגונג אין פֿראַנקרייך, האָט אויך געפֿונען אַן אָבקלאַנג אין קאַטאַלאָניען. אַבדאָן דע טערראַדאַס, דער פֿרייהייטס-דיכטער פֿון קאַטאַלאָניען, דאָנטאַלדראָ, דער אַטהעאיסט סוניער אי קאַפּטעווילאַ, מאָנוריאָל, באָרראַס, קועליאָ און פֿיעלע אַנדערע זיינען געווען די פּיאָנירען פֿון דער קאָמוניסטישער בעוועגונג אין קאַטאַלאָניען. זיי האָבען אין 1843 געגרינדעט די ערשטע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן אין באַרצעלאָנאַ און אין 1847 האָט מאָנטוריאָל אַרויסגעגעבען די צייטונג „פֿראַטערנידאַד" (ברידערליכקייט), אין וועלכער עס איז ערשינען די ערשטע שפּאַנישע איבערזעצונג פֿון קאַבע'ס „רייזע נאָך איקאַריען", און שפּעטער דעם „פּאַדרע דע פֿאַמיליאַ". *)

די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ אין קאַטאַלאָניען האָט געהאַט אַן אויסגעצייכענטען ערפֿאָלג, ווייל דאָרטען איז דער באָדען שוין קולטיווירט געווען פֿאַר נייע סאָציאַלע אידעען. שוין אין 1840 האָט דער אַרבייטער מונטס געגרינדעט אַ געוועב־קשאַפֿט פֿון די וועבער אין באַרצעלאָנאַ מיט העכער 2000 מיטגליעדער, די ערשטע טרייד־יוניאָן, וועלכע שפּאַניען האָט געזעהן. באַלד דערנאָך זיינען ענטשטאַנען געווערקשאַפֿטען פֿון אַנדערע פֿאַכען אין באַרצעלאָנאַ און אין אַנדערע צענטערס פֿון דער יונגער אינדוסטריע אין קאַטאַלאָניען. דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פֿון דיזע אָרגאַניזאַציאָנען איז געווען זעהר אַ פֿריעדליכער און זעהר עהנליך צו די היינטיגע טרייד־יוניאָנס אין ענגלאַנד.

אין דיזען מיליע האָבען די קאָמוניסטען פֿערשפּרייט זייערע אידעען פֿון אַ סאָציאַלער רענעסאַנס.

* * *

---

*) דער „פֿאָטער פֿון דער פֿאַמיליע"; אַזוי פֿלעגען די קאַבעטיסטען אָדער איקאַרישע קאָמוניסטען אָנרופֿען עטיען קאַבע, דעם משיח פֿון דער נייער לעהרע.

אויך אין באַרצעלאָנאַ איז מען געפֿאַלען אויף דעם פּלאַן צו גרינדען אַ פֿרייע שולע פֿאַר אַרביימער, ענליך צו דער, וועלכע סערוועראַ האָט געגרינדעט אין דערזעלבער פּעריאָדע אין מאַדריד. אַבדאָן דע טערראַדאַס, פּאָנטוריאָל און דער סליינער קרייז פֿון פּראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכער האָט זיך גרופּירט אַרום זיי, האָבען צונויפֿגעקליבען די נייטיגע געלדער און באַלד האָט מען ערעפֿענט אַ שולע. הונדערטער אַרביימער האָבען זיך יעדען אָבענד פֿערזאַמעלט אין דעם „פֿאָלקסהויז" פֿון באַרצעלאָנאַ, אום זיך צו לערנען און זיך צו בעקענען מיט דער סאָציאַליסטישער לעהרע און איהרע פֿערשיעדענע ריכטונגען.

דער ערפֿאָלג איז געווען אַן אויסגעצייכענטער; אָבער שפּעטער, ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען די ערשטע פֿערפֿאָלגונגען געגען דער קאַטאַלאָנישער אַרבייטער־בעוועגונג, איז די שולע צושטערט געוואָרען, אָקוראַט ווי עס איז געווען דער פֿאַל אין מאַדריד.

עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז דער אייגענטליכער בעגרינדער פֿון דער קאָמוניסטישער שולע אין באַרצעלאָנאַ און איינער פֿון איהרע פֿעהיגסטע לעהרער, דער עדעלער אַבדאָן דע טערראַדאַס, איז געפֿאַלען אַן אָפּפֿער פֿון דער קלעריקאַלער און מאָנאַרכיסטישער רעאַקציאָן. נאָך דעם געגעראַלסטרייק פֿון 1855 האָט מען דעם אַלטען קראַנקען מאַן ברוטאַל אַרויסגעריסען פֿון דעם קרייז פֿון זיין פֿאַמיליע און איהם בעהאַנדעלט אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן. שפּעטער האָט מען איהם פֿערשיקט נאָך קאַדיס און אין 1856 איז ער געשטאָרבען אין מעדינאַ־סידאָניאַ, ווייט פֿון דער היימאַט, אַן אונגליקליכער, געבראָכענער מאַן.—

* * *

פֿון 1850 אָן האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר די אידעען פֿון פּרודהאָן אין קאַטאַלאָניען, וועלכע האָט ביסלעכווייז בעזיעגט אַלע אַנדערע ריכטונגען, ווען ראַמאָן דע לאַ סאַגראַ, דער בעריהמטער פּי אי מאַרגאַל, איינער פֿון די גרעסטע דיינקער פֿון'ם פֿערגאַנגענעם יאָהרהונדערט, און איניגע אַנדערע פֿעדעראַליסטען האָבען פֿערעפֿענטליכט די ווערק פֿון דעם פֿראַנצויזישען סאָציאַליסט אין שפּאַניש. אין באַרצעלאָנאַ און אַנדערע קאַטאַלאָנישע שטעדט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ שטאַרקע מוטואַליסטישע און געווערקשאַפֿטליכע בעוועגונג צווישען די אַרבייטער. מען האָט געגרינדעט אַסך קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען אין קאַטאַלאָניען און אויך אין אַנדערע טהיילען פֿון שפּאַניען. פֿיעלע פֿון דיזע פֿעראייניגונגען האָבען זיך אויך בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראַגע פֿון דער

ערציהונג און האָבען געגרינדעט בילדונגס־אינסטיטוציאָנען פֿאַר קינדער
און ערוואַקסענע. אָבער דיזע נאָבעלע פֿערזוכע האָבען קיינמאָל ניט גע־
קענט עקזיסטירען פֿאַר אַ לענגערער צייט; די מייסטע פֿון זיי זיינען
אונטערדריקט געוואָרען פֿון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן.

אין 1853 האָט די שפּאַנישע רעגירונג פֿערזוכט צו אונטערדריקען
די פֿריעדליכע אַרבייטער־בעוועגונג אין קאַטאַלאָניען דורך בעשטימטע
געזעצע, אָבער זי האָט דערמיט געהאַט אַ קליינעם ערפֿאָלג. אין 1854
האָט זיך געגרינדעט אַ פֿעדעראַציאָן פֿון אַלע געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַ־
ניזאַציאָנען אין קאַטאַלאָניען, וועלכע האָט געהאַט פֿון 80 ביז 90 טויזענד
מיטגלידער. *)

אין 1855 האָט דער גענעראַל זאַבאַטעראָ פֿערזוכט מיט געוואַלט צו
אונטערדריקען דיזע בעוועגונג, כדי דער קעניגליכער אוקאַז פֿון 1853,
וועלכער האָט אַוועקגערויבט פֿון די אַרבייטער דאָס געזעצליכע רעכט זיך
צו אָרגאַניזירען, זאָל ניט בלייבען קיין טויטער בוכשטאַב. מען האָט
פֿערמאַכט די לאָקאַלען פֿון די געווערקשאַפֿטען און אַרעסטירט די וויכ־
טיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען. די אַרבייטער זיינען צוערשט פֿערבליבען גאַנץ
רוהיג; אָבער פּלוצלינג אַם 2טען יוני 1855, ווען קיין מענש האָט זיך
ניט גערעכנט אויף אַזאַ פּאַסירונג, האָבען העכער 50.000 פּראָלעטאַריער
פֿון אַלע פֿאַכען פֿערלאָזען די פֿאַבריקען אין באַרצעלאָנאַ, רעאוס, באַדאַ־
לאָנאַ, סאַנס און אַנדערע שטעדט, אום צו פֿערטהיידיגען זייערע רעכטע.
דאָס איז געווען דער ערשטער גענעראַלסטרייק אין שפּאַניען. די אַלגע־
מיינע אויפֿרעגונג איז געווען אונגעהייער שטאַרק און די לאַגע פֿון דער
פּראָווינציאַל־רעגירונג איז נאָך ערנסטער געוואָרען, ווען די קאַרליסטען
האָבען אין דערזעלבער צייט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ. דער גובערנאַטאָר
האָט אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפֿעסט צו די אַרבייטער און האָט זיי פֿער־
שפּראָכען, אַז די רעגירונג וועט אָהן אַ צווייפֿעל אָנערקענען זייערע פֿאָ־
דערונגען, אויב זיי וועלען זיך רוהיג צוריקנעהמען צו דער אַרבייט. די
אַרבייטער האָבען געפֿאָלגט. אין דער ערשטער צייט נאָך דעם סטרייק
האָט מען אויך ווירקליך זעהר פֿיעל גערעדט פֿון סאָציאַלע רעפֿאָרמען,
אַרבייטער־שוץ־געזעצע א. ז. וו., אָבער אין דערזעלבער צייט האָט די
רעגירונג אָנגעווענדעט אַלע נידערטרעכטיגע מיטלען געגען די אַרבייטער־
אָרגאַניזאַציאָנען, ביז זי האָט ענדליך, אין 1861, פּראָקלאַמירט יענע

---

*) F. Garrido, Historia de las asociaciones obreras en Europa, o las clases obreras regenerados por la asociacion.

שענדליכע אייסנאַהמע־געזעצע געגען די קאַטאַלאָנישע אַרבייטערשאַפט, וועלכע האָבען איינפאַך פערניכטעט דאָס רעכט פון אָרגאַניזאַציאָן. צו סטרייקען איז געוואָרען אַ פערברעכען; אפילו צו גרינדען אָרגאַניזאַציאָנען, אום צו שטיצען די אַרבייטסלאָזע איז געווען פערבאָטען. די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען צופאַלען געוואָרען אונטער דער ברוטאַלער קאָנטראָלע פון דער פאָליציי; אַלע מיטלען פאַר דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער פערבעסערונג פון די אַרבייטער זיינען געווען פערבאָטען.

פון דאַמאָלסט אָן האָבען די שפּאַנישע אַרבייטער פערלאָרען דעם גלויבען אין פריעדליכע מעטהאָדען; די ביטערע ערפאַהרונגען פון אַ פערטעל יאָהרהונדערט, די גרויזאַמע און בלוטיגע פערפאָלגונגען און די ברוטאַלע אונטערדריקונג פון יעדען פערזוך פאַר דעם גייסטיגען און מאַטעריעלען פראָגרעס האָט די שפּאַנישע אַרבייטער־קלאַסע געמוזט פיהרען אויף דעם איינציגען וועג, וועלכען זי האָט נאָך געהאַט — דעם וועג פון דער רעוואָלוציאָן. די בלוטיגע אויפשטענדע פון מאַלאַגאַ, אוטערא, סעווילּיאַ אין 1857 און דער אויפשטאַנד פון לאָכאַ אין 1861, וועלכע זיינען אונטערדריקט געוואָרען מיט דער אונמענשליכסטער גרויזאַמקייט, זיינען געווען די ערשטע אָנזאָגער פון יענעם געוואַלטיגען קאַמפּף, וועלכען די שפּאַנישע אַרבייטער־קלאַסע פיהרט אָן פאַר די לעצטע פופציג יאָהר געגען דער קלעריקאַלער, מאָנאַרכיסטישער און קאַפּיטאַליסטישער רעאַקציאָן, פון יענעם שרעקליכען קאַמפּף, וועלכער איז אַזוי רייך אין בלוט און טרערען, אין איבערמענשליכע ליידען און אידעאַלער העלדישקייט. אין קיין אַנדער לאַנד האָט די אַרבייטער־קלאַסע ניט דורכגעמאַכט אַזעלכע שווידערליכע פערפאָלגונגען ווי אין שפּאַניען, אפילו ניט אין רוסלאַנד און אין קיין אַנדער לאַנד האָט זי ניט אַרויסגעגעבען אַזאַ גרויסע צאָהל פון וואונדערבאַרע קעמפּפער פאַר דער סאָציאַלער בעפרייאונג. אָבער אפילו אין די שרעקליכסטע צייטען פון דער סאָציאַלער מלחמה האָט די שפּאַנישע אַרבייטער־קלאַסע קיינמאָל ניט פערנאַכלעסיגט די גייסטיגע און קולטורעלע אַרבייט, די בילדונג און ערציהונג פון דער יוגענד, און יעדעסמאָל, ווען זי האָט נור געהאַט די קלענסטע געלעגענהייט, האָט זי געמאַכט פראַקטישע פערזוכע אין דיזער ריכטונג.

* * *

קורץ בעפאָר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן אין 1868 האָט די שפּאַנישע אַרבייטער־בעוועגונג ווידער געמאַכט איינינע ערפאָלגרייכע פערזוכע אין דער ריכטונג פון דער פרייער ערציהונג. די סאָציאַלע

פֿראַגע האָט אין יענער צייט ווידער בעקומען אַ גרויסע בעדייטונג אין די דיסקוסיאָנען פֿון די פּאָליטיש-פּראָג-עסיווע עלעמענטען. אין דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי האָבען זיך בים'לעכוויז ענטוויקעלט צוויי ריכטונגען, וועלכע האָבען זיך בעקעמפֿט איינע די אַנדערע. דיזע ביידע ריכטונגען האָבען זיך גרופּירט אַרום די ביידע רעפּובליקאַנישע פֿיהרער עמיליאָ קאַסטעלאַר און פּי אי מאַרגאַל. קאַסטעלאַר איז געווען דער פֿערטרעטער פֿון דעם בורזשואַזען רעפּובליקאַניזם, וועלכער איגנאָרירט במעט אין גאַנצען די עקאָנאָמישע ערשיינונגען אין דער געזעלשאַפֿט און בעשעפֿטיגט זיך אויסשליסליך מיט דער פּאָליטישער זייט פֿון'ם געזעלשאַפֿטליכען לעבען. פּי אי מאַרגאַל, וועלכער איז אין גייסטיגער בעציהונג געשטאַנען פֿיעל העכער פֿון דעם רעטהאָריקער קאַסטעלאַר, האָט גוט פֿערשטאַנען די גרויסע בעדייטונג פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע און האָט פֿערטהיידיגט דעם סאָציאַליזם. דער קאַמפּף צווישען די ביידע וועלטאַנשויאונגען האָט געפֿונען אַן אינטערעסאַנטען אויסדרוק אין אַ לאַנגער פּאָלעמיק צווישען די ביידע ציטונגען „לאַ דעמאָקראַסיאַ" פֿון קאַסטעלאַר און „לאַ דיסקוסיאָ" פֿון פּי אי מאַרגאַל.

דיזע פּאָלעמיק האָט אויך געפֿינען אַ שטאַרקען אָבקלאַנג אין די אַרבייטער-פֿעראיינען און פּראָגרעסיווע קלובס. מען האָט דיסקוטירט אַלע זייטען פֿון דער סאָציאַליסטישער אידעע און עס איז לייכט צו פֿערשטעהן, אַז די פֿראַגע פֿון דער פֿרייער ערציהונג האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דיזע געגענזייטיגע דעבאַטען. די פֿאָלגע איז געווען אַ גאַנצע רייהע פֿון פּראַקטישע אונטערנעהמונגען אין דיזער ריכטונג. אין די מייסטע אינדוסטריע-צענטערם פֿון קאַטאַלאָניען האָבען זיך ענטוויקעלט ערציהונגס- און בילדונגס-אינסטיטוציאָנען, וועלכע די אַרבייטער האָבען אויסגעהאַלטען מיט זייערע לעצטע גראָשענס. פֿיעלע פֿון דיזע אינסטיטוציאָנען האָבען איינגעפֿיהרט שולען פֿאַר די קינדער ביי טאָג און אין אָבענד פֿאַר די ערוואַקסענע. טויזענדער אַרבייטער האָבען גענומען אַן אַקטיווען איינטהייל אין דיזער נאָבעלער אַרבייט און זייער ענערגיע, זייער ענטוזיאַזם און איבערגעבענהייט זיינען געווען אונבעשרייבליך. דיזע אַלע שולען זיינען געווען פֿריי פֿון יעדען רעליגיעזען און שטאַאטליכען איינפֿלוס און אין פֿיעלע פֿון זיי זיינען אינטעליגענטע אַרבייטער געווען טהעטיג אַלס לעהרער.

די וויכטיגסטע פֿון דיזע אינסטיטוציאָנען זיינען געווען דער „אַטענעאָ אָברעראָ" (אַרבייטער-בילדונגס-שולע) אין באַרצעלאָנאַ, דער „סענטראָ דע לעקטוראַ" (לעזע צימער) אין רעאוס, דער „אַטענעאָ דע לאַ קלאַסע

אָברעראַ" (די בילדונגס-שולע פֿון דער אַרבייטער-קלאַסע) אין וויליאַנועוואַ אי כעלטרו און דער „אַטענעאָ" אין מאַנרעסאַ.

איינע פֿון די עלטעסטע בילדונגס-אינסטיטוציאָנען אין שפּאַניען און אַ פּלאַץ פֿון אַ היסטאָרישער בעדייטונג איז געווען דער „פֿאָמענטאָ דע לאַס אַרטעס" (דער היים פֿון די וויסענשאַפֿטען) אין מאַדריד, וועלכער עקזיסטירט נאָך איצטער. דיזע אינסטיטוציאָן איז געגרינדעט געוואָרען אין 1847 פֿון אייניגע פּראָגרעסיווע אַרבייטער און קליינע בורזשואַס מיט ראַדיקאַלע אידעען. דער נאָמען פֿון דיזער פֿעראייניגונג איז צוערשט געווען אַן אַנדערער; נאָר שפּעטער, ווען די פֿערפֿאָלגונגען האָבען זיך אָנגעהויבען, האָט מען איבערגעביטען דעם ערשטען טיטעל אויף דעם אויבען דערמאָהנטען נאָמען.

שוין בעפֿאָר דער רעוואָלוציאָן פֿון 1868 איז דער „פֿאָמענטאָ" געוואָרען דער מיטעל-פּונקט פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטערשאַפֿט אין מאַדריד. פֿיעלע פֿון די וויכטיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דער שפּעטערער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג, ווי צ. ב. ש. אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, פֿעררער'ס פֿריינד און מיטהעלפֿער אין דער פֿרייער שולע פֿון באַרצעלאָנאַ, טהאָמאַס מאָראַגאַ, סעררּאַנאָ אי אָטעאיזאַ, דער פֿעהיגער רעדאַקטאָר פֿון דער „רעוויסטאַ סאָסיאַל" און מאַנכע אַנדערע האָבען דאָרטען דורכגעמאַכט זייער ערשטע גייסטיגע ענטוויקלונג אַלס סאָציאַליסטען.

אַנסעלמאָ לאָרענסאָ גיט אונז איבער אייניגע אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען איבער דיזע מערקווירדיגע אינסטיטוציאָן.*) דער „פֿאָמענטאָ דע לאַס אַרטעס" איז געווען דער צענטער פֿון אַלע פּראָגרעסיווע פֿעראיינען און אָרגאַניזאַציאָנען. ער האָט געהאַט אַ גרויסע און רייכע ביבליאָטעק און אַ לעזע-צימער, וואו מען האָט געקענט געפֿינען די בעסטע פּאָליטישע צייטונגען און זשורנאַלען. דער גרויסער זאַל פֿון'ם „פֿאָמענטאָ" איז ביי טאָג געווען אַ שולע פֿאַר די קינדער פֿון די מיטגלידער, וואו אייניגע העכסט פֿעהיגע לעהרער מיט פֿרייע אידעען האָבען זיי אונטעררּיכטעט אין אַריטמעטיק, גראַמאַטיק, נאַטור-וויסענשאַפֿטען, געשיכטע און פֿרעמדע שפּראַכען.

אין אָבענד איז געווען אונטעררּיכט פֿאַר די מיטגלידער און זייערע ערוואַקסענע זיהן. די ענערגיע פֿון די אַרבייטער און זייער לוסט צו לערנען זיך איז געווען אַזוי גרויס, אַז איינצעלנע פֿאָרטגעשריטענע געלעהרטע

*) A. Lorenzo, El Proletariado Militante.

און פראָפעסאָרען ווי צ. ב. ש. סיכיסמונדאָ מאָרעט אי פרענדערגאַסט, פער־
נאַנדאָ דע קאַסטראָ, דער רעקטאָר פון דער מאַדרידער אוניווערסיטעט, און
אַנדערע האָבען געהאַלטען פאָרלעזונגען אין דעם „פאָמענטאָ”. אַזוי האָט
דער ערשטער געהאַלטען אַ סעריע פאָרטרעגע איבער פאָליטישע עקאָ־
נאָמיע און דער צווייטער איבער די „מאָראַל פון׳ם אַרבייטער”.

אויסערדעם איז דער „פאָמענטאָ” געווען דער הויפט־פּלאַץ, וואו
מען האָט דיסקוטירט סאָציאַלע און פאָליטישע פראַגען. די פּאָלעמיק
צווישען קאַסטעלאַר און פי אי מאַרגאַל האָט דאָרטען געפונען אַ מעכ־
טיגען אָבקלאַנג און יונגע אינטעליגענטע אַרבייטער האָבען פערטהיידיגט
דעם סאָציאַליזם געגען דעם בורזשואַזען אינדיווידואַליזם פון די ריינע
רעפּובליקאַנער.

נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1868 האָבען דיזע אַלע שטרעבונגען,
וועלכע האָבען זיך פריהער נור געקענט מאַניפעסטירען אין קלענערע
קרייזען, געפונען אַ מעכטיגען אויסדרוק אין אַלע טהיילען פון שפּאַניען.
ס׳איז געווען דער אָנפאַנג פון דער מאָדערנער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער־
בעוועגונג אין דיזען לאַנד.

III.

## די אינטערנאציאלע און די פרייע שולע.

אין מאָנאַט סעפטעמבער 1868 האָט די רעוואָלוציאָן איבערגעקעהרט דעם צופּוילטען טהראָן פון די בורבאָנען אין שפאַניען. איזאַבעליאַ, די מאַכטער פון „פערנאַנדאָ דעם טיגער" האָט פערלאָזען דעם היסטאָרישען באָדען פון איהרע אונצעהלבאַרע ליעבעס־עפּיזאָדען און האָט געזוכט שוץ און הילפע ביי נאַפּאָלעאָן דעם 3טען.

אין שפאַניען האָט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבען אַ ריזיגע סאָציאַלע בעוועגונג. אַלע אונטערדריקטע קרעפטע און פעהיגקייטען פון דער נאַציאָן האָבען געזוכט און געפונען אַן אויסדרוק. דאָס שפאַנישע פאָלק, וועלכעס האָט געשמאַכטעט אַזאַ לאַנגע צייט אונטער דעם טיראַנישען יאָך פון אַ קאָרומפּירטער און ברוטאַלער מאָנאַרכיע און אונטער דעם גרויזאַמען דעספּאָטיזם פון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן, האָט איבערראַשט די גאַנצע וועלט, צייגענדיג זיינע יונגע קרעפטע, זיין אייזערנע ענערגיע און זיינע שאַפענדע פעהיגקייטען. די רעוואָלוציאָן האָט פונאַנדערגעטראָגען די געביידע פון דעם אַלטען רעזשים אין אַלע ריכטונגען און דער דעספּאָטיזם איז שוין מעהר ניט אימשטאַנד געווען, אפילו שפּעטער, ווען די רעאַקציאָן האָט זיך ווידער אָנגעהויבען, צוריק אויסצוקעמפפען זיין אַלטע פּאָזיציאָן.

* * *

מיט דער רעוואָלוציאָן פון 1868 האָט די שפאַנישע אַרבייטער־בעוועגונג פּלוצלינג בעקומען אַ נייען אויסזעהן. אין מאָנאַט נאָוועמבער פון דעמזעלבען יאָהר איז דער איטאַליענישער סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער דזשוזעפּע פאַנעלי געקומען נאָך שפאַניען, אום דאָרטען צו גרינדען די ערשטע סעקציאָנען פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן". ער איז געשיקט געוואָרען פון באַקונין און זיינע פריינדע ספּעציעל צו דיזען צוועק. פאַנעלי איז געווען איינער פון יענע העלדישע כאַראַקטערע, אין וועלכע די בעוועגונג אין די ראָמאַנישע לענדער איז

אַזוי רייך, אַ מאַן פֿון דער טהאַט און אין דער זעלבער צייט אַ גרויסער אידעאַליסט. ער האָט געקעמפּפֿט מיט די וואַפֿען אין די הענד פֿאַר די אונאַבהייננגיגקייט פֿון פּוילען און איז געווען איינער פֿון די בעריהמטע „טויזענד פֿון מאַרסאַלאַ", מיט וועלכע גאַריבאַלדי האָט אָנגעפֿאַנגען זיין קאַמפּף געגען די בורבאָנען און פֿאַר די איינהייט פֿון איטאַליען.

פֿאַנעלי איז צוערשט געפֿאָהרען נאָך מאַדריד און האָט דאָרטען געגרינדעט די ערשטע סעקציאָן פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע". דאָס איז געווען אין יאַנואַר 1869. באַלד דערנאָך זיינען ענטשטאַנען די ערשטע סעקציאָנען אין באַרצעלאָנאַ און פֿון דאָרטען האָט זיך די „אינטערנאַציאָנאַלע" פֿערשפּרייט מיט אַ צויבערהאַפֿטער שנעלקייט איבער גאַנץ שפּאַניען. אין קיין אַנדער לאַנד האָט די אינטערנאַציאָנאַלע ניט געהאַט אַזוי פֿיעל אַקטיווע און איבערגעבענע אַנהייננגער ווי אין דיזען לאַנד. אין פֿערלויף פֿון וויינינגע יאָהר צייט האָט שפּאַניען געהאַט העכער 100.000 אָרגאַניזירטע אַרבייטער. מאַנכע היסטאָריקער, ווי צ. ב. ש. לאַוולע, שעצט זייער צאָהל זאָגאַר אויף 300.000. פּראָפּאַגאַנדאַ־גרופּען, פֿאַך־פֿעראייניגונגען, פֿעראיינען פֿאַר דער ערציהונג און פֿאַר דעם שטודיום פֿון סאָציאַלע פֿראַגען, אַלעס האָט זיך פֿעראייניגט אין דעם גרויסען בונד פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלע. די בעריהמטע ווערטער: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿעראייניגט איך!" האָבען געפֿונען אַ בעגייסטערטען אָבקלאַנג ביי די פֿעלד־אַרבייטער פֿון אַנדאַלוזיען, ביי די קליינע פעבטער פֿון וואַלענסיאַ און הויפּטזעכליך ביי די אינדוסטריע־אַרבייטער פֿון קאַטאַלאָניען.

אין קאַטאַלאָניען, דעם רעוואָלוציאָנערסטען און פֿאָרטגעשריטענסטען טהייל פֿון שפּאַניען, האָט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע פֿערשפּרייט ווי אַ פֿייער. אין 1871 האָבען אין דער דאָזיגער פּראָווינץ שוין עקזיסטירט העכער 60 סעקציאָנען מיט אַן ערך 40 000 אָרגאַניזירטע מיטגליעדער.

ווי אונגעהייער שנעל די אינטערנאַציאָנאַלע האָט זיך ענטוויקעלט אין שפּאַניען, בעווייזען די פֿאָלגענדע צאָהלען: ביז דעם 20טען אויגוסט 1872 האָט די אינטערנאַציאָנאַלע אין שפּאַניען געצעהלט 65 פֿעדעראַציאָנען מיט 272 סעקציאָנען. ביז דעם 20טען אויגוסט 1873 האָט זיך דיזע צאָהל פֿערמעהרט ביז אויף 270 פֿעדעראַציאָנען מיט 674 סעקציאָנען. *)

די אונגעהייערע ענטוויקלונג לאָזט זיך הויפּטזעכליך ערקלערען דורך

*) Compte-Rendu officiel du sixième congrès générale de l'association internationale ; Rapport de la Federation Regionale Espagnole.

דעם גרויסען איינפלוס, וועלכען דער אויפשטאַנד פון דער פאַריזער קאָמונע האָט געהאַט אויף די שפּאַנישע אַרבייטערשאַפט. אַ גרויסע צאָהל פון ענערגישע, אינטעליגענטע און אונערמידליכע פּראָפּאַגאַנדיסטען האָבען פערשפּרייט די לעהרע פון דער אינטערנאַציאָנאַלע אין אַלע טהיילען פון לאַנד; די בעדייטענדסטע און בעקאַנטעסטע פון זיי זיינען געווען טהאָמאַס גאָנסאַלעס מאָראַגאָ, אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, ענריקאָ באָררעל, פראַנסיסקאָ מאָראָ, כאָסע לואיס פעליסער, ראַפאַעל פאַרגאַ פעליסער, גאַספּאַר סענטיניאָן, גאַרסיאַ וויניאַס, אַלאָנסאָ מאַרסעלאַו און פיעלע אַנדערע.

צוזאַמען מיט דער בעוועגונג האָט זיך ענטוויקעלט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער-פּרעסע מיט ריין אַנאַרכיסטישע טענדענצען, דען די מאָדערנע אַרבייטער־בעוועגונג אין שפּאַניען איז פון אָנפאַנג אָן געוועזן אַנאַרכיסטיש און האָט פערטרעטען די טהעאָריען און טאַקטיק פון מיכאַאיל באַקונין. פון 1869 ביז 1874, ווען די אינטערנאַציאָנאַלע איז געזעצליך אונטערדריקט געוואָרען, האָבען עקזיסטירט די פאָלגענדע אַנאַרכיסטיש-סאָציאַליסטישע צייט-שריפטען: לאַ פעדעראַסיאָן, לאַ רעוויסטאַ סאָסיאַל, לאַ לעגאַלידאַד און לאַ סאָלידאַריטע רעוואָליסיאָנער *) אין באַרצעלאָנאַ; לאַ סאָלידאַרידאַד, על קאָנדענאַנדאָ און שפּעטער לאָס דעסקאַמיסאָדאָס אין מאַדריד; על אָבררעראָ און שפּעטער לאַ רעוואָלוסיאָן סאָסיאַל אין פאַלמאַ; על רעבעלדע און שפּעטער על אָברערא דע גראַנאַדאַ אין גראַנאַדאַ; לאַ ראַסאָן אין סעווילליאַ; על דערעטשאָ און על אָרדען אין קאָרדאָבאַ; לאַ וואָס דעל טראַבאַכאַדאָר אין בילבאַאָ; על טראַבאַכאָ און דער באָלעטין דע לאַ אַסאָסיאַסיאָן דע טראַבאַכאַדאָרעס אין פעררּאָל; לאַ אינטערנאַסיאָנאַל און לאַ כוסטיסיאַ אין מאַלאַגאַ; על אָברערא אין סאַבאַדעל; על טעכעדאָר אין וואַלס; דער באָלעטין דע לאַ פעדעראַסיאָן רעכיאָנאַל עספּאַניאָלאַ אין אלקאָי און לאַ אינטערנאַסיאָנאַל אין קאַדיס.

דיזע געוואַלטיגע ענטוויקלונג פון דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער־פּרעסע בעקומט נאָך אַ פיעל גרעסערע בעדייטונג, ווען מען דערמאָהנט זיך, אַז לויט דעם לעצטען סטאַטיסטישען בעריכט פון 1903 גיט עס נאָך איצטער אין שפּאַניען 11.945.971 מענשען, וועלכע פערשטעהן ניט צו לייענען און שרייבען פון אַ בעפעלקערונג פון 17 .667.256 פּערזאָן. און אין יענער פּעריאָדע איז דער צושטאַנד נאָך געווען ערגער.

* * *

*) די „סאָלידאַריטע רעוואָלוסיאָנער" איז ערשינען אין פראַנצויזיש.

די אונגעהייערע ענטוויקלונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלע אין שפּאַ־ניען האָט זיך מאַניפעסטירט דורך הונדערטער און הונדערטער סטרייקס אין אַלע פאַכען. דער רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פון דיזע סטרייקס און די אונבעזיעגבאַרע ענערגיע פון די אַרבייטער האָט געוואָרפען אַ מורא אויף דער שפּאַנישער בורזשואַזיע; און דיזעלבע בורזשואַזיע, וועלכע האָט ביי יעדער געלעגענהייט שטאָלצירט מיט איהרע ליבעראַלע איבער־צייגונגען, האָט איבער די אינטערעסען פון איהר קלאַסע פערגעסען אַלע פּאָליטישע אונטערשיידונגען און זיך פעראייניגט מיט די רעאַקציאָנערע מאָנאַרכיסטען, אום צו בעקעמפּפען די אַרבייטער.

די מייסטע פון די אויבען דערמאָהנטע סטרייקס זיינען געווען ער־פאָלגרייך פאַר די אַרבייטער און די אַרבייטס־בעדינגונגען אין די אינ־דוסטריע־צענטערס פון קאַטאַלאָניען, וויסקאַיאַ א.ז.וו. האָבען זיך גאַנץ בעדייטענד פערבעסערט. נאָך דעם בלוטיגען אונטערגאַנג פון דער פּאַריזער קאָמונע האָט די שפּאַנישע אַרבייטער־בעוועגונג ענטוויקעלט אַן אונגע־הייערע טהעטיגקייט. די בורזשואַזיע האָט כמעט אין גאַנצען פערלאָרען דעם קאָפּ און האָט ערוואַרטעט מיט זיכערהייט אַן אַלגעמיינעם אויפ־שטאַנד. אַ רעפּובליקאַנישער דעפּוטאַט פון קאַטאַלאָניען, אַ רייכער קויפ־מאַן פון באַרצעלאָנאַ, האָט אין די קאָרטעס געזאָגט די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „מיר דאַרפען זיך רעכענען דערמיט, אַז אין פערלויף פון אַ קורצער צייט, וועלען די אַרבייטער־פעראיינען און געווערקשאַפטען אין שפּאַניען, וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע האָט אָרגאַ־ניזירט, אַלע צוזאַמען אַוועקלייגען די אַרבייט און אונז צווינגען צו פער־מאַכען די פאַבריקען און ווערק־שטאַטען. און אויב זיי וועלען ניט האָבען דעם געוואונשענעם ערפאָלג, וועלען זיי זיך אַריינוואַרפען אין די גאַסען און פאָדערן פון אונז מיט די וואַפען אין די הענד, די אַרבייטס־אינסטרו־מענטען, די מאַשינען, די רוי־שטאָפען, דאָס קאַפּיטאַל.“

דער דאָזיגער בורזשואַ האָט אַלזאָ געזעהן אין דעם גענעראַל־סטרייק פון די אַרבייטער די איינלייטונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

אין יענער צייט האָבען זיך אָנגעהויבען די ערשטע פערפאָלגונגען געגען דער אינטערנאַציאָנאַלע. די רעגירונג האָט אונטערדריקט איינצעלנע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציאָנען און אַרעסטירט בעקאַנטע פּראָפּאַגאַנדיסטען. אין מאָנאַט אָקטאָבער 1871 האָט דער אַלפאָנסיסטישער דעפּוטאַט כאָווע אי העוויאַ אינטערפעלירט דעם מיניסטער דער אינערן מכח דער אינטערנאַציאָנאַלע און איהם אָנגעפרעגט, וואָס ער דיינקט צו טהאָן געגען דיזע פעראייניגונג, וועלכע גראָבט אונטער די

זיכערהייט פֿון׳ם שטאַאַט. דער מיניסטער קאַנדאַו האָט איהם געענט־
פֿערט, אַז ער איז ניט גענוג בעקאַנט מיט די ציעלען און שטרעבונגען
פֿון דער דאָזיגער געזעלשאַפֿט, נאָר ער וואָלט צופֿרידען געווען צו הערען
מעהרער וועגען איהר. אַזוי האָט זיך אָנגעפֿאַנגען יענע בעריהמטע
דעבאַטע אין די קאָרטעס איבער די אינטערנאַציאָנאַלע, וועלכע איז
אָנגעגאַנגען פֿאַר דריי וואָכען צייט. די ענדע איז געווען, אַז די מאַיאָ־
ריטעט האָט ערקלערט די אינטערנאַציאָנאַלע פֿאַר אַן אונגעזעצליכע
אָרגאַניזאַציאָן. נאָר דיזער בעשלוס איז געווען אַ ריין פּלאַטאָנישער, ווייל
די אַרבייטער האָבען פֿערטהיידיגט זייערע רעכטע מיט אַזאַ ענערגיע, אַז
די רעגירונג האָט ניט געהאַט דעם מוטה אָנצוואווענדען שטרייננגע מאַס־
רעגלען. אין מאָנאַט יאַנואַר 1872 האָט דער מיניסטער סאַגאַסטאַ פֿער־
עפֿענטליכט אַ צירקולאַר צו די פּאָליציי־פּרעפֿעקטען פֿון גאַנץ שפּאַניען,
אין וועלכען ער האָט זיי אויפֿגעפֿאָדערט צו פֿערפֿאָלגען די מיטגלידער
פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלע, וועלכע ער האָט אָנגערופֿען אַ „פֿילאָזאָפֿישע
אוטאָפּיע פֿון׳ם פֿערברעכען", די „אָבלייקענונג פֿון גאָט און שטאַאַט,
פֿון פֿאַמיליע און אייגענטהום". אָבער די פֿערפֿאָלגונגען זיינען ניט אים
שטאַנד געווען צו ברעכען די אינטערנאַציאָנאַלע; זי האָט אָבגעהאַלטען
איהר צווייטען קאָנגרעס אין סאַראַגאָסאַ צום טראָץ דעם פֿערבאָט פֿון
דער רעגירונג.

ערשט נאָך דער רעוואָלוציאָן פֿון 1873, נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון
דער יונגער שפּאַנישער רעפּובליק און דעם זיעג פֿון דער רעאַקציאָן,
וועלכע האָט צוריקגעפֿיהרט פֿון דאָס ניי די בורבאָנען אויף דעם שפּאַ־
נישען טהראָן, איז די אינטערנאַציאָנאַלע פֿערשוואונדען פֿון דער עפֿענט־
ליכקייט; אָבער זי האָט געלעבט ווייטער אין די קאָנספּיראַטיווע צירקלען
און גרופּען פֿון די שפּאַנישע אַרבייטער, ביז וואַנען די פֿערהאַסטע
אויסנאַהמע־געזעצע זיינען ווידער געפֿאַלען.

*
* *

וועהרענד דיזער גאַנצער שטורמדיגער פּעריאָדע האָט די שפּאַנישע
אַרבייטער־קלאַסע קיינמאָל קיין אויג ניט אָבגעלאָזט פֿון דעם פּראָבלעם
פֿון ערציהונג און דער פֿרייער שולע. אין אַלע שטערט, וואו נור די
אינטערנאַציאָנאַלע האָט געהאַט גענוג אָנהייננגער, איבערהויפּט אין קאַ־
טאַלאָניען, האָבען די אַרבייטער געגרינדעט בילדונגס־אינסטיטוציאָנען און
פֿרייע שולען פֿאַר ערוואַקסענע און קינדער. אויף דעם קאָנגרעס פֿון
סאַראַגאָסאַ אין 1872 איז די פֿראַגע וועגען דער פֿרייער שולע און דער
אַלזייטיגער ערציהונג געשטאַנען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג. ווען מען

דערמאָהנט זיך, אַז דיזער קאָנגרעס האָט שטאַטנעפֿונען קורץ נאָך דעם ווי דער מיניסטער סאגאַסטאַ האָט אַרויסגעלאָזט זיין שענדליכען צירקולאַר געגען דער אינטערנאַציאָנאַלע, ד. ה. אין אַ פעריאָדע פֿון אָפֿענעם קאמפף; ווען מען דערמאָהנט זיך, אַז אפילו אין אַזאַ געפֿעהרליכער לאַגע, האָבען די שפּאַנישע אַרבייטער ניט פֿערנאַכלעסיגט די ערציהונגס־פֿראַגע, דאַן בעגרייפֿען מיר ערשט ריכטיג די גרויסע קולטור־היסטארישע בעדייטונג פֿון דיזער בעוועגונג.

קראָפּאָטקין בעמערקט זעהר ריכטיג, אַז „ביי די שפּאַנישע אַנאַרכיסטען, וועהרענד די ערשטע יאָהרען פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלע — ד. ה. פֿון 1870 אָן — איז שטענדיג אַ טהייל פֿון די קרעפֿטע געריכטעט געוואָרען אויף די פֿרייע שולע. אַזעלכע שולען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פֿערשידענע שטעדט פֿון קאַטאַלאָניען. יעדעסמאָל, ווען עס האָט געטראָפֿען, אַז אין אינזערע רייהען איז אַריינגעטראָטען אַ געבילדעטער מאַן אָדער פֿרוי, פֿלעגט מען איהם אָדער איהר באַלד איינריכטען אַזאַ שולע אויף דעם בעסטען אופן. פֿערשטעהט זיך, אַז די געצען־דינעריי צום שטאַאַט און רעליגיאָן איז דאָרט געווען אויסגעשלאָסען. אַזעלכע שולען האָבען מיר געהאַט אַן ערך פֿופֿציג.‟

קראָפּאָטקין דערצעהלט אונז ווייטער, אַז נאָך דעם אויפֿשטאַנד פֿון אַלקאָי אין 1873 איז זיינער אַ פֿריינד, דער שפּאַנישער אַנאַרכיסט אַל־באַראַסין, בעהאַלטענערהייט צוריק נאָך שפּאַניען און האָט אונטערריכטעט אין אַזאַ שולע. און אַלבאַראַסין איז ניט געווען דער איינציגער. אפילו אין יענע פֿינסטערע זעקס יאָהר צייט, פֿון 1874 ביז 1880, ווען די גאַנצע שפּאַנישע אַרבייטער־בעוועגונג האָט נור געקענט עקזיסטירען אונטעראירדישערהייט, האָט מען קיינמאָל ניט איגנאָרירט די וויכטיגע אַרבייט פֿון דער ערציהונג.

* * *

מיר האָבען ביז אַהער אויסשליסליך גערעדט וועגען די פֿערזוכע פֿון אַ פֿרייער און ראַציאָנאַליסטישער ערציהונג, וועלכע זיינען דירעקט אַרויסגעוואַקסען פֿון דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפֿט אין שפּאַניען. אָבער דיזע פֿערזוכע זיינען ניט געווען די איינציגע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דיזער ריכטונג. אויך די ליבעראַל־ראַדיקאַלען און רעפּובליקאַנער האָבען געגרינדעט אַ גרעסערע צאָהל פּראָגרעסיווע ערציהונגס־אינסטיטוציאָנען אין אַלע טהיילען פֿון שפּאַניען. זייט דער רעוואָלוציאָן פֿון 1868 זיינען די דאָזיגע פֿערזוכע געוואָרען זעהר פּאָפּולער אין די רייהען פֿון די פּראָגרעסיווע עלעמענטען. אַלע געגנער פֿון דער קירכע

און דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע האָבען געגומען אַן אַנטהייל אין אַזעלכע אונטערנעהמונגען און אין פֿיעלע ערטער זיינען די פּראָגרעסיווע קלובס און פֿאָלקס-הייזער פֿערוואַנדעלט געוואָרען אַלס שולען פֿאַר די קינדער. דאָסזעלבע איז נאָך איצט דער פֿאַל אין שפּאַניען. אין פֿיעלע שטעדט, איבערהויפּט אין קאַטאַלאָניען, האָבען זיך אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען צוזאַמענגענומען, אום צו גרינדען אַן „עסקועלאַ לאַאיקאַ", אַ „וועלטליכע שולע", ד. ה. אַזאַ שולע, וואו אַלע לעהרען פֿון דער קירכליכער און רעליגיעזער מאָראַל זיינען געווען אויסגעשלאָסען. אַנאַרכיסטען, סאָציאַליסטען, פֿריי-דיינקער, סינדיקאַליסטען, רעפּובליקאַנער א.ז.וו. האָבען פֿאָרמירט בעזונדערע קאָמיטעס און פֿעראייניגט זייערע קרעפֿטע, אום צו געבען זייערע קינדער אַ ראַציאָנעלע ערציהונג. אין דיזע שולען זיינען פֿיעלע אַנאַרכיסטען טהעטיג געווען אַלס לעהרער, ווי צ. ב. ש. די גענאָסען כואַן מאָנטסעני און טהערעסאַ מאַניע אין רעאוס, טעדורי פֿאָנס אין באַרצעלאָנאַ, באַרטאָמעו אין גראַסיאַ, סעררא אין סאַן כערוואַסיאָ, מאָנטענעגראָ אין סאַליענט, ווינסענטע גאַרסיאַ אין סעסטאַאָ*) א. ז. וו. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ביי אַלע פֿערפֿאָלגונגען זיינען דיזע לעהרער געווען די ערשטע אָפּפֿער. אַזוי האָבען פֿינף פֿון די אויבען דערמאָהנטע געשמאַכטעט אין די שוידערליכע קאַזעמאַטען פֿון מאָנטכואיטש אין יענער שרעקליכער פּעריאָדע (1896), ווען דער נאָמען פֿון דער „פֿערשאָלטענער פֿעסטונג" איז געלעגען אין די מיילער פֿון גאַנץ אייראָפּאַ, צוליעב דער בעקאַנטער טראַגעדיע פֿון דער מאָדערנער אינקוויזיציאָן. איינער פֿון זיי, כואַן מאָנטסעני, האָט שפּעטער דראַמאַטיזירט זיינע אייגענע ערפֿאַהרונגען און די ערפֿאַהרונגען פֿון זיינע אונגליקליכע קאַמעראַדען אין אַ טראַגעדיע, „על קאַסטיליאָ מאַלדיטאָ", וועלכע איז ערשיענען אין דער „רעוויסטאַ בלאַנקאַ".

* * *

אין 1885 האָבען די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פֿון סאַן פֿעליו דע גיכאָלס געגרינדעט די פֿרייע שולע „לאַ ווערדאַד" (די וואַהרהייט). דיזע שולע עקזיסטירט נאָך איצט און צייכענט זיך אוים דורך איהרע הויך ענטוויקעלטע היגיענישע בעדינגונגען און אַלע אַנדערע איינריכטונגען, וועלכע שטעהען אויף דער העכסטער שטופֿע פֿון דער מאָדערנער ערציהונג. די

*) ביי דיזער געלעגענהייט איז אויך נויטווענדיג צו דערמאָהנען דעם לעהרער כואַן רואיס, וועלכער האָט אונטעררריכטעט אין מעהרערע שולען פֿון אַנדאַלוזיען. רואיס איז אויך געווען דער סעקרעטאַר פֿון דער אַנאַרכיסטישער „אוניאָן דע טראַבאַכאַדאָרעס דעל קאַמפּאָ" און איז שפּעטער צוזאַמען מיט נאָך זיבען קאַמעראַדען גאַראָטירט געוואָרען, זייענדיג דער אָפּפֿער פֿון אַ שענדליכען יוסטיץ-מאָרד.

„הומאַנידאַד נועוואַ" האָט אין 1907 פֿערעפֿענטליכט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון די קינדער, וועלכע בעזוכען דיזע שולע און עס איז אַן אמת'ער פֿערגניגען צו קוקען אויף דיזע פֿרייע, אָפֿענע און אינטעליגענטע געזיכטער. דאָסזעלבע לאָזט זיך זאָגען וועגען די פֿאָטאָגראַפֿיען פֿון די שילער און שילערינען פֿון די פֿרייע שולען אין אַלבעסיראַס און סעסטאַאָ, וועלכע די „רעוויסטאַ בלאַנקאַ" האָט פֿערעפֿענטליכט אין מאָנאַט מערץ 1903. יעדעס געזיכט איז אַ בעזונדערער טיפּ, וועלכער שטעלט פֿאַר מיט זיך אַ בעשטימטען כאַראַקטער. איך האָב זיך אויפֿמערקזאַם צוגעקוקט צו יעדען פּנים'ל בעזונדער און איך האָב צווישען די עטליכע הונדערט קינדער ניט געפֿונען קיין איינציגען טיפּ, וועלכער זאָל אויסדריקען אַ געוויסע גלייכגילטיגקייט אָדער אַ מאַנגעל אין אינטעליגענץ. איך האָב געצייגט די פֿאָטאָגראַפֿיען פֿיעלע פֿון מיינע פֿריינד און אַלע זיינען געקומען צו דעם זעלבען שלום; אַלע האָבען אויך בעמערקט אַ כאַראַקטעריסטישע, אויסערגעוועהנליכע ערנסטקייט אין דיזע סימפּאַטישע קלוגע פּנים'לאַך.

די פֿרייע שולע פֿון פֿעליו דע גיכאַלס שטעהט היינט אַן דער שפּיצע פֿון אַלע אַנדערע ערציהונגס-אינסטיטוציאָנען אין דער דאָזיגער שטאָדט, און קיין אַנדער שולע דאָרטען קען זיך ניט צוגלייכען צו איהר — ניט וואָס אַנבעלאַנגט די פֿעהיגקייטען פֿון איהרע לעהרער און ניט אין בעצוג צו איהרע אַלע איינריכטונגען.

וויליאַם היפֿאָרד האָט אונז געגעבען אַן אינטערעסאַנטען בעריכט איבער אַ גאַנצע רייהע פֿון פּעדאַגאָגישע פֿערזוכע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען פֿון די שפּאַנישע פֿריידיינקער וועהרענד די לעצטע צוואַנציג יאָהר צייט. אין דער „עקאָל רענאָווע" האָט ער איבערגעגעבען די פֿאָלגענדע טהאַטזאַכען:

„דורך אַ גליקליכען צופֿאַל האָט זיך מיר איינגעגעבען צו בעקומען די סטאַטוטען פֿון אַ געוויסער פֿעראייניגונג פֿון פֿריי-דיינקער, וועלכע האָט עקזיסטירט אין 1888 אין מאַדריד אונטער דעם נאָמען „געזעלשאַפֿט פֿון די פֿריינד פֿון פּראָגערס". איבערלייענענדיג דיזען דאָקומענט, האָב איך בעקומען די פֿאָלשטענדיגע פֿערזיכערונג, אַז די גרינדונג פֿון „וועלטליכע שולען" איז געוועזען פֿון אַנפֿאַנג אָן איינע פֿון די וויכטיגסטע פֿראַגען פֿאַר די שפּאַנישע פֿריי-דיינקער.

„אין דעם אַרטיקעל 2 פֿון די איבען דערמאָהנטע סטאַטוטען ווערט אויסדריקליך ערקלעהרט אַלס אַן אויפֿגאַבע פֿאַר דעם פֿעראיין: צו שאַפֿען און אויפֿצוהאַלטען וועלטליכע שולען פֿאַר ביידע געשלעכטער מיט אַלע קלאַסען און אַלע נויטווענדיגע גראַדען. די אַרטיקלען 11 און 12

בעשעפֿטיגען זיך מיט די מאַטעריעלע און אַנדערע בעדינגונגען, אונטער וועלכע די מיטגלידער — יעדעס מיטגליד האָט אַם ווייניגסטענס געמוזט זיין 18 יאָהר אַלט — האָבען געמעגט אַריינטרעטען אין די פֿערשידענע קלאַסען פֿון די שולען.

„די פֿערהאַנדלונגען פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פֿריי-דיינקער קאָנ־גרעס, וועלכער האָט שטאַטגעפֿונען אין 1889 אין פּאַריז, צייגען אונז, אַז אין דיזער פעריאָדע האָט זיך די אַ־בייט פֿון די פֿרייע שולען אין שפּאַניען ריכטיג אָנגעהויבען. אויף דעם קאָנגרעס זיינען פֿערטראָטען געווען העכער זעכציג שפּאַנישע אָ־גאַניזאַציאָנען און דער רעפּאָרט, וועלכען דער בעריהמטער שפּאַנישער געאָגראַף דר. אָדאָן דע בוען האָט פֿאָרגעלייענט דעם קאָנגרעס, האָט אונז געצייגט, אַז אין יענער צייט האָבען עקזיסטירט מעהר ווי זעכציג צייטונגען אין שפּאַניען, וועלכע האָבען סימפּאַטיזירט מיט דעם פֿרייען געדאַנק; און דר. דע בוען האָט אויסדריקליך ערקלעהרט, דאָס איינע פֿון די וויכטיגסטע אַרבייטען פֿון דעם פֿריי־דיינקערטהום אין שפּאַניען איז די אונטערשטיצונג פֿון דער וועלטליכער ערציהונג.

„וויטער ערקלערט אונז דר. אָדאָן דע בוען אין זיין בעריכט, אַז מעהרערע פֿריי דיינקער־פֿעראיינען אונטערשטיצען וועלטליכע שולען און ער האָט נאָך צוגעזעצט, אַז ניט לאַנג צוריק האָט מען געשאַפֿען אַ מאָ־על־שולע אין גיאַדאַלאַכאַראַ מיט דעם געלד, וועלכעס אַ געוועזענער אָפֿיציר פֿון דער שפּאַנישער אַ־מעע, פֿיליפּע ניעטאָ, האָט איבערגעלאָזט בירושה צו דיזען צוועק. צום שלוס איז נאָך צו דערמאָהנען די מאַדרידער געזעלשאַפֿט „על פּענסאַמיענטאָ" (דער געדאַנק), וועלכער האָט אין 1900 פֿערעפֿענטליכט אַ מין פּרינציפּען־ערקלערונג, וועלכע ענטהאַלט אין זיך עהנליכע אויפֿגאַבען, ווי די פֿון די אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנען, פֿון וועלכע מיר האָבען פֿריהער גערעדט. אין דעם אַרטיקעל 1 פֿון די סטאַטוטען פֿון דעם פֿעראיין „על פּענסאַמיענטאָ" לעזען מיר, אַז דער ציעל פֿון דער פֿעראייניגונג איז צו אונטערשטיצען די וועלטליכע ערציהונג דורך דער גרינדונג פֿון נייע בילדונגס־אינסטיטוציאָנען און געבענדיג מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילפֿע די יעניגע, וועלכע עקזיסטירען שוין. אין דער־זעלבער צייט האָט דיזע אָרגאַניזאַציאָן אויך פֿערזוכט צו ווירקען אויף דער רעגירונג, כדי זי זאָל מאָדיפֿיצירען דעם געזעץ וועגען דער ערציהונג און אויסשליסען יעדען רעליגיעזען אונטערריכט אין די אָפֿיציעלע שולען". *)

* * *

---

L'Ecole renovee, 15 Juin 1908; W. Heaford, L'Ecole moderne.

די היסטאָרישע פֿאַקטען, אויף וועלכע מיר האָבען אָנגעדייטעט אין די לעצטע צוויי קאַפּיטלען, בעווייזען אונז, אַז פֿראַנסיסקאָ פֿעררער איז ניט געווען דער גרינדער פֿון די ערשטע פֿרייע שולען אין שפּאַניען, אַזוי ווי עס איז אָפּטמאָל בעהויפּטעט געוואָרען פֿון איבערפֿלעכליכע ציימונגס־שרייבער, וועלכע האָבען מייסטענטהיילס ניט די קלענסטע פֿאָרשטעלונג פֿון די סאָציאַלע צושטענדע און בעוועגונגען אין דיזען לאַנד.

די גרויסע היסטאָרישע בעדייטונג פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער בע־שטעהט אין דעם, וואָס ער האָט פֿערזוכט, און מיט ערפֿאָלג פֿערזוכט, צו פֿעראייניגען די עקזיסטירענדע שולען, צו געבען זיי אַ פֿעסטען פֿונ־דאַמענט און די מעגליכקייט פֿון אַ סיסטעמאַטישער ענטוויקלונג. פֿעררער האָט די פֿראַגע פֿון דער קינדער־ערציהונג אויפֿגעפֿאַסט פֿיעל טיעפֿער און ברייטער ווי די מייסטע פֿון זיינע פֿאָרגענגער. די „מאָדערנע שולע", וועלכע ער האָט געשאַפֿען, און וועלכע איז באַלד געוואָרען אַ מאָדעל פֿאַר אַלע אַנדערע „וועלטליכע שולען" אין שפּאַניען, איז ניט בלויז גע־ווען אַ גרויסע מהאַט פֿאַר שפּאַניען, נאָר פֿאַר גאַנץ אייראָפּאַ, פֿאַר די גאַנצע מאָדערנע קולטור־וועלט. פֿאַר פֿעררער איז דאָס קינד ניט געווען אַ מין מעדיום פֿאַר פּעדאַגאָגישע עקספּערימענטען, נאָר אַ פּערזענליכ־קייט, אַ כאַראַקטער, וועלכען דער לעהרער דאַרף גרינדליך שטודירען, אום אויסצוגעפֿינען דעם נאַטירליכען וועג פֿאַר זיין נאָרמאַלע און זעלבסט־שטענדיגע ענטוויקלונג. פֿאַר פֿעררער איז די שולע ניט געווען אַ פּלאַץ, וואו מען דרעסירט יונגע חיות, אַ פּלאַץ, וואו מען טויטעט די אינדיווי־דואַליטעט און צושטערט דעם כאַראַקטער פֿון דעם יונגען דור, אָנשטאָ־פּענדיג די יונגע מוחות מיט די ברעקלאַך פֿון אַ פֿייגער, היפּאָקריטישער מאָראַל, וועלכע איגנאָרירט יעדע אמת'ע מענשליכקייט און דערשטיקט דעם גייסט פֿון פֿרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט; מיט איין וואָרט, פֿאַר פֿעררער איז די שולע ניט געווען די גייסטיגע קאַזאַרמע, וואו מען שאַפֿט דיס־ציפּלינירטע און לאָיאַלע בירגער פֿאַר דעם שטאַאַט און געהאָרכזאַמע לוין־שקלאַפֿען פֿאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען רעזשים, נאָר אַ טעמפּעל פֿון פֿרייהייט, שעהנהייט, ליכט און מענשען־ליעבע, אַ פּלאַץ, וואו מען דאַרף פֿאָרזיכטיג בעריהרען די פֿיינסטע און אינטימסטע סטרונעס פֿון די יונגע נשמות און זיי בעפֿרוכטען מיט די נאָבעלסטע און ערהאַבענסטע אידעען און געפֿיהלען, וועלכע דער מענשליכער גייסט האָט ביז איצט דערגרייכט. קיינע געהאָרכזאַמע און פֿייגע שקלאַפֿען, נאָר פֿרייע מענער און פֿרויען האָט ער געוואָלט ענטוויקלען, מענשען, וועלכע ליעבען דאָס לעבען, די פֿרייהייט און די ברידערליכע פֿעראייניגונג; קיינע טרוקענע געלעהרטע

און „ספעציאַליסטען", וועמען דער שטויב פון די ביכער האָט פערשטויבט די נשמות, נאָר מענשען מיט אידעאַלען אין די מוחות און הערצער, מענשען מיט מוטה, בעגייסטערונג און לעבענס-קראַפט, מענשען, וועלכע ליידען, זעהענדיג, ווען אַנדערע ליידען און וועלכע פרעהען זיך, ווען אַנדערע זיינען גליקליך און ליעבען דאָס לעבען.

אָט דאָס איז געווען דאָס גרויסע ציעל, די לעבענס-אויפגאַבע פון פראַנסיסקאָ פעררער, דעם מאַן, וועלכער האָט אַוועקגעגעבען זיין לעבען פאַר זיין ווערק און פון דיזען מאַן און דיזען ווערק וועלען מיר רעדען אין די פאָלגענדע קאַפיטלען.

## IV.

# פראַנסיסקאָ פעררער אי גאַרדיאַ.

פראַנסיסקאָ פעררער אי גאַרדיאַ*) איז געבאָרען געוואָרען דעם 10טען יאַנואַר 1859 אין דעם דערפעל אַלעליאַ אַן ערך דריי שטונדען פון באַרצעלאָנאַ. דער פאָטער זיינער איז געוועזען איינער פון יענע קליינע וויין־בויערן, וועלכע זיינען אין יענער געגענד פון קאַטאַלאָניען אַזוי צאָהל־רייך. ס'איז אַ שעהן שטיקעל ערד, דאָס דערפעל אַלעליאַ, איינער פון יענע שטילע, פרידליכע ערטער אין אַ שעהנעם טהאָל אַרומגערינגעלט פון וויין־בערג און אָראַנזשען־בוימער. טראָץ דער נאָהנטקייט פון באַר־צעלאָנאַ, דער הויפט־שטאָדט פון קאַטאַלאָניען, וועלכע האָט איבערגע־לעבט מעהר אויפשטענדע, רעוואָלוציאָנען און באַריקאַדען־שלאַכטען ווי יעדע אַנדערע שטאָדט אין אייראָפאַ — פאַריז ניט אויסגענומען — האָבען די נייע אידעען, פאַר וועלכע מען האָט געקעמפפט אין שפאַניען פאַר די לעצטע הונדערט יאָהר צייט, געפונען אַ זעהר שוואַכען אָבקלאַנג אין יענעם שטילען טהאָל, וואו דער מערטירער פון מאָנטכואיטש האָט צום ערשטען מאָל דערבליקט דאָס ליכט פון דער וועלט. פעררער'ס עלטערן זיינען געוועזען גוטע קאַטהאָליקען און אָנהייננער פון דער מאָ־נאַרכיע און די ערציהונג, וועלכע פראַנסיסקאָ און זיינע צאָהלרייכע ברי־דער און שוועסטער האָבען בעקומען, איז געוועזען אַ שטריינג רעליגיעזע.

דער קליינער פראַנסיסקאָ איז געוועזען אַ קינד מיט אויסערגעוועהנליך צאַרט ענטוויקעלטע געפיהלען, אַ פערטראַכטער, רוהיגער כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך צוגעפאַסט אין יעדער בעציהונג צו די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציאָנען פון זיין פאַמיליע. ער האָט אויסגעפיהרט אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט און איבערגעבענהייט, פונקט פערקעהרט ווי זיין ברודער כאָסע, וועלכער האָט קיינמאָל ניט

---

*) גאַרדיאַ איז געוועזען דער פאַמיליען־נאָמען פון פעררער'ס מוטער. פיעלע שפאַ־ניער, פאָלגענדיג אַן אַלטען מנהג, זעצען צו צו זייער פאָטערס נאָמען דעם נאָמען פון דער מוטער.

בעוויזען קיין גרויסען רעספּעקט פֿאַר די הייליגע לעהרען פֿון דער קירכע; און ווען ער איז צעהן יאָהר אַלט געווען, האָט ער בעלאַנגט צום כאָר פֿון דער קירכע אין זיין דערפֿעל. די גאַנצע קינדער־יאָהרען פֿון דעם גרויסען ערציהער זיינען געווען אַזוי שטיל און פֿרידליך, אַזוי פֿריי פֿון אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונגען, ווי עס קען נאָר זיין דער פֿאַל אין אַזעלכע בעהאַלטענע ווינקלאַך ווי דאָס דערפֿעל אַלעליאַ.

ווען פֿראַנסיסקאָ איז געווען אַ אינגעל פֿון דרייצעהן יאָהר אַלט, האָבען איהם זיינע עלטערן אַוועקגעגעבען אין דער לעהרע צו אַ טוך הענדלער אין באַרצעלאָנאַ. פֿאַר פֿראַנסיסקאָ איז דאָס געווען דער אָנ־פֿאַנג פֿון אַ נייער פּעריאָדע אין זיין לעבען. די רעוואָלוציאָנערע שטאָדט מיט איהרע טעמפּעראַמענטפֿאָלע און פֿריי־געזאָנענע איינוואוינער, דאָס רוישענדע קאָכעדיגע לעבען מיט זיינע אונצעהלבאַרע קאָלירען און פֿאַר־מען האָט געמוזט מאַכען אַ טיעפֿען איינדרוק אויף די רייכע פֿאַנטאַזיע פֿון דעם אינגעל, וועלכער האָט פּלוצלינג דערפֿיהלט דעם אונגעהייערען נעגענזאַץ צווישען צוויי פֿערשידענע וועלטען: פֿון דער וועלט, וועלכע ער האָט גראָד וואָס פֿערלאָזען און דער וועלט, אין וועלכער ער איז ערשט אריינגעטראָטען.

דער בעל־הבית זיינער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער פֿריי־דיינקער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט פֿיעלע פֿערפֿאָלגונגען פֿון די קלע־ריקאַלען. ער האָט באַלד ליעב געקראָגען דעם יונגען פֿראַנסיסקאָ. די נאַטירליכע אינטעליגענץ, די לופּט צו אַרבייטען און די רייכע פֿאַנטאַזיע פֿון דעם אינגעל האָבען אַרויסגערופֿען די סימפּאַטהיע פֿון דעם אַנטי־קלעריקאַלען געשעפֿטס־מאַן און ער האָט איהם ביסלעכווייז בעקאַנט געמאַכט מיט זיינע אידעען און אַנשויאונגען. דער יונגער פֿעררער האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו זיינע ווערטער און אַ גאַנץ נייע וועלט האָט זיך ביסלעכווייז אויפֿגעעפֿענט פֿאַר זיינע אויגען.

דאָס פֿרידליכע דערפֿעל אַלעליאַ מיט זיינע רוהיגע, פֿון דער וועלט פֿערגעסענע איינוואוינער, וועלכע האָבען נאָך אימער געלעבט אין אַ פֿער־גאַנגענער עפּאָכע, וויים פֿון׳ם עפֿענטליכען לעבען מיט זיינע טעגליכע קעמפּפֿע, זיינע נייע אידעען, זיינע חלומות און האָפֿנונגען פֿאַר דער צוקונפֿט, דאָס אַלעס האָט פֿאַר איהם איצט בעקומען אַ גאַנץ אַנדערן אויסזעהן. די וועלט, דאָס לעבען, די מענשען האָבען זיך פֿאַר איהם אָבגעשפּיגעלט אין גאַנץ נייע קאָלירען און געשטאַלטען און די אינערליכע בייגקענים צו דערקענען דאָס אונבעקאַנטע, די אַלע דונקעלע פּראָבלע־מען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען מוטשען זיין מוח, איז געוואָרען ביי

איהם אַלץ שטאַרקער און מעכטיגער. פראַנסיסקאָ האָט זיך גענומען צו די ביכער און דער בעל־הבית זיינער האָט איהם אונטערשטיצט, וויפיעל ער האָט נור געקענט. יעדע פרייע שטונדע איז אויסגענוצט געוואָרען אויף צו לערנען. די אויסערגעוועהנליכע ענערגיע און דער שטאַרקער ווילען, יענע צוויי טיפּישע אייגענשאַפטען פון פראַנסיסקאָ'ס כאַראַקטער, האָבען איהם זעהר פיעל געהאָלפען אויסצואַרבייטען זיינע אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען און צו פערפאָלקאָמענען זיינע קענטניסע.

די יאָהרען זיינען אַדיבער, קוים וואָס פראַנסיסקאָ האָט עס בעמערקט. דער האָריזאָנט פון זיין גייסטיגער ערקענטניס איז געוואָרען ברייטער און ברייטער און אַלץ דייטליכער האָט ער געפיהלט און פערשטאַנען דעם מורא'דיגען איינפלוס פון יענער פינסטערער מאַכט, וועלכע איז געוועזען פאַר הונדערטער און הונדערטער יאָהרען און איז נאָך היינט דער פלוך פאַר שפּאַניען און דאָס שפּאַנישע פאָלק. ער האָט פערשטאַנען, אַז די קירכע און איהר פּאָליטישער אינסטרומענט — די קלעריקאַלע מאָנאַרכיע, זיינען די ביטערסטע שונאים פון יעדער גייסטיגער און מאָראַלישער ענטוויקלונג, די געוויסענלאָזע אויסבייטער פון דער נאַציאָן, די שטענדיגע פעראורזאַכער פון יעדער פיזישער און גייסטיגער שקלאַפעריי.

ער האָט שטודירט די געשיכטע פון זיין לאַנד, דיזע לאַנגע און בלוטיגע טראַגעדיע, וועלכע איז אָנגעשריבען געוואָרען מיט דעם הערצענס־בלוט פון די עדעלסטע און בעסטע מענער, וועלכע שפּאַניען האָט אַרויסגעגעבען. דער גיגאַנטישער קאַמפּף פון דער שפּאַנישער יוגענד געגען דעם גרויזאַמען דעספּאָטיזם פון דער קירכע און מאָנאַרכיע, פון יענער העלדישער יוגענד, וועלכע האָט זיך פערקערפּערט אין די אונשטערבליכע געשטאַלטען פון ריעגאָ, סיקסטאָ קאַמאַראַ, מאָרענאָ רואיס, אַבדאָן דע טעררעראַס, קאַראַ, דע אַלמאַ, ראַמאָן דע קאַלאַ, גיליעס, פּאַבלאָ אַנגולאָ, פערמין סאַלוואָטשעאַ און נאָך פיעלע אַנדערע, האָט געמאַכט אַ טיפען איינדרוק אויף דעם יונגלינג און זיין נאָבעלעס הערץ האָט זיך עמפּערט געגען די פינסטערע מעכטע, וועלכע האָבען אונטערדריקט זיין פאָלק מיט גרויזאַמער ברוטאַליטעט.

* * *

ווען פראַנסיסקאָ איז אַלט געווען צוואַנציג יאָהר, איז ער געווען אַן איבערצייגטער רעפּובליקאַנער. אין דער ערשטער צייט איז זיין רעפּובליקאַניזם געווען אַ ריין פּלאַטאָנישער; ער האָט נאָך ניט גענומען קיין פּראַקטישען אַנטהייל אין דער רעפּובליקאַנישער בעוועגונג, נאָר ער איז געווען איינשטימיג מיט איהרע ציעלען און שטרעבונגען. פאַר אַ קורצע

צייט געפינען מיר איהם ווידער אין דעם פריינדליכען דרפעל אלעליא אין קרייז פון זיין פאמיליע; אבער די בעציהונגען זיינען ניט מעהר געווען ווי אמאל. פראנסיסקא איז געווען א פרעמדער אין דיזען קרייז, וועלכער איז נאך אלץ בעהערשט געווארען פון דיזעלבע רעליגיעזע און מאנארכיסטישע טראדיציאנען. די עלטערן האבען ניט געוואלט וויסען פון די נייע אידעען, וועלכע פראנסיסקא האט געבראכט מיט זיך פון בארצעלאנא און דער יונגער רעבעל האט זיך שוין מעהר ניט געקענט אונטערווארפען צו דער אויטאריטעט פון די עלטערן. ס'איז געווען איינע פון יענע בעקאנטע טראגעדיעס צווישען „פאטערס און זיהן", וועלכע האט זיך געענדיגט ווי די מייסטע פון דיזע טראגעדיעס: פראנסיסקא האט פערלאזען זיין פאמיליע און איז ווידער אוועק קיין בארצעלאנא.

דארטען האט ער אנגענומען א פלאץ אלס אינספעקטאר פון אן אייזענבאהן-קאמפאניע אין נארד שפאניען. אין יענער צייט האט זיך אנגעפאנגען די רעוואלוציאנערע פעריאדע אין פערערער'ס לעבען. ער האט געפיהלט, אז די פלאטאנישע סימפאטהיע מיט א געוויסען אידעאל איז ניט גענוג, מען דארף אויך צולייגען א האנד, אום צו געבען דעם אידעאליזם א פראקטישע בעדייטונג. און פערערער האט צוגעלייגט א האנד; ער האט איינגעשטעלט זיין עקזיסטענץ, זיין לעבען פאר זיין אינערליכע איבערצייגונג און האט אבגעגעבען זיין גאנצע קראפט פאר דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג.

אין יענער צייט — ס'איז געווען אין אנפאנג פון די אכציגער — איז שפאניען דורכגענומען געווארען פון א פיבערהאפטער שטימונג. מאנועל רואיס סאררילא, דער פיהרער פון דער פראגרעסיסטיש-רעפובליקאנישער פארטיי, האט געמאכט פארבערייטונגען פאר א נייעם אויפשטאנד. סאררילא איז געווען איינער פון די הויפט-פיהרער פון דער שפאנישער רעוואלוציאן אין 1868 און וועהרענד דער קורצער צייט פון אמאדעא'ס רעגירונג האט ער פערטראטען דעם פלאץ אלס מיניסטער פון'ם עפענטליכען אונטערריכט. נאך דער פראקלאמאציאן פון דער שפאנישער רעפובליק אין 1873 האט זיך סאררילא צוריקגעצויגען פון'ם פאליטישען לעבען און איז אוועק נאך פאריז. אבער די יונגע רעפובליק האט ניט לאנג עקזיסטירט און נאך דער אונטערדריקונג פון דער קאמונאליסטישער בעוועגונג דורך די רעאקציאנערע גענעראלען קאמפאס און פאוויא, האט די מאנארכיסטיש-קלעריקאלע רעאקציאן ווידער געהאט א פרייע האנד. קאנאוואס דעל קאסטיליא, מיט דער הילפע פון די מיליטערישע היינקער פאוויא און מארטינעס קאמפאס, האט צוריקגערופען

די פֿערהאַסטע בורבאָנען אויף דעם שפּאַנישען קעניגס־טראָהן און באַלד דערנאָך האָט זיך ווידער פֿערשפּרייט אַ שרעקליכע רעאַקציאָן איבער גאַנץ שפּאַניען.

סאָררילא, וועהענדיג, אַז די רעאַקציאָן טריאומפֿירט איבעראַל, האָט זיך ניט לענגער געקענט צוריקהאַלטען. ער האָט זיך פֿון דאָס ניי אַריינגעוואָרפֿען אין דער פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערער אַרענא, אום צו בעקעמפֿען די בורבאָנישע מאָנאַרכיע. סאָררילא איז צוריק נאָך שפּאַניען און האָט דאָרטען געגרינדעט די פּראָגרעסיסטיש־רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, די איינציגעווירקליך רעוואָלוציאָנערע פֿראַקציאָן פֿון דעם שפּאַנישען רעפּובליקאַניזם אין יענער צייט.

די גאַנצע פּעריאָדע פֿון 1875 ביז 1886 איז געווען אַ פּעריאָדע פֿון רעפּובליקאַנישע פֿערשווערונגען און אונטעראירדישע טהעטיגקייטען, פֿון וועלכע סאָררילא איז געווען דער וויכטיגסטער איניציאַטאָר. סאָררילא האָט פֿערזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו בעאיינפֿלוסען די אַרמעע מיט רעפּובליקאַנישע אידעען. די אַרמעע איז זעהר אָפֿט געווען די טרעגערין פֿון די פּראָגרעסיווע אידעען אין שפּאַניען און דערפֿאַר איז סאָררילא׳ס אונטעראירדישע טהעטיגקייט ניט געווען אומזיסט. מען האָט געגרינדעטע געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציאָנען און אָנגעפֿיהרט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די סאָלדאַטען. וועהרענד די לעצטע יאָהרען פֿון אַלפֿאָנסאָ דעם 12טען׳ס רעגירונג האָט דיזע בעוועגונג בעקומען אַ געפֿעהרליכע בעדייטונג פֿאַר דער מאָנאַרכיע. די פֿיהרער האָבען נור געוואַרט אויף אַ גינסטיגען מאָמענט, אום אויפֿצוהויבען די פֿאָהן פֿון אויפֿשטאַנד.

* * *

אָט אין דיזער חייסער און פֿיבערהאַפֿטער פּעריאָדע איז פֿראַנסיסקאָ פֿעררער אַריינגעטראָטען אין דער בעוועגונג. ער האָט געאַרבייט אין די געהיימע גרופּען און זיין ענערגיע, זיין איבערגעבענהייט און עהרליכקייט האָבען איהם באַלד פֿערשאַפֿט דעם צוטרוי פֿון סאָררילא. ער איז אימער נאָך געווען אַן אינספּעקטאָר פֿון דער אויבען דערמאָהנטער אייזענבאַהן־קאָמפּאַניע און זיין שטעלונג האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו שאַפֿען רעגעלמעסיגע פֿערבינדונגען צווישען די געהיימע גרופּען אין די פֿערשידענע שטעדט און צו פֿערמיטלען זייערע געגענזייטיגע בעציהונגען.

דעם 25סטען נאָוועמבער 1885 איז אַלפֿאָנסאָ דער 12טער געשטאָרבען און מאַריאַ־קריסטינאַ, די מוטער פֿון דעם איצטיגען קעניג

האָט איבערגענומען די רעגירונג. פֿאַר די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי איז דאָס געווען אַ גינסטיגער מאָמענט. מאַריאַ-קריסטינאַ האָט ניט געהאַט קיין שום סימפּאַטהיע ביי דער בעפֿעלקערונג. דער אינטריגאַנטער כאַ־ראַקטער און דער פֿינסטערער פֿאַנאַטיזם פֿון דיזער פֿרוי האָבען איהר פֿערהאַסט געמאַכט ביי די מאַסען; זי איז געווען אין יעדער בעציהונג אַ װערקצייג פֿון די גלחים און מאָנאַכען.

סאָררילאַ און זיינע פֿריינדע האָבען בעשלאָסען צו פֿערזוכען אַ „פּראָנונסיאַמיענטאָ”, אַ בעוואַפֿענטען אויפֿשטאַנד, אום צו פֿערניכטען די מאָנאַרכיע און צוריק איינצופֿיהרען די רעפּובליק אין שפּאַניען. דער פּלאַן איז געווען אַרויסצורופֿען רעוואָלטען אין פֿערשיעדענע טהיילען פֿון שפּאַ־ניען, אין קאַטאַלאָניען, וואַלענסיאַ, אַנדאַלוזיען און צולעצט אין מאַדריד גופא, וואו דער גענעראַל וויליאַקאַמפּאַ איז געווען די נשמה פֿון די פֿער־שווערער.

אָבער אַלע דיזע פֿערזוכע זיינען באַלד אונטערדריקט געוואָרען. אין דער נאַכט פֿון 18טען סעפּטעמבער 1886, ווען די קעניגין און דער מי־ניסטער־פּרעזידענט סאַגאַסטאַ האָבען פֿערלאָזען מאַדריד, האָט זיך אָנ־געהויבען דער אויפֿשטאַנד אין דער קאַזאַרמע פֿון סאַן כיל. 85 קאַוואַ־לעריסטען פֿון דעם רעגימענט אַלבוערא און 180 אינפֿאַנטעריסטען פֿון דעם רעגימענט גואַדעליאַ האָבען פּלוצלינג פֿערלאָזען די קאַזאַרמע און זיינען אַרויס אין גאַס, שרייענדיג: „עס לעבע די רעפּובליק! עס לעבע סאַלמעראָן!” *) איינינע אָפֿיצירען און אונטעראָפֿיצירען מיט וויליאַקאַמפּאַ אָן דער שפּיצע האָבען אָנגעפֿיהרט די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען. די רעבעלען האָבען צוערשט מאַרשירט נאָך דער קאַזאַרמע פֿון די אַרטי־לעריסטען, אום זיי צו געווינען פֿאַר דעם אויפֿשטאַנד. אָבער דער גו־בערנאַטאָר פֿון מאַדריד, גענעראַל פּאַוויאַ, האָט אויף גיך פֿעראייניגט די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען קיין אַנטהייל ניט גענומען אין דעם אויפֿ־שטאַנד און האָט פֿערפֿאָלגט די רעבעלען. לעבען וואַקזאַל דעל סוד האָט ער זיי אָנגעיאָגט און זיי אויפֿגעפֿאָדערט, זיי זאָלען אַוועקלייגען די גע־וועהר און זיך אונטערגעבען. די רעבעלען האָבען איהם געענטפֿערט מיט אַ סאַלווע. נאָר זעהענדיג, אַז די אַרטילעריסטען האַלטען זיך רוהיג און אַז זיי האָבען ניט צו רעכנען אויף קיין שום הילפֿע, האָט מען אויס־געגעבען די פּאַראָלע, אַז יעדער איינציגער זאָל זעהן צו ראַטעווען זיך

*) סאַלמעראָן איז געווען איינער פֿון די פּרעזידענטען פֿון דער שפּאַנישער רע־פּובליק און איינער פֿון די הויפּט-פֿיהרער פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי.

ווי ער קען נאָר. אַ הונדערט פֿון זיי זײַנען אַוועקגעפֿאָהרען מיט אַ צוג און האָבען זיך צושפּרייט אין דער אומגעגענד פֿון מאַדריד. די מייסטע פֿון זיי זײַנען שפּעטער אַרעסטירט געוואָרען.

די רעגירונג האָט באַלד פּראָקלאַמירט דעם קריעגס-צושטאַנד און אַרעסטירט אַן ערך פֿופֿציג פֿיהרער פֿון סאָררילִיאַ'ס פּאַרטיי. ווילִיאַקאַמפּאַ איז אַרעסטירט געוואָרען דעם 23סטען סעפּטעמבער אין דעם דערפֿעל נאָבלעכאָס אין דער פּראָווינץ טאָלעדאָ. דאָס קריעגס-געריכט האָט איהם פֿעראורטהיילט צום טויט, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע אָפֿיצירען און ציווילִיסטען. אָבער די עפֿענטליכע מיינונג האָט אָנגעהויבען שטאַרק פּראָטעסטירען געגען דעם בלוט-אורטהייל און די קעניגין האָט איבערגעביטען דעם טויטעס-אורטהייל אויף אייביגע פֿערשיקונג. די פֿעראורטהיילטע זײַנען שוין געזעסען אין דער „שוואַרצער קאַפּעלע", ערוואַרטענדיג דעם טויט, ווען עס איז פּלוצלינג אָנגעקומען די „בעגנאַדיגונג".

ווילִיאַקאַמפּאַ איז פֿערשיקט געוואָרען נאָך דעם גיהנם פֿון פֿערנאַנדאָ פּאָ, וואו דער מערדערישער קלימאַט האָט איהם באַלד געטויטעט. —

פֿעררער און זײַנע קאַמעראַדען האָבען אויפֿגעהויבען די פֿאָהן פֿון אויפֿשטאַנד אין דעם קאַטאַלאָנישען שטעדטעל סאַנטאַ-קאָלאָמאַ דע פֿאַרנעס, אָבער אויך דיזער פֿערזוך איז זעהר שנעל אונטערדריקט געוואָרען. דערזעלבער רעזולטאַט איז געווען אין אַנדערע פּלעצער. מיט איין וואָרט: דער גאַנצער פֿערזוך פֿון סאָררילִיאַ און זיין פּאַרטיי, אַרויסצורופֿען אין שפּאַניען אַן אַלגעמיינע רעוואָלוציאָן, האָט זיך געענדיגט מיט אַ פֿאָלשטענדיגען פֿיאַסקאָ.

פֿעררער, וועלכער איז שטאַרק קאָמפּראָמיטירט געווען, האָט אויף גיך פֿערלאָזען שפּאַניען און איז אַוועק נאָך פּאַריז.

## V.

# פֿעררער אין פּאַריז.

אויך רואיס סאָררילִיאַ האָט זיך בעזעצט אין פּאַריז נאָך דער לעצטער מפּלה, וועלכע זיין פּאַרטיי האָט געקראָגען אין שפּאַניען, און פֿעררער איז געווען זיין פּאָליטישער סעקרעטאַר די גאַנצע צייט ביז דעם טאָג, ווען דער רעפּובליקאַנישער פֿיהרער האָט ווידער אויפֿגעזוכט די אַלטע היימאַט, אום דאָרט צו שטאַרבען.

אין פּאַריז האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ נייער קאַפּיטעל אין פֿעררער'ס לעבען. די פֿראַנצויזישע הויפּט־שטאָדט איז שטענדיג געווען דער גייסטיגער צענטער פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע און פּראָגרעסיווע אידעען און אַ מאַן ווי פֿעררער האָט דאָרטען געמוזט געפֿינען גענוג און נענוג געלעגענהייטען פֿאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג פֿון זיינע פּאָליטישע און סאָציאַלע אַנשויאונגען.

די ערשטע צייט איז פֿאַר איהם אפילו ניט געווען קיין גלענצענדע. אַזוי ווי אַלע פּאָליטישע עמיגראַנטען האָט אויך פֿעררער געמוזט איבערלעבען אַ פּעריאָדע פֿון מאַטעריעלע און מאָראַלישע ליידען, וועלכע ערוואַרטען יעדען פֿערפֿאָלגטען אין אויסלאַנד, ווען ער איז ניט צופֿעליגערווייזע אַ קאַפּיטאַליסט. ער האָט געדאַרפֿט אָנפֿיהרען אַ ביטערען קאַמפּף, אום צו פֿערדינען זיין שטיקעל ברויט, אָננעהמען די פֿערשידענסטע שטעלונגען און עס זיינען אַריבער עטליכע יאָהר צייט, איידער עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו געפֿינען אַ שטעלונג אַלס שפּראַך־לעהרער אין דער פּאָליטעכנישער שולע אין פּאַריז.

אין די ערשטע יאָהרען, וועלכע פֿעררער האָט איבערגעלעבט אין פּאַריז, האָט ער פֿאָרטגעזעצט מיט זיין גאַנצער ענערגיע און איבערגעבענהייט די געפֿעהרליכע אַרבייט, וועלכע האָט איהם געצוואונגען צו פֿערלאָזען די היימאַט. צוזאַמען מיט סאָררילִיאַ האָט ער פֿערזוכט ווייטער צו פֿעראייניגען די צושפּרייטע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, וועלכע די רעאַקציאָן האָט ניט אויסגעפֿונען און צו שאַפֿען אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אין שפּאַניען. דיזע אַרבייט איז געווען

זעהר אַ שווערע, נאָר ביסלעכוויז האָבען זיך ווידער ענטוויקעלט די נויט־ווענדיגע קאָנספּיראַטיווע פֿערבינדונגען צווישען די רעפּובליקאַנער אין דער היימאַט און די פֿערפֿאָלגטע אין אויסלאַנד.

פֿעררער איז זאָגאַר עטליכע מאָל געווען אין שפּאַניען אין יענער צייט, אום דאָרטען צו ווירקען פֿאַר זיינע אידעען; אויך האָט ער דאָמאָלס איבערזעצט אייניגע אַנטיקלעריקאַלע שריפֿטען, וועלכע זיינען באַלד דער־רויף ערשינען אין שפּאַניען.*)

אין דערזעלבער צייט האָט פֿעררער ניט פֿערנאַכלעסיגט זיין אייגענע גייסטיגע ענטוויקלונג. ער האָט געלערנט און שטודירט די פֿערשידענע צווייגען פֿון דער וויסענשאַפֿט און האָט בערייכערט זיינע קענטניסע אין יעדער בעציהונג. זיינע צאָהלרייכע פֿערבינדונגען מיט דער רעוואָלוציאָנער־רער וועלט פֿון פּאַריז האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפֿלוס אויף זיינע געדאַנקען און אינערליכע איבערצייגונגען. די אינטימע פֿריינדשאַפֿט, וועלכע האָט איהם פֿערבונדען מיט עליע און עליזע רעקלו, שאַרל מאַ־לאַטאַ, זשאַן גראַוו, נאַקע און אַנדערע דיינקער און טהעאָרעטיקער פֿון דער אַנאַרכיסטישער לעהרע, האָט שטאַרק געווירקט אויף זיינע אַלטע רעפּובליקאַנישע און אַנטי־רעליגיעזע אַנשויאונגען. ער האָט אָנגעהויבען פֿיהלען די גרויסע בעדייטונג פֿון דער סאָציאַלער פֿראַגע און זיין קלאָרער פֿערשטאַנד האָט איהם געזאָגט, אַז די פּאָליטישע שקלאַפֿעריי איז ניט מעהר ווי אַ טהייל פֿון דער גרויסער אַלגעמיינער קנעכטשאַפֿט, וועלכע מאַניפֿעסטירט זיך אויף אַלע געביטען פֿון׳ם מענשליכען לעבען. די טעג־ליכע ערפֿאַהרונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט אין די רעפּובליקאַנישע פֿראַנקרייך, האָבען איהם פֿאָלשטענדיג איבערצייגט, אַז די רעפּובליק איז קיין גאַראַנטיע ניט פֿאַר דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער רענעסאַנס פֿון די פֿערשקלאַפֿטע מאַסען.

צוויי שריפֿטשטעלער זיינען עס געווען, וועלכע האָבען געהאַט דעם גרעסטען איינפֿלוס אויף פֿעררער׳ס גייסטיגע ענטוויקלונג אין יענער צייט — עליזע רעקלו און פּעטער קראָפּאָטקין. זייערע שריפֿטען האָבען איהם פֿערענטפֿערט די מייסטע פֿראַגען, וועלכע האָבען געמוטשעט זיין מוח

*) Un Martyr des Prêtres, Franciseo Ferrer — sa vie — son oeuvre. Paris.

דיזע בראָשורע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פֿון דעם פּאַריזער „פֿערטהיידיגונגס־קאָמיטע פֿאַר די אָפּפֿער פֿון דער שפּאַנישער אונטערדריקונג". דער פֿערפֿאַסער גיט ניט אָן די נעמען פֿון די איבערזעצטע שריפֿטען. די איבעריגע שריפֿטען איבער פֿעררער — אַזוי וויט, ווי זיי זיינען מיר בעקאַנט — דערמאָהנען זיי איבערהויפּט ניט.

און אין דערזעלבער צייט האָט ער געפֿונען אין זיי אַ לעבעדיגען אויס-דרוק פֿאַר דאָס, וואָס ער האָט אינסטינקטיוו געפֿיהלט.

די מאַרקסיסטישע לעהרע, מיט וועלכער פֿררער האָט זיך אויך בעקאַנט אין יענער פעריאָדע, האָט איהם קיינמאָל ניט געקענט בעאיינ-פֿלוסען. דער פֿאַטאַליזם פֿון דיזער עקאָנאָמישער מעטאַפֿיזיק איז ניט געוועזען אימשטאַנד צו פֿערבלענדען זיינע אויגען; ער האָט באַלד דערקענט די פֿרייהייט-פֿיינדליכע טענדענצען פֿון דיזער לעהרע, וועלכע האָבען געפֿונען אַ פראַקטישען אויסדרוק אין די אויטאָריטערע און צענטראַליס-טישע שטרעבונגען פֿון איהרע אָנהייגער. פֿערער איז געוועזען אַן איבער-צייגטער פֿעדעראַליסט און דערפֿאַר איז איהם דער אַנאַרכיזם געוועזען סימפּאַטישער, איידער די פּאָליטיש-יאַקאָביניסטישע טענדענצען פֿון דער מאַרקסיסטישער שולע.

נאָך סאָררילאַ'ס טויט האָט פֿררער אין גאַנצען פֿערלאָרען אַלע האָפֿנונגען, וועלכע ער האָט אַמאָל געלייגט אויף אַ פּאָליטישע אומוועל-צונג אין שפּאַניען. ער האָט איצט פֿערשטאַנען די אייגענטליכע אורזאַ-כען פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אונטערדריקונג; ער האָט פֿערשטאַנען, אַז ניט די אויסערליכע פּאָליטישע פֿאָרמען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט, נאָר איהר עקזיסטענץ גופא איז דער גרויסער איבעל, וועל-כער פֿעראורזאַכט די טיראַנישע אונטערדריקונג און אויסבייטונג פֿון די בריימע פֿאָלקס-מאַסען. ער האָט שטודירט דעם גאַנצען מעכאַניזם פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם מיט זיינע טויזענדער רעדער און רעד-לאַך, וועלכע פֿערוואַנדלען מענשליכעס בלוט און מענשליכעביינער אין בלישטשענדעס גאָלד. ער האָט געזעהן דאָס סאָציאַלע עלענד אין זיינע טראַגישסטע געשטאַלטען, די פֿינסטערע שקלאַפֿעריי פֿון מענער, פֿרויען און קינדער, וועלכע דאַרפֿען אָפּפֿערן זייערע לעבענס פֿאַר די וואָהנזי-ניגע פּריווילעגיעס פֿון די מאָנאָפּאָליסטען. ער האָט בעגריפֿען, אַז דער שטאַאַט איז ניט מעהר ווי דער פּאָליטישער אַגענט פֿון דעם קאַפּיטאַ-ליזם, דער וועכטער פֿון די בעזיצענדע קלאַסען. פֿעררער האָט איצט געקוקט אויף דער געזעלשאַפֿט מיט גאַנץ אַנדערע אויגען. ער האָט בע-גריפֿען, אַז די גאַנצע פּאַרלאַמענטאַריש-קאָנסטיטוציאָנעלע קאָמעדיע איז ניט מעהר ווי אַ מאַסקע, אום צו בעהאַלטען דעם אייגענטליכען כאַראַקטער פֿון דעם נייען פֿעאָדאַליזם — דער לוין-שקלאַפֿעריי.

דיזע נייע ערקענטניס האָט פֿעררער אין דערזעלבער צייט איבער-צייגט, אַז די אַלע מיליטערישע רעוואָלטען, וועלכע שפּיעלען אַזאַ בע-דייטענדע ראָלע אין דער שפּאַנישער געשיכטע און אויף וועלכע ער און

סאָררילאַ האָבען געלייגט אַזעלכע אונבעגרענצטע האָפנונגען, האָבען אַ גאַנץ קליינעם ווערטה, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען ניט דער אויסדרוק פון אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער פאָלקס-בעוועגונג. ער האָט איצט פערשטאַנען די נוצלאָזיגקייט פון ריין פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערע פערזוכע און די רעוואָלוציאָן האָט פאַר איהם בעקומען אַ טיעפערן אינהאַלט. זיין ציעל איז איצט געווען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן; פעררער איז געוואָרען אַן אַנאַרכיסט.

* * *

איינער פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען, מיט וועלכער פעררער האָט זיך בעשעפטיגט אין פּאַריז, איז געווען די פראַגע מכח דער ערציהונג פון די קינדער. מיר ווייסען אפילו ניט בעשטימט, ווער עס האָט צו־ערשט אַרויסגערופען דעם אינטערעס פון פעררער׳ן פאַר דיזער פראַגע; נאָר עס איז העכסט וואַהרשיינליך, אַז עס איז געווען רואיס סאָררילאַ. מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אַז סאָררילאַ איז געווען דער אונ־טערריכטס-מיניסטער פון שפּאַניען אונטער דער הערשאַפט פון אַמאַדעאָ דעם ערשטען. קיינער איז ניט אַזוי גוט בעקאַנט געווען מיט דעם טרויע־ריגען צושטאַנד פון דער עפענטליכער ערציהונג אין שפּאַניען ווי ער; אַלע אָפיציעלע דאָקומענטען זיינען דורכגעגאַנגען זיינע הענד און אַלס אַ פּראָגרעסיסט, אַ רעפּובליקאַנער, האָט ער, אָהן אַ צווייפעל, גוט פערשטאַנען די גרויסע בעדייטונג פון דער ערציהונגס-פראַגע אין אַזאַ לאַנד ווי שפּאַניען, וואו די קלעריקאַלע רעאַקציאָן האָט זיך בענוצט מיט אַלע, אפילו די שענדליכסטע מיטלען, אום ניט צו דערלאָזען, אַז אַ שטראַהל פון ליכט זאָל קענען דורכדרינגען די דיקע וואַנד פון אונוויסענהייט און פינסטערניס.

פעררער איז ניט בלויז געווען דער פּאָליטישער סעקרעטאַר פון סאָררילאַ, נאָר די ביידע מענער זיינען אויך פּערזענליך זעהר אינטים בעפריינדעט געווען איינער מיט דעם אַנדערן. עס וואָלט דערפאַר געווען אַ גרויסער וואונדער צו דיינקען, אַז זיי האָבען קיינמאָל ניט גערעדט צווישען זיך וועגען דער פראַגע פון ערציהונג; פערקעהרט, עס איז זאָגאַר העכסט וואַהרשיינליך, אַז דיזע פראַגע איז זעהר אָפט געווען דער גע־גענשטאַנד פון זייערע געגענזייטיגע דיסקוסיאָנען.

אָבער סאָררילאַ איז נור געווען אַ רעפּובליקאַנער; פאַר איהם האָט בלויז עקזיסטירט די אויסערליכע זייט פון דער עפענטליכער ערציהונג. זיין אידעאַל איז געווען דער אָבליגאַטאָרישער שול-אונטערריכט פאַר אַלע נאָרמאַלע קינדער און די גרינדונג פון גוטע פאָלקס-שולען דורך

דעם שטאאט, אזוי ווי עס איז דער פאל אין די מייסטע לענדער פון אייראפא.

מיר ווייסען אבער, אז פעררער'ס אגזיכטען מכח דער ערציהונג זיינען געוועז גאנץ אנדערע. פאר איהם איז דער פראבלעם געווען א פיעל טיעפערער; ער האט גוט פערשטאנען, אז די פראגע וועגען דער ערציהונג איז ניט נור א שפאנישע פראגע, נאר א פראבלעם פאר אלע זאגענאנטע קולטור־לענדער. עס איז וואהר, אז זיינע אנארכיסטישע אנשויאונגען אליין האבען איהם געמוזט פיהרען צו גאנץ אנדערע שליסע ווי די בורזשואזע דורכשניטס־פעדאגאגען; אבער אויסערדעם איז פאראן נאך א פונקט, וועלכער איז פון קיינעם פון זיינע צאהלרייכע ביאגראפען אפילו ניט דערמאנט געווארען.

גראדע אין יענער צייט, ווען פעררער האט זיך כמעט אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דעם שטודיום פון דער פרייער ערציהונג, האט דיזעלבע פראגע געשפיעלט א בעדייטענדע ראלע אין די אנארכיסטישע קרייזען פון פאריז, מיט וועלכע ער איז זעהר אינטים פערבונדען געווען. די אנארכיסטישע צייטונג „טאן נאוואָ" האט פערעפענטליכט מעהרערע ארטיקלען, וועלכע האבען זיך בעשעפטיגט מיט דער גרינדונג פון א פרייע שולע. פיעלע בעקאנטע אנארכיסטען ווי רעקלו, לואיזע מישעל, מאלאטא, זשאן גראוו, זשיראר און מאנכע אנדערע — די מייסטע פון זיי זיינען געווען פערזענליכע פריינד פון פעררער — האבען זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט דער פראגע און מען האט ענדליך בעשלאסען צו גרינדען א בעזונדערע ארגאניזאציאן, אום צו מאכען א פראקטישען פערזוך אין דיזער ריכטונג. די דאזיגע פעראייניגונג האט זיך גערופען די „גרופע פאר דער גרינדונג פון דער פרייער שולע" און אין 1898 איז זי ארויס מיט אן אינטערעסאנטען מאניפעסט, אום צו ערקלערען איהרע אבזיכטען פאר דער ברייטער עפענטליכקייט. דיזער מאניפעסט *), וועלכער ענטוויקעלט קורץ און שארף אלע טהעארעטישע און פראקטישע אידעען, וועלכע זיינען מיט עטליכע יאהר שפעטער געווארען דער פונדאמענט פון פעררער'ס שולע אין בארצעלאנא, לויטעט ווי פאלגט:

* * *

„די ווירקונג פון דער אויטאריטעט אויף דעם געביעט פון ערציהונג און אונטעררריכט איז די פערשקלאפונג פון'ם מענשען פון קינדהייט אן;

---

*) La liberté par l'enseignement (l'ecole libertaire). Publication du Groupe d'Initiative pour l'ecole libertaire ; Paris.

ד. ה. שוין פֿון דאַמאָלסט אָן, ווען זיין אורטהייל איז נאָך שוואַך, זיין זכרון ליידיג און זיין פֿאַנטאַזיע נאַאיוו און אָהן אַ שום מיסטרויען. כדי צו אונטערדריקען דעם פֿערשטאַנד צום שאָדען פֿון דער פֿרייהייט, זעהט די אויטאָריטעט צו בעהערשען די אינטעליגענץ און דעם ווילען פֿון׳ם מענשען און זוכט זיי ביסלעכווייז צו פֿערשקלאַפֿען דורך אַלטע מנהגים, פֿאָראורטהיילע, צווייפֿלען און אונצעהלבאַרע הינדערניסען.

„ניט בלויז די קירכע, נאָר אויך דער שטאַאט האָט גוט פֿערשטאַנען, אַז דער איינפֿלוס פֿון דער שולע ווירקט אויף דעם מענשען זיין גאַנצעם לעבען לאַנג; אָט דערפֿאַר האָט ער זיך גענומען דאָס רעכט אַרויפֿצולייגען זיין דעספּאָטישע האַנד אויף די מוחות און הערצער פֿון דער יוגענד, אום זיי צו געבען זיין שטעמפּעל פֿאַר אַלע שפּעטערדיגע יאָהרען. עס איז זיין אייגענע מאָראַל, זיין אייגענע געשיכטע, וועלכע ער לערנט די קינדער; עס איז די פֿערהערליכונג פֿון די היינטיגע אינסטיטוציאָנען, די בלינדע רעכטפֿערטיגונג פֿון דער ברוטאַלער געוואַלט, וועלכע בעהאַלט זיך אונטער דעם נאָמען פֿון רעכט און גערעכטיגקייט.

„דער היינטיגער לעהרער איז זעהר אָפֿט אַן אונפֿריינדליכער, אַלטמאָדישער, אָבשטויסענדער מענש, וועמענס אויפֿגאַבע עס שיינט צו זיין צו מאַכען פֿון זיינע שילער אַ סטאַדע שעפּסען, וועלכע פֿערשטאַרקערט נאָך ביי איהם דאָס געפֿיהל פֿון זיין אייגענער אונפֿעהלבאַרקייט; ער האָט די פֿליכט איינצופֿלאַנצען אין דעם קינד׳ס מוח אַסך קענטעניסען, וועלכע האָבען קיין שום אינטערעס פֿאַר דעם שילער און די מעטהאָדען, מיט וועלכע ער בענוצט זיך ביים לערנען, מאַכען דעם שטאָף נאָך אונאַנגענעהמער, נאָך וויניגער צוציהענד. דער שילער טאָר זיך אפילו ניט ריהרען אין דער צייט פֿון אונטערריכט; שטיל און געלאַסען, אָהן אַ בעוועגונג מוז ער זיצען נעבען זיין בוך אָדער שרייב-העפֿט; ער מוז דערשטיקען אין זיך יעדען סימן פֿון זיין לעבעדיגען טעמפּעראַמענט. יעדער אויסדרוק פֿון זיין אינערליכער לעבענס-קראַפֿט, וועלכער עס כאַפּט זיך איהם אַרויס ניט ווילענדיג, ווערט שטרייגג בעשטראָפֿט. מען פֿאָדערט פֿון אַ קינד, וועלכעס איז פֿול מיט לעבען, עס זאָל בעווייזען דיזעלבע ערנסטקייט, דיזעלבע געלאַסענהייט ווי דער קאַלט-בלוטיגער פּעדאַגאָג, וועלכען מען האָט אויסגעקליבען פֿאַר זיין ערציהער. — איז דיזער ערציהער דעם קינד אַ וועג-ווייזער, אַ ראַטה-געבער, אַ פֿריינד? ניין, דער היינטיגער לעהרער איז אַ געוועהנליכער פּראָפֿעסיאָניסט, אַ דיענער, וועלכער דאַרף אויספֿיהרען אַ געוויסען בעפֿעהל, אַ מענש, וועלכער טאָר

ניט אַרויסזאָגען אָפּען און פריי דאָס, וואָס ער האַלט פאַר ריכטיג. אין דער היינטיגער געזעלשאַפט איז די שולע ניט מעהר ווי דער פאַר-צימער פון דער קאַזאַרמע, וואו מען מאַכט פון דעם יונגלינג אַ פּאָלשטענדיגען שקלאַף

„אויסער דער פיזישער אונטערדריקונג פיהרט מען אויך איבער דעם מאָראַלישען אינסטינקט פון'ם קינד דורך אַ מאַסע היסטאָרישע ביישפּיע-לען, וועלכע מען האָט אויסגעקליבען אויף דעם לעכערליכסטען אופן, דורך די שטענדיגע פערהערליכונג פון ערפאָלגרייכע פערברעכען און דורך די שענדליכע פערוואַרפונג פון יעדער אָפּפערוויליגקייט, וועלכע ברייננט ניט אַריין קיין פראָפיט. מען רעגט אויף די קינדליכע פאַנטאַזיע דורך דעטיילירטע בעשרייבונגען פון ברוטאַלע געוואַלט-אַקטען, דורך די פער-הערליכונג פון גנבה, רויב און מאָרד. מען פּלאַנצט איין אין די קינדליכע מוחות דעם רעספּעקט פאַר דער אויטאָריטעט און איהרע פערטרעטער, די בעוואונדערונג פאַר די גרויסע עראָבערער, די פעראַכטונג פאַר די רעבעלען, וועלכע זיינען געפאַלען אין קאַמפּף פאַר זייער בעפרייאונג, די סימפּאַטהיע פאַר אַ פאַלשען רוהם, פאַר די סאָלדאַטסקע היטעל, פאַר דער יוניפאָרם, פאַר דער פאָהן. מען ענטוויקעלט אין די יונגע הערצער אַ בלינדען און פערברעכערישען האַס געגען אַנדערע פעלקער און ראַ-סען און דעם נאַרישען גלויבען, אַז די אייגענע נאַציאָן שטעהט העכער פון אַלע אַנדערע. מען לערנט זיי אוים צו פעראַכטען די עלענדע און אונגליקליכע, זיך אונטערצושמייכלען ביי די רייכע און צו פערהאַסען אַלע פריהערדיגע און איצטיגע אָפּפער, וועלכע זיינען געפאַלען דורך דער טיראַניי, דער אונטאָלעראַנץ, דער פייגהייט און נידערטרעכטיגקייט פון די רעגירונגען. אָט מיט דיזען קינסטליך פאַבריצירטען גיפט צושטערט מען דעם מוטה, די זעלבסטשטענדיגקייט, די עהרליכקייט פון אונזערע קינדער; מען פאַראַליזירט די מוחות און פערדאַרבט די הערצער פון דעם יונגען דור.

„די ערשטע בעדינגונג פאַר אַ נאָרמאַלע און אמת'ע ערציהונג פון די קינדער איז די אָבשאַפונג פון דער דיסציפּלין, פון די בעשטימטע לעהר-פּלענער און פון דער קלאַסיפיצירונג פון די שילער; דיזע דריי אונגערעכטיגקייטען פון דער היינטיגער שולע זיינען דער קוואַל פון אַלע אַנדערע סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען.

„די דיסציפּלין איז די מוטער פון היפּאָקריטיזם, אונעהרליכקייט און ליגען; די בעשטימטע לעהר-פּלענער פערניכטען די אָריגינאַליטעט, די איניציאַטיווע און דאָס פעראַנטוואָרטליכקייטס-געפיהל פון'ם קינד; די

קלאַסעפֿיצירונג פֿון די שילער רופֿט אַרויס אונפֿריינדליכקייט, קנאה און האַס צווישען די קינדער.

„אונזער ערציהונג וועט זיין אַלזייטיג, ראַציאָנעל, פֿאַר ביידע געשלעכטער געמיינשאַפֿטליך און פֿרייהייטליך.

„זי וועט זיין אַלזייטיג, מיט דעם, וואָס זי וועט האַרמאָניש ענט־וויקלען דעם גאַנצען מענשען; זי וועט פֿאָרשטעלען מיט זיך אַ פֿאָל־שטענדיגע, סינטהעטיש פֿערבונדענע פֿאַראייניגונג אויף אַלע געביעטען פֿון די אינטעלעקטועלע, פֿיזישע, מאַנועלע (וואָס אָנבעלאַנגט האַנד־אַרבייט) און פּראָפֿעסיאָנעלע קענטעניסען; דיזע ערציהונג וועט זיך אָנהויבען פֿון קינדהייט אָן און וועט זיך ענטוויקלען פּאַראַלעל פּראָגרעסיוו.

„אונזער ערציהונג וועט זיין ראַציאָנאַליסטיש, מיט דעם, וואָס זי וועט זיך גרינדען אויף דעם פֿערשטאַנד און אויף די פּרינציפּען פֿון דער הײַנטיגער וויסענשאַפֿט, ניט אויף דעם גלויבען; זי וועט זיך גרינדען אויף דער ענטוויקלונג פֿון מענשליכער ווירדע און פּערזענליכער אונאָבהייניגקייט, ניט אויף פֿרומקייט און געהאָרכזאַמקייט; זי וועט אַוועקמאַכען מיט דער פֿיקציאָן „גאָט", וועלכע איז געווען די אייביגע און אַבסאָלוטע אורזאַכע פֿון יעדער פֿערשקלאַפֿונג.

„אונזער ערציהונג וועט זיין געמיינשאַפֿטליך פֿאַר ביידע געשלעכטער און דורך דעם שטענדיג בעגינסטיגען די ברידערליכע און פֿאַמיליערע בעציהונגען צווישען די אינגלאַך און מיידלאַך. אַזאַ ערציהונג וועט ניט זיין קיין געפֿאַהר פֿאַר די מאָראַליטעט פֿון די קינדער; פֿערקעהרט, זי וועט פֿערהינדערן די קראַנקהאַפֿטע נייגיריגקייט, וועלכע די בעזונדערע אָבטהיילונג רופֿט אַרויס; און אונטער פֿערנינפֿ־טיגע בעדינגונגען, וועלכע מיר וועלען קיינמאָל ניט פֿערנאַכלעסיגען, וועט זי זיין אַ גאַראַנטיע פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון אַ שעהנער און הויי־כער מאָראַל.

„אונזער ערציהונג וועט זיין פֿרייהייטליך מיט דעם, וואָס זי וועט שטופֿענווייז פֿערניכטען די אויטאָריטעט צו גונסטען דער פֿרייהייט. דאָס לעצטע ציעל פֿון דער ערציהונג איז צו ענטוויקלען פֿרייע מענשען, וועלכע רעספּעקטירען און ליעבען אויך די פֿרייהייט פֿון די אַנדערע.

„אָט דאָס איז אַ קורצע סקיצירונג פֿון אונזער פּראָיעקט מכח דער ערציהונג. מיר דיינקען, אַז די ערציהונג איז אַ מעכטיגער מיטעל איינ־צופֿלאַנצען גרויס־האַרציגע און נאָבעלע אידעען אין די הערצער און מוחות פֿון דער יוגענד. זי איז בעסער אים שטאַנד, איידער אַלע אַנדערע

מיטלען אַרויפצוהויבען די יוגענד אויף אַ העכערע שטופע פון מאָראַלי־טעט. דורך דעם דירעקטען איינפלוס, וועלכען דער אונטערריכט האָט אויף דאָס קינד, קען ער ווערען די שטאַרקסטע קראַפט פון׳ם פראָגרעס. ער קען ווערען דאָס מיטעל אַרויפצוהויבען די וועלט אויף אַ העכערע שטופע פון קולטור און צו פערניכטען דעם ליגען און אונגערעכטיגקייט פאַר אַלע צייטען. זיין ווירקונג קען זיין אַן אונגעהייערע, זיין מיסיאָן איז אַ הויכע און אַ נאָבעלע; דען זיין ציעל דאַרף זיין די רענעסאַנס פון דער מענשהייט.

„דעם גרעסטען דינסט, וועלכען מען קען טהאָן דער מענשהייט, איז אַרונטערצורייסען דעם שלייער, מיט וועלכען מען האָט איהר שטענ־דיג פערדעקט די אויגען, צו צייגען איהר די גרעצען, וועלכע מען האָט איהר אויסגעלערנט צו פערעהרען, אין זייער נאַקעטער געשטאַלט און די גאַנצע שוואַכקייט פון די אַרגומענטען, דורך וועלכע מען וו״ל אויפהאַל־טען דעם רעספעקט פאַר זיי.

„אין דער היינטיגער צייט פון אינדיפערענץ און מיטעלמעסיגקייט איז עס קיין לייכטע זאַך צו גרינדען אַ פרייע שולע, וועלכע זאָל איין פאַר אַלע מאָל אָוועקמאַכען מיט די אַלע טעות׳ן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער פערגאַנגענהייט. מיר ווייסען זעהר גוט, אַז אַזאַ אונ־טערנעהמונג איז פערבונדען מיט פיעלע און גרויסע שוועריגקייטען. די אויפגאַבע איז אַ שווערע און אונזער וועג וועט זיין פול מיט הינדערני־סען. אָבער וואָס מעהר שוועריגקייטען מיר וועלען געפינען, אַלץ שטאַר־קער וועלען זיין אונזערע קרעפטע. דיזע אַרבייט דאַרף ניט זיין דאָס ווערק פון איינצעלנע; עס מוז זיין אַ ווערק פון אַלע די יעניגע, וועמענס מוחות עס זיינען אָפען פאַר נייע אידעען און וועלכע שטרעבען צו דער־גרייכען אַן העכערע שטופע פון גערעכטיגקייט און געזעלשאַפטליכער מאָראַליטעט. אַלע פיהלענדע מענשען, צו וואָס פאַר אַ פאַרטיי זיי זאָלען ניט בעלאַנגען, זיינען הערצליך געבעטען אונז צו געבען זייער מאָראַלישע און מאַטעריעלע הילפע.״

עליזע רעקלו, לואיזע מישעל, זש. גראַוו, זש. ראַ־דען, ש. מאַלאַטאַ, ע. זשאַוויאַן, ל. מאַרטהאַ, זש. דעגאַל־ווען, ל. מאַלמאַי, אַ. זשיראַר, פּ. קראָפּאָטקין, זש. פּע־ריער, ל. מאַלקען.

* * *

דיזער מאַניפעסט איז ערשינען מיט דריי יאָהר פריהער, איידער פעררער האָט געגרינדעט די „עסקועלאַ מאָדערנאַ״ אין באַרצעלאָנאַ. אָבער

די אידעען, וועלכע ער ענטהאלט, זיינען שוין לאנג בעפאר געווען א שטענדיגער פונקט פון דיסקוסיאן אין די קרייזען פון די פאריזער אנאר-כיסטען. דער מאניפעסט איז מעהר ניט געווען ווי דער ערשטער אויפרוף פון א בעשטימטער ארגאניזאציאן צו די פרייגעזאנענע עלעמענטען פון פאריז, אום צו מאכען א פראקטישען פערזוך מיט דער גרינדונג פון א פרייער שולע.

איינער פון די עלטעסטע און ענערגישסטע פראפאגאנדיסטען פאר דער פרייער ערציהונג איז געווען פאל ראבען, א מיטגליעד פון דער אלטער „אינטערנאציאנאלע" און א פערזענליכער פריינד פון מיכאאיל באקונין. ראבען האט שוין אין די 60גער יאהרען פון דעם פערגאנגענעם יאהרהונדערט פערעפענטליכט איניגע אויסגעצייכענטע אבהאנדלונגען איבער דער פראגע; *) ער איז געווען דער ארויסגעבער פון דער צייט-שריפט „ל'עדיקאסיאן אינטעגראל" (די אלזייטיגע ערציהונג), וועלכע איז ערשינען ביז 1895 און וועלכע האט זיך אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דער פראגע מכח דער קינדער-ערציהונג און דער פרייער שולע. ראבען האט אויך געמאכט איניגע פראקטישע פערזוכע און אזוי פיעל, ווי אונז איז בעקאנט, איז זיין מאדערנע שולע אין סאמפואי געווען דער ערשטער פערזוך, וועלכער איז אין פראנקרייך געמאכט געווארען אין דיזער ריכ-טונג. פאל ראבען, וועלכער איז איצט שוין אן אלטער מאן, ארבייט נאך אלץ פאר זיינע אידעען מיט דער קראפט און בעגייסטערונג פון א יונג-לינג; ער האט וועהרענד די לעצטע צעהן ביז צוועלף יאהר צייט ארויס-געגעבען איניגע צייטשריפטען, וועלכע האבען זיך הויפטזעכליך בעשעפ-טיגט מיט דעם פראבלעם פון דער רעגענעראציאן דורך דער פרייער ערציהונג, און שפעטער איז ער געווען אן אקטיווער מיטארבייטער פון פערער'ס זשורנאל „ל'עקאל רענאווע".

שארל מאלאטא, איינער פון די מיטגלידער פון דעם פריהער דער-מאהנטען קאמיטעט, האט דעם פראבלעם פון ערציהונג געווידמעט א בע-זונדערן קאפיטעל **) אין איינעם פון זיינע בעסטע ביכער: „די פילאזאפיע פון דער אנארכיע".

אויך דארפען מיר ניט פערגעסען צו דערמאהנען דעם אקטיווען אנטהייל, וועלכען לואיזע מישעל האט גענומען אין דער פראפאגאנדא

---

*) Paul Robin, De l'Enseignement intégral (Versailles 1869).

**) Ch. Malato, Philosophie de l'Anarchie; Instruction et Education.

פֿאַר דער פֿרייער שולע און איהרע פּראַקטישע פֿערזוכע אין פּאַריז און לאָנדאָן.

זשאַן גראַוו האָט דער ערציהונגס-פֿראַגע שטענדיג געשיינקט אַ בעזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט. שוין אין זיין ערשטער שריפֿט*) פֿערנעהמט דיזער פּראָבלעם אייניגע קאַפּיטלען; און זשאַן גראַוו איז אויך געוועזן איינער פֿון די טהעטיגסטע מיטגלידער אין דעם איניציאַטיוו-קאָמיטע פֿאַר דער גרינדונג פֿון אַ פֿרייער שולע אין פּאַריז.

אין מאָנאַט פֿעברואַר 1900 האָט דיזעלבע גרופּע, וועלכע האָט פּובליצירט דעם פֿריהער דערמאָהנטען מאַניפֿעסט, ערעפֿנט אייניגע אונטערריכטס-קורסען אין פּאַריז, אום צו ווירקען פֿאַר דער פֿרייער שולע. זשאַן גראַוו האָט איינגעלייטעט דיזע קורסען מיט אַ לענגערער רעדע, וועלכע איז שפּעטער פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין אַ בעזונדערע בראָשורע.**) פֿון די שפּעטערע רעדען איז בעזונדערס בעמערקענס-ווערטה דער פֿאָרטרעפֿליכער פֿאָרטראַג פֿון דאָמעלאַ ניווענהויז, וועלכער איז אויך באַלד דערנאָך פּובליצירט געוואָרען אין אַ ספּעציעלער שריפֿט.***)

מיר וואָלטען נאָך געקענט אָנפֿיהרען אַסך אַנדערע שריפֿטען און פּראַקטישע פֿערזוכע פֿון יענער פּעריאָדע, וועלכע האָבען זיך אַלע בעשעפֿטיגט מיט דיזער וויכטיגער פֿראַגע, נאָר אַזוי ווי אונזער צוועק איז בלויז געוועזן צו געבען דעם לעזער אַ קליינע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם מיליע, פֿון וועלכען פֿעררער איז בעאיינפֿלוסט געוואָרען, קענען מיר זיך בענוגענען מיט די אויבען דערמאָהנטע פֿאַקטען.

* * *

מיר זעהען אַלזאָ גאַנץ דייטליך דעם וועג פֿון פֿעררער'ס גייסטיגער ענטוויקלונג אין יענער פּעריאָדע; מיר דערקענען קלאָר די פֿאַקטאָרען, וועלכע האָבען געריכטעט זיין אויפֿמערקזאַמקייט אויף דעם פּראָבלעם פֿון ערציהונג.

נאָך סאָרריליאַס'ס טויט האָט זיך פֿעררער אַלץ מעהר פֿעראינטערעסירט מיט דיזער פֿראַגע, וועלכע האָט ביפּלעכוויז פֿערנומען זיין גאַנצע

*) J. Grave, La Société au lendemain de la Révolution. פֿון דיזער שריפֿט זיינען ערשינען 3 אויפֿלאַגען, די לעצטע אין 1893. אין 1895 האָט גראַוו זיין שריפֿט שטאַרק פֿערגרעסערט און איהר אַרויסגעגעבען אונטער דעם נייען נאָמען „La Sociét future“

**) J. Grave, Enseignement bourgeois et Enseignement libertaire. Paris 1900.

***) Domela Nieuwenhuis, L'education libertaire. Paris 1900.

ענערגיע. ער האָט שטודירט די בעדייטענדסטע פעדאַגאָגישע שריפטען און פאַר זיינע אויגען האָט זיך געעפענט אַ גאַנץ נייע און ווייטע פערספעקטיווע. ער האָט בעגריפען, אַז אונזער צייט, וועלכע פאָדערט געוויסע רעכטע פאַר די פערשידענסטע קלאַסען, גרופּירונגען און אידעען, האָט ביז איצט אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט דאָס הייליגסטע רעכט — דאָס רעכט פון אונזערע קינדער, דאָס רעכט פון דעם יונגען דור. אָט פאַר דיזעם רעכט האָט ער איצט איינגעשטעלט זיין גאַנצע ענערגיע און זיין אויסערגעוועהנליכעם אָרגאַניזאַטאָרישעם און פעדאַגאָגישעם טאַלאַנט.

אַלפרעד נאַקע, איינער פון פעררער'ס אינטימסטע פריינדע אין פּאַריז, גיט אונז איבער אַסך אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען איבער דעם פסיכאָלאָגישען ענטוויקלונגס־פּראָצעס פון זיין נאָבעלען פריינד אין יענער צייט.*) ער צייגט אונז ווי אַזוי די פראַגע מכח דער ערציהונג האָט ביסלעכווייז פערנומען די גאַנצע גייסטיגע טהעטיגקייט פון דעם געוועזענעם קאָנספּיראַטאָר און וואָס פאַר אַ געוואַלטיגע האָפנונגען ער האָט געלייגט אויף די פערווירקליכונג פון דער פרייער שולע.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אַז פעררער האָט ביסלעכווייז פערלאָרען דעם צוטרוי צו קינסטליך אָרגאַניזירטע אויפשטענדע. זינט ער איז געוואָרען אַן אַנאַרכיסט, האָבען די היסטאָרישע עראייגניסע פאַר איהם בעקומען אַ גאַנץ אַנדערן אויסזעהן. ער האָט פערשטאַנען, אַז אידעען האָבען נור דאַן אַן אויסזיכט פערווירקליכט צו ווערן, ווען זיי וואַקסען אַרויס פון די מאַסען גופא און ווען דאָס פאָלק אַליין נעהמט די איניציאַטיווע צו קעמפפען פאַר זייער פערווירקליכונג. די דאָזיגע איבערצייגונג איז ביסלעכווייז ביי איהם געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט אין דער ערציהונג און אויפקלערונג פון'ם יונגען דור געזעהן דעם וויכטיגסטען מיטעל פאַר דער אַלגעמיינער בעפרייאונג.

אַלפרעד נאַקע גיט אונז איבער דעם פאָלגענדען אינטערעסאַנטען בעריכט איבער פעררער'ס אַנזיכטען אין דיזער בעציהונג:

„זינט דער צייט, וואָס ער איז געווען טהעטיג אַלס דער לייטנאַנט פון דאָן סאָרריליאַ, האָבען זיך פעררער'ס אַנזיכטען זעהר שטאַרק מאָדיפיצירט. דער שטענדיגער דורכפאַל פון אַלע שפּאַנישע קאָנספּיראַציעס, אין וועלכע ער האָט גענומען אַן אַנטהייל, און דער טיעפערער שטודיום פון די אינערליכע שטרייטיגקייטען, וועלכע האָבען פעראורזאַכט דעם

*) The Nineteenth Century, November 1909; The Case of Francisco Ferrer: A confidential friend's testimony by Alfred Naquet.

אונטערגאַנג פֿון דער שפּאַנישער רעפּובליק אין 1873, האָבען זיינע פּאָ־ליטישע אידעען געגעבען אַ נייע ריכטונג. ער איז געקומען צו דעם בעשלוס, אַז די אָנווענדונג פֿון געוואַלט איז אונניצליך; אַז דער וועג פֿון געוואַלט, אָבוואָהל ער ווייזט זיך אונז אויס צו זיין דער גיכסטער, איז ער צולעצט דאָך דער לענגסטער וועג. פּעררער איז קיינמאָל ניט געגאַנגען אַזוי ווייט צו אַקצעפּטירען די לעהרע פֿון רעסיגנאַציאָן אָדער אָנצונעהמען טאָלסטאָי'ס טהעאָריע פֿון'ם פּאַסיווען ווידערשטאַנד — ער איז געווען ווייט פֿון אַזעלכע אַנזיכטען — נאָר זיין איבערצייגונג איז געווען, אַז דער זיכערסטער און גיכסטער וועג פֿון פּראָגרעס איז יענע פֿרידליכע מעטהאָדע, וועלכע שטרעבט איבערצוביימען די אידעען און אַנשויאונגען פֿון די צייט־גענאָסען דורך דער ערציהונג."

נאַקע דערצעהלט אונז ווייטער אין זיין אויבען דערמאָהנטען אַר־טיקעל, אַז ער אַליין איז אין יענער צייט ניט געווען איינשטימיג מיט פּעררער'ס אַנזיכטען איבער די אָנוועגדונג פֿון געוואַלט אין אַזעלכע לענדער ווי שפּאַניען און רוסלאַנד און אַז זיי האָבעןביידע אָפֿט דיסקו־טירט דיזע פֿראַגע צווישען זיך. פּעררער איז שטענדיג געקומען צו דעם זעלבען שלום: „די צייט רעספּעקטירט נור אַזעלכע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זי אַליין האָט געהאָלפֿען אויפֿבויען. דאָס, וואָס די געוואַלט קען היינט אויסקעמפֿען פֿאַר אונז, קען אַן אַנדערער געוואַלט־אַקט מאָרגען ווידער אָוועקרויבען פֿון אונז. נור די יעניגע מדרגות פֿון'ם פּראָגרעס האָבען אַ פֿעסטען באַיים, וועלכע האָבען זייער וואָרצעל אין די מוחות און דעם בעוואוסטזיין פֿון דער מענשהייט, נאָך איידער די געזעצע אָנערקענען און סאַנקציאָנירען זיי. דער איינציגער מיטעל צו רעאַליזירען דאָס גוטע איז די ערציהונג און די פּראָפּאַגאַנדאַ דורך דעם פּערזענליכען ביישפּיעל."

* * *

דיזע ערקלערונגען פֿון פּעררער צייגען אונז קלאָר און דייטליך זיינע אַנזיכטען איבער דעם ווערטה און די בעדייטונג פֿון דער פֿרייער ער־ציהונג. פֿון דעסטוועגען וואָלט עס געווען אַ גרויסער טעות צו דיינקען, אַז פּעררער איז געווען אַ פּרינציפּיעלער געגנער פֿון יעדען געוואַלט־אַקט אין דעם גרויסען קאַמפּף צווישען די אונטערדריקער און די פֿערשקלאַפּטע מאַסען. נאַקע אַליין ערקלערט אויסדריקליך, אַז דער גרינדער פֿון דער פֿרייער שולע אין באַרצעלאָנאַ איז ניט געווען קיין אָנהייגער פֿון דער רעזיגנאַציאָנס־טהעאָריע, אַז ער איז געווען ווייט פֿון טאָלסטאָי'ס לעהרע פֿון דעם פּאַסיווען ווידערשטאַנד. די פּערזענליכע דיסקוסיאָנען, פֿון

וועלכע נאָקע בעריכטעט אונז, האָבען זיך אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דער פּאָליטישער רעוואָלוציאָן און מיט דער בעדייטונג פון געוואַלטזאַמע מעטהאָדען, אום אויסצוקעמפּפען געוויסע פּאָליטישע רעכטע און פריי-הייטען. פערדער האָט געזעהן דעם רעזולטאַט פון דיזער טאַקטיק אין דער שפּאַנישער געשיכטע פון די לעצטע הונדערט יאָהר. דער קאַמפּף צווישען די ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פּאַרטייען מיט די קאָנסער-וואַטיווע און קלעריקאַלע דיכטונגען איז געווען אַן אונגעהייערע סעריע פון קאָנספּיראַציעס, מיליטער-רעוואָלטען און אויפשטענדע, וועלכע זיינען קינסטליך אָרגאַניזירט געוואָרען פון קליינע מינאָריטעטען, נאָר די ברייטע מאַסען פון'ם פאָלק האָבען כמעט ניט גענומען קיין אַנטהייל אין דיזער טהעטיגקייט. נאָך יעדען געלונגענעם אויפשטאַנד האָבען די ליבעראַלען טעראָריזירט די קאָנסערוואַטיווען און געזעצליך פעסטגעשטעלט געוויסע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטע און פרייהייטען. נאָר קוים, וואָס די קאָנסער-וואַטיווען זיינען ווידער אַרויף אויף'ן ביינקעל, האָט מען אָנגעהויבען טעראָריזירען די ליבעראַלען און געזעצליך אָבגעשאַפט אַלצדינג, וואָס די לעצטע האָבען פריהער געזעצליך איינגעפיהרט. מען קען פערשטעהן, אַז פערדער האָט געמוזט פערלירען דעם צוטרוי צו אַזעלכע מעטהאָדען, נאָך דעם ווי ער איז געוואָרען אַן אַנאַרכיסט און אַן אָנהייגגער פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. ער האָט דאַן פערשטאַנען, אַז דעקרעטירטע און געזעצליך פּראָקלאַמירטע רעכטע האָבען אַ קנאַפּען ווערטה; אַז נור אַזעלכע רעכטע און פרייהייטען האָבען אַ ווירקליכע בעדייטונג, וועלכע זיינען אַרויסגעוואַקסען פון די מאַסען גופא און וועלכע דאָס פאָלק איז יעדען מאָמענט פאַרטיג צו פערטהיידיגען געגען אַלע רעאַקציאָנערע פערזוכע.

פערדער האָט גוט געוואוסט, אַז די סאָציאַלע קעמפּפע שפּיעלען זיך אויך ניט אָב אָהן געוואַלט און ער איז געווען דער לעצטער צו פער-דאַמען די געוואַלט, ווען זי איז אָנגעווענדעט געוואָרען אַלס אַ פערטהיי-דיגונס-מיטעל פון די אונטערדריקטע געגען דער געוואַלט-פּאָליטיק פון דער רעאַקציאָן.

ניין, פערדער איז ניט געווען קיין טאָלסטאָיאיסט; אָבער נאָך וויני-גער איז ער געווען אַן אָנהייגגער פון די יעניגע, וועלכע זעהן אין'ם אַנאַרכיזם ניט מעהר ווי די געוואַלטזאַמע ריכטונג אין דער סאָציאַליס-טישער בעוועגונג. עס איז בעקאַנט, מיט וואָס פאַר אַ בעגייסטערונג פערדער האָט בעגריסט קראָפּאָטקין'ס לעצטעס ווערק „די גרויסע רע-וואָלוציאָן", פון וועלכען ער האָט געוואָלט אַרויסגעבען אַן אילוסטרירטע

פּראַכט־אויסגאַבע אין שפּאַניש. אָט דיזעלבע אַנזיכטען, וועלכע קראָ־פּאָטקין האָט אַזוי מייסטערהאַפט ענטוויקעלט אין דיזען בוך איבער דאָס ווזען און דעם אייגענטליכען כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציאָן, זיינען אויך געוועזן פערערער׳ס אַנזיכטען.

* * *

עס איז נויטהווענדיג דאָס אויסדריקליך צו בעטאָנען, ווייל די מייסטע פון די טויזענדער אַרטיקלען, בראָשורען און ביכער, וועלכע זיינען ער־שינען אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען איבער פערערער׳ס לעבען און טהעטיגקייט, האָבען אונז געגעבען אַ גאַנץ פאַלשעס בילד איבער דעם מערטירער פון מאָנטכואיטש. עס פערשטעהט זיך, אַז די רעפּובליקאַנער, די פריי־טויערער, און די זאָגענאַנטע „ריינע פריי־דיינקער", וועלכע האַלטען נור מלחמה מיט „גאָט" אין הימעל, נאָר ניט מיט די געטער פון דיזער וועלט, עס פערשטעהט זיך, אַז זיי האָבען זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו פערשוויינען פערערער׳ס אַנאַרכיסטישע אידעען. פיעלע פון זיי האָבען אין גאַנצען אָבגעלייקענט, אַז ער איז געוועזן אַן אַנאַר־כיסט; אַנדערע, וועלכע האָבען פערשטאַנען, אַז דיזע מעטהאָדע איז שוין אביסעל צו אַזנגעלומפּערט, דערפאַר וואָס מען קען צו לייכט בעווייזען דעם געגענטהייל, האָבען אפילו צוגעגעבען, אַז פערערער איז גע־ווען אַן אַנאַרכיסט, נאָר אַן אַנאַרכיסט פון טאָלסטאָי׳ס שולע א.ז.וו. דיזע מערקווירדיגע שטעלונג פון אַ ריין בורזשואַזען עלעמענט, וועמענס ראַ־דיקאַליזם עס איז קיינמאָל ניט ווייטער געגאַנגען ווי ביז צו דער בור־זשואַזער רעפּובליק און צום אַנטאַסטיציזם, קען אונז נאַטירליך ניט איבעראַשען; פאַר די בירגערליכע רעפּובליקאַנער און פריי-דיינקער האָט מעהר ניט עקזיסטירט ווי דער לעהרער און ערציהער פערערער, דער געגנער פון דער פּריסטער־הערשאַפט, און די שענדליכע הינריכטונג פון דיזען מאַן איז פאַר זיי געווען אַ ווילקאָמענע געלעגענהייט צו געבען אַ קלאַפּ דער מאָנאַרכיע און דעם קלעריקאַליזם. אויב פערערער וואָלט ניט געווען דער גרינדער פון דער מאָדערנער שולע אין באַרצעלאָנאַ און דער אַרויסגעבער פון אַ גאַנצע סעריע פון בעדייטענדע וויסענשאַפטליכע שריפטען, אויב ער וואָלט נור געווען איינער פון די הונדערטער און טויזענדער אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען אין שפּאַניען, דאַן וואָלטען די זאָגענאַנטע „ראַדיקאַלע עלעמענטען" פון דער אייראָפּעאישער בור־זשואַזיע, די פּלאַטאָנישע פערעהרער פון׳ם „פרייען גדאַנק" ניט אריינ־געלייגט קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער פאַר איהם. זיי וואָלטען גע־שוויגען, אַזוי ווי די מייסטע פון זיי האָבען עס געטהאָן, ווען די

אינקוויזיציאָן איז ווידער אויפגעשטאַנען תחית המתים אין די קאַזעמאַטען פון מאָנטבואיטש, אין אַלקאַלאַ דעל וואַליע און אנדערע פלעצער; זיי וואַלטען געשוויגען, אַקוראַט ווי זיי שווייגען איצטער צו די אַלע שוידער־ליכע פערברעכען פון דעם רוסישען צאַריזם. פאַר דער זאָגענאַנטער ליבעראַלער און רעפובליקאַנישער בורזשואַזיע איז דער נאָמען פון פעררער ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַן אויסגעצייכענטע רעקלאַמע פאַר פּאָליטישע פאַרטיי־אינטערעסען, און דערפאַר קען מען פערשטעהן, אַז זיי ריידען וואָס ווייניגער פון זיינע אַנאַרכיסטישע אידעען און איבער־צייגונגען. די מייסטע פון דיזע הערען האָבען אפילו ניט געהאַט די קלענסטע פאָרשטעלונג פון פעררער'ס אַנשויאונגען מכח דער פרייער ערציהונג; פאַר זיי איז דער אָבליגאַטאָרישער אונטערריכט און די שטאַאַטליך קאָנטראָלירטע שולע דער העכסטער אידעאַל פון דער „מאָ־דערנער ערציהונג".

מאַנכע פון פעררער'ס אינטימע פריינד האָבען אויך נאָך מיטגע־האָלפען ביז צו אַ געוויסען גראַד צו ענטוויקלען פאַלשע פאָרשטעלונגען איבער פעררע'ס אייגענטליכע אידעען און אַנשויאונגען, דורך דעם וואָס זיי האָבען פיעלעס פערשוויגען, וואָס זיי האָבען געוואוסט. אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך געווען אַ פראַגע צו ראַטעווען פעררער'ס קאָפּ, איז דיזע טאַקטיק געווען פערשטענדליך און בערעכטיגט; אָבער היינט, ווען זיין נאָמען בעלאַנגט שוין צו דער געשיכטע, איז עס אַ היסטאָרישע פליכט אַוועקצומאַכען מיט אַלע פאַלשע און אונקלאָרע פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען פערשפּרייט געוואָרען איבער פעררער'ס לעבען און טהעטיגקייט.

* * *

אָבער ניט נור די ליבעראַלע און רעפובליקאַנישע פּרעסע — פון די קלעריקאַלע און רעאַקציאָנערע אָרגאַנען איז איבערהויפּט ניטאָ וואָס צו רעדען — האָט פערעפענטליכט אַסך פאַלשע און אונקאָנטראָלירבאַרע בעהויפּטונגען איבער דעם מערטירער פון מאָנטבואיטש; נאָר אפילו אַ גרויסער טהייל פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע האָט אויך מיטגעהאָל־פען ענטוויקלען זעהר איינזייטיגע און פאַלשע אַנזיכטען איבער פעררער'ס אידעען און טהעטיגקייט. פיעלע בעדייטענדע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען האָבען געמאַכט פון איהם אַ ריינעם „אינדיווידואַליסט", וועלכער האָט זיך ניט נור ניט פעראינטערעסירט מיט דער אַרבייטער־בעוועגונג, נאָר מען האָט זאָגאַר בעהויפּטעט, אַז ער איז געווען אַ געגנער פון איהר.

אַזוי האָט אַנדרע מאָריזע פאָרגעשטעלט פראַנסיסקאָ פעררער אין דער „הומאַניטע", דעם הויפּט־אָרגאַן פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען, אויף

אַזאַ'ן אופֿן: „אינטעלעקטועל האָט ער ניט בעלאַנגט צו אונז. ער איז געווען איינער פֿון די, וועלכע ויינען געגנער פֿון יעדער פֿאָרם פֿון אָרגאַניזאַציאָן און וועלכע שטעלען זייער גאַנצע האָפֿנונג, מכח דער בענייאונג פֿון דער אַלטער וועלט, אויף דער ענטוויקלונג פֿון דעם פֿרייען בעוואוסטזיין. זייענדיג אַ געבאָרענער קאַטאַלאָניער איז ער פֿון דעסטוועגען ניט געווען קיין אָנהיינגער פֿון די קאַטאַלאָנישע סעפּעראַטיסטען. די מעכטיגע שעהנהייט פֿון דיזער בעוועגונג פֿון די מאָדערנע שפּאַניער האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג אויף איהם. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער; נאָר ער האָט ניט בלויז פֿערוואָרפֿען די טהעטיגקייט פֿון די פּאָליטישע פּאַרטייען — אפילו די געווערקשאַפֿטליכע טהעטיגקייט האָט איהם ווייניג פֿעראינטערעסירט. פֿעררער איז געווען אַ פֿאָלקאָמענער אינדיווידואַליסט. ער האָט געדיינקט, אַז נור דורך שאַפֿען שטאַרקע נשמות און פֿרייע גייסטער קען מען פֿאַרבערייטען די רעוואָלוציאָן. אָט דערפֿאַר האָט ער געגרינדעט זיין שולע, אום דאָרטען צו ענטוויקלען לעהרערס, וועמענס אויפֿגאַבע עס זאָל זיין צו ערקלערען איבעראַל די שרעקליכע זייטען פֿון אַלע רעליגיאָנען און איינצופֿלאַנצען אין די קינדער פֿון פֿאָלק די ליעבע צו די געזעלשאַפֿטליכע טוגענדען און דעם רעספּעקט פֿאַר'ן ווילען... פֿעררער האָט געגלויבט אַז שפּאַניען איז פֿאָלשטענדיג פֿאַרטיג פֿאַר אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און עס האָט איהם פֿערדראָסען, ווען מען האָט איהם ערקלערט, אַז אַ לאַנד, וועלכעס האָט נאָך ניט דערגרייכט די קאַפּיטאַליסטישע פּעריאָדע, קען ניט מיט איין מאָל צוקומען צום קאָמוניזם. דאָס זיינען ניט מעהר ווי מאַרקסיסטישע וויצען, פֿלעגט ער דערויף ענטפֿערן. וואָס מעהר אַ לאַנד איז ריקשטענדיג, אַלץ רעוואָלוציאָנערער איז עס; אַלץ מעהר איז עס אימשטאַנד אויפֿצוהאַלטען זיין ענערגיע און די מענליכקייט פֿון זיינע איינוואוינער...‟*)

מיר ווילען באַלד זעהן, אַז די מייסטע פֿון דיזע בעהויפּטונגען זיינען זעהר איינזייטיג און אָפֿטמאָל דירעקט אונריכטיג, אָבוואָהל דער אַרטיקעל איז פֿול מיט סימפּאַטהיע פֿאַר פֿעררער.

נאָך פֿיעל איינזייטיגער איז געווען די שטעלונג פֿון דעם „פֿאָרווערטס‟, דעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דיזע צייטונג האָט איהרע לעזער פֿאָרגעשטעלט פֿעררער אויף אַזאַ'ן אַרט: „אַלס אַ מאַן, וועלכער האָט בעקעמפֿפֿט דעם רעזשים פֿון די מאָנאַכען

---

*) L'Humanité, jeudi 14 Octobre 1909; „Ce qu'était Ferrer — un brave homme et un homme brave" par André Morizet.

און אַלס איינער, וואָס איז געגאַנגען מיט מוטה און ענערגיע צום טויט, אָבוואָהל ער איז געווען אונשולדיג, פֿערדינט פֿעררער אונזער פֿולע סימ־פּאַטיע; נאָר מיר האָבען קיין שום גרונד צו מאַכען פֿון איהם אַ נייען הייליגען. די ראַדיקאַל־ליבעראַלע צייטונגען שטעלען איהם פֿאַר אַלס אַ קעמפּפֿער פֿאַר די אַרבייטער. דערפֿאַר איז נייטיג צו ערקלערען, אַז פֿעררער האָט בעלאַנגט צו דער גרופּע פֿון די „ליבערטאַריאַס"; צו יענער אינדיווידואַ־ליסטיש-אַנאַרכיסטישער ריכטונג, וועלכע פֿעראייניגט אין זיך, אויסער איהר האַס געגען די קירכען, אַלערליי אַנשויאונגען פֿון שטירנער'ן און ראַדיקאַל־בורזשואַזע אַנזיכטען, און וועלכע בעקעמפּפֿט די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין שפּאַניען מיט דעם ביטערסטען האַס און אָהן אַ שום ריקזיכט. די פּאָליטישע שטעלונג פֿון פֿעררער צו דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־בעוועגונג קען אונז, פֿערשטעהט זיך, ניט פֿערהינדערן צו פֿיהלען סימ־פּאַטיע מיט איהם אַלס אַן אָפּפֿער פֿון'ם שפּאַנישען קלעריקאַליזם און אָנצורופֿען זיין היגריכטונג אַלס דאָס, וואָס זי איז געווען — אַ יוסטיץ־מאָרד. אָבער עס האַנדעלט זיך פֿאַר אונז ניט אום פֿעררער'ס פּערזאָן, נאָר אום דעם פּראָטעסט געגען דער קלעריקאַלער בלוט־הערשאַפֿט. איהר אַטאַקירען מיר. פֿעררער איז נור איינער פֿון די פֿיעלע אָפּפֿער, וועלכע זי האָט ביז איצט געפֿאָדערט און וועלכע זי וועט נאָך פֿאָדערן אין די נעכסטע מאָנאַטען".*)

ווען אַ ראַדיקאַלע בערלינער צייטונג, „די צייט אַם מאָנטאַג" האָט קריטיקירט דיזע שטעלונג פֿון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען צענטראַל־אָרגאַן, האָט דער „פֿאָרווערטס" נאָך אַמאָל מאָטיווירט זיין שטאַנד־פּונקט מיט די פֿאָלגענדע ווערטער: „מיר האָבען פֿעררער ניט פֿאָרגעשטעלט פֿאַר קיין גרויסען וויסענשאַפֿטס־מאַן, פֿאָלקס־פֿריינד, פֿאָלקס-פֿיהרער און מענשען־פֿריינד, דערפֿאַר וואָס מיר זיינען מיט רער מיינונג, אַז ער האָט ניט קיין רעכט אויף אַזעלכע בעצייכנונגען. ער האָט געקעמפּפֿט געגען דעם קלעריקאַליזם און געגרינדעט די „מאָדערנע שולע" אין באַרצעלאָנאַ, נאָר ער איז זיכער ניט געווען אַ מאַן, וועלכער האָט בערייכערט די וויסענשאַפֿט און נאָך פֿיעל וויניגער אַ פּאָליטיקער, וועמען מיר דאַרפֿען פֿערעהרען. לויט זיין פּאָליטישען גלויבען נאָך האָט ער בעלאַנגט צו דער אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי פֿון לערו'ן. דער אָרגאַן פֿון דיזער פּאַרטיי איז די רעפּובליקאַניש־אַנאַרכיסטישע צייטונג „על פּראָ־

---

*) Vorwärts vom 17 Oktober 1909; Gegen das klerikale Regiment in Spanien.

גרעסאָ"; זי האָט שטענדיג אָנגעפֿיהרט אַ קליינליכען פֿערלוימדונגס-קאַמפף געגען דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער-בעוועגונג אין קאַטאַלאָניען, געגען דער פּאָליטישער ווי אויך געגען דער געווערקשאַפֿטליכער ריכטונג. דיזע פּאַרטיי איז איינע פֿון די הויפּט אורזאַכען, וואַרום די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אַזוי הינטערשטעליג אין קאַטאַלאָניען, אין דעם טהייל פֿון שפּאַניען, וואו די אינדוסטריע איז אַם העכסטען ענטוויקעלט, דורך דעם וואָס זי האָט די גאַנצע צייט, און מיט אַ געוויסען ערפֿאָלג, די קאַטאַלאָנישע אַרבייטער געפריידיגט דעם באָיקאָט פֿון דער פּאָליטישער טהעטיגקייט און די אָרגאַניזאַציאָן פֿון רעוואָלטען." *)

עס וואָלט ניט געווען קיין שווערע אויפֿגאַבע איבערצוגעבען נאָך פֿיעלע עהנליכע ציטאַטען פֿון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע איבער פֿראַנסיסקאָ פֿעררער; אָבער עס איז פֿאָלשטענדיג גענוג פֿעסטצושטעלען די האַלטונג פֿון צווי אַזעלכע בעדייטענדע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען ווי די „הומאַניטע" און „פֿאָרווערטס".

עס איז זעלבסטפֿערשטענדליך ניט אונזער אויפֿגאַבע צו אַרגומענטירען מיט די אַרויסגעבער פֿון'ם „פֿאָרווערטס" צי פֿעררער איז יאָ געווען אַ „פֿאָלקס-פֿריינד" און „מענשען-פֿריינד" צי ניט. אַ צייטונג, וועלכע איז דער פֿיהרענדער אָרגאַן פֿון אַ גרויסער פּאָליטישער פּאַרטיי, קען מעהר ניט אַרויסרופֿען ווי מיטלייד, אויב זי צייגט אַרויס אַזאַ אונגלויבליכע קליינגייסטיגקייט, ווי דער צענטראַל-אָרגאַן פֿון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט עס געטהאָן אין זיין שטעלונג צו פֿראַנסיסקאָ פֿעררער.

אָבער עס איז אומבעדינגט נויטווענדיג צוריקצואווייזען די איבעריגע בעהויפּטונגען פֿון דער סאָציאַליסטישער און ליבעראַלער פּרעסע איבער דעם גרינדער פֿון דער פֿרייער שולע אין באַרצעלאָנאַ אין אינטערעס פֿון דער היסטאָרישער וואַהרהייט.

וואָס אָנבעלאַנגט אַנדרע מאָריזע'ס ערקלערונגען אין דער „הומאַניטע", איז נור דער טהייל פֿון זיינע אויספֿיהרונגען אין גאַנצען ריכטיג, וועלכער האַנדעלט מיט פֿעררער'ס אַנטי-מאַרקסיסטישע אַנזיכטען. אַלעס אַנדערע איז ניט מעהר ווי אַ פֿערמישונג פֿון וואַהרהייט און דיכטונג. די בעהויפּטונג, אַז פֿעררער איז געווען אַ ריינער אינדיווידואַליסט, אַ געגנער פֿון יעדער פֿאָרם פֿון אָרגאַניזאַציאָן, אַז ער האָט זיך ענטזאָגט צו

---

*) Vorwärts vom 19 Oktober 1909; Das Schreckenssystem in Spanien.

נעהמען, וואָס פאַר עס איז איינטהייל אין דער טהעטיגקייט פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און זיך אפילו זעהר ווייניג אינטערעסירט מיט דער געווערקשאַפטליכער בעוועגונג, איז נור אויף אַזוי פיעל ריכטיג, וואָס אָנבעלאַנגט פערערע׳ס שטעלונג צו די פּאָליטישע פּאַרטייען און זייער טהעטיגקייט.

אָבער עס איז אין יעדער בעציהונג פאַלש צו בעהויפּטען, אַז פערערער האָט זיך ווייניג אָדער כמעט גאָרניט אינטערעסירט מיט דער געווערקשאַפטליכער בעוועגונג. גראַדע פערקעהרט: ער איז ניט בלויז געווען אַ גרויסער סימפּאַטיזירער פון דיזער בעוועגונג, נאָר ער האָט איהר אויך אונטערשטיצט אין יעדער בעציהונג. דער פאַקט אַליין, אַז פערערער איז געווען דער אייגענטליכער אינספּיראַטאָר און אַרויסגעבער פון דער בעריהמטער אַנאַרכיסטיש־סינדיקאַליסטישער צייטונג „לאַ הועלגאַ בענעראַל" (דער גענעראַל־סטרייק), דער רעוואָלוציאָנערסטער צייטשריפט, וועלכע די מאָדערנע אַנאַרכיסטישע בעוועגונג אין קאַטאַלאָניען האָט אַרויסגעגעבען, דיזער פאַקט אַליין ווידערלעגט אַם בעסטען די אויבען דערמאָהנטע בעהויפּטונגען. די „הועלגאַ בענעראַל" איז ערשינען פון׳ם 15טען נאָוועמבער 1901 ביז דעם 20סטען יוני 1903, ד. ה. פּונקט אין דער פּעריאָדע, ווען פערערער איז אַם מייסטען בעשעפטיגט געווען מיט דער גרינדונג און ענטוויקלונג פון דער „מאָדערנער שולע" אין באַרצעלאָנאַ. דיזע טהאַטזאַכע ווידערלעגט אויך די אַלע פּוסטע פערזיכערונגען פון דער בורזשואַזער פריידיינקער פּרעסע, אַז פערערער האָט זיך אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט דער ערציהונג פון דער יוגענד און האָט ניט גענומען קיין שום אַנטהייל אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער־בעוועגונג.

די טענדענץ פון די „הועלגאַ בענעראַל" איז געווען אַנאַרכיסטיש־סינדיקאַליסטיש. זי האָט פערטהיידיגט דעם דירעקטען געווערקשאַפטליכען קאַמפּף פון די אַרבייטער געגען דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג און דער אונטערדריקונג פון׳ם שטאַאַט. די „הועגלאַ בענעראַל" איז געווען איינע פון די אויסגעצייכענסטע מאָדערנע אַנאַרכיסטישע צייטשריפטען. זי איז געווען ווייט פון אונפרוכטבאַרע פילאָזאָפישע שפּעקולאַציאָנען און ריין אַבסטראַקטע אויפפאַסונגען; זי האָט אָבגעשפּיגעלט די רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט פון דער אַרבייטער־קלאַסע, איהרע ליידען, קעמפּפע און האָפנונגען. זי האָט אַטאַקירט אַלע פאָרמען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען אויסבייטונגס־סיסטעם און דער שטאַאַטליכער טיראַניי; זי האָט פערוואָרפען יעדע פּאַרלאַמענטאַרישע טהעטיגקייט און פּראָפּאַגאַנדירט

די דירעקטע אַקציאָן פֿון די אַרבייטער. איהר פּאָליטישער ציעל איז גע־וועז די אַנאַרכיע, איהר עקאָנאָמישער ציעל דער קאָמוניזם. איהרע טאַקטישע מיטלען: די אויפֿקלעהרונג פֿון די אַרבייטער, די רעוואָלוציאָ־נערע געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן, די פּראָפּאַגאַנדאַ געגען דעם מיליטאַריזם און פֿאַר דעם גענעראַל־סטרייק אַלס די איינלייטונג פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

פֿעררער האָט קיינמאָל ניט איבערגעביטען זיינע אַנזיכטען אין דיזער בעציהונג. זיינע אינטימע פֿריינד ווייסען, אַז ער האָט פֿינאַנציעל אונטערשטיצט די סינדיקאַליסטישע טאַגעס־צייטונג „לאַ רעוואָלוסיאָן", וועלכע די אַנאַרכיסטען שאַרל מאַלאַטאָ און עמיל פּוזשע האָבען פֿאַר אַ קורצע צייט אַרויסגעגעבען אין פּאַריז (1909). ער וואָלט דאָס זיכער קיינמאָל ניט געטהאָן, אויב ער וואָלט ניט געווען קיין אָנהייגנער פֿון די אידעען, וועלכע די דאָזיגע צייטונג האָט פּראָפּאַגאַנדירט. מיר זעהען אַלזאָ, וואָס פֿאַר אַ ווערטה עס האָבען די בעהויפּטונגען, אַז פֿעררער האָט זיך „ווייניג וואָס אינטערעסירט מיט דער אַרבייטער-בעוועגונג" און אַז ער איז געווען „אַ געגנער פֿון יעדער אָרגאַניזאַציאָן".

* * *

די בעהויפּטונגען פֿון דעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָ־קראַטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד זיינען נאָך פֿיעל אַבסורדער און בע־ווייזען נור איין זאַך — אַז די רעדאַקציאָן פֿון דיזער צייטונג האָט ניט די קלענסטע קלאָרע פֿאָרשטעלונג וועגען דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישען לעבען און די פֿערשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען אין קאַטאַלאָניען. די בעהויפּטונג, אַז פֿעררער, „לויט זיין פּאָליטישען גלויבען נאָך, האָט בע־לאַנגט צו דער אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי פֿון לערו", איז איינפֿאַך פֿון די פֿינגער אַרויסגעזויגען. לערו אַליין האָט ערקלערט, אַז פֿעררער האָט ניט בעלאַנגט צו זיין פּאַרטיי און אפילו די, וועלכע זיינען נור גאַנץ אויבערפֿלעכליך בעקאַנט מיט דעם פּאָליטי־שען לעבען אין קאַטאַלאָניען, ווייסען, אַז די בעציהונגען צווישען פֿעררער און די רעפּובליקאַנער זיינען ניט געווען קיינע פֿריינדליכע, דערפֿאַר וואָס פֿעררער האָט זיך ענטזאָגט זיי צו אונטערשטיצען. אַן „אינדיווידואַליס־טיש־אַנאַרכיסטישע פּאַרטיי" מיט אַ „רעפּובליקאַניש־אַנאַרכיסטישען אָרגאַן, „על פּראָגרעסאָ", עקזיסטירט איבערהויפּט ניט אין שפּאַניען, נאָר אין דער רייכער פֿאַנטאַזיע פֿון דער „פֿאָרווערטס"־רעדאַקציאָן. אַלעכאַנ־דראָ לערו, דער פֿיהרער פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אין קאַטאַ־לאָניען, איז אַ געוועזענער אַנאַרכיסט, אָבער פֿון דעם מאָמענט אָן, ווען

ער איז אַריבער אין דעם לאַגער פֿון די רעפּובליקאַנער, האָבען די אַנאַרכיסטישע אַרבייטער פֿון קאַטאַלאָניען אָבגעשניטען אַלע בעציהונגען צו איהם און די אַנאַרכיסטישע פּרעסע האָט איהם בעקעמפֿט אַזוי ווי יעדען אַנדערן געגנער. דער „פֿאָרווערטס" בעהויפּטעט אפילו, אַז די „אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישע ריכטונג" פֿון לערו איז „איינע פֿון די הויפּט־אורזאַכען, וואָרום די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אַזוי הינטערשטעליג אין קאַטאַלאָניען" דורך דעם „וואָס זי האָט די קאַטאַלאָנישע אַרבייטער געפּריידיגט צו באָיקאָטירען די פּאָליטישע טהעטיגקייט", נאָר ווי עס ווייזט אויס, האָט ער פֿערגעסען, אַז אַלעכאַנדראָ לערו איז דער רעפּובליקאַנישער פֿערטרעטער פֿון באַרצעלאָנאַ אין שפּאַנישען פּאַרלאַמענט. ווי אַזוי אַ פּאַרטיי, וועלכע פּריידיגט צו באָיקאָטירען יעדע פּאָליטישע טהעטיגקייט, קען אין דערזעלבער צייט ניט בלויז אויפֿשטעלען אַ קאַנדידאַט פֿאַר'ן פּאַרלאַמענט, נאָר עס זאָל זיך איהר זאָגאַר איינגעבען צו בעקומען די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון די וועהלער אויף איהר זייט, אָט דאָס איז איינע פֿון די גרויסע מיסטעריען, וועלכע דער „וויסענשאַפֿטליכער סאָציאַליזם" פֿון'ם „פֿאָרווערטס" קען אפשר ערקלעהרען, נאָר דער געזונדער מענשען־פֿערשטאַנד קען עס פֿאָרט ניט בעגרייפֿען.

אויך די בעהויפּטונג, אַז פֿעררער איז געווען אַן „אינדיווידואַליסטישער אַנאַרכיסט" מיט „אַלערליי אַנשויאונגען פֿון מאַקס שטירנער", וועלכע דער „פֿאָרווערטס" און פֿיעלע אַנדערע סאָציאַליסטישע צייט־שריפֿטען, האָבען אויפֿגעשטעלט, איז אַבסאָלוט פֿאַלש. אויב פֿעררער וואָלט ווירקליך געווען אַן אָנהייגער פֿון דיזער ריכטונג, אַ נאָכפֿאָלגער פֿון שטירנער אָדער טאָקער, דאַן וואָלט דאָך זיכער כאָטש אַ טהייל פֿון די צאָהלרייכע שריפֿטען, וועלכע זיין פֿערלאַג האָט אַרויסגעגעבען — שוין ניט ריידענדיג פֿון אַלע — געדאַרפֿט האָבען אַן אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישען כאַראַקטער. אָבער וואָס זעהען מיר? אויסער די ריין וויסענשאַפֿטליכע ווערק פֿון לעטורנאָ, רעקלו, אַדאָן דע בוען א.ז.וו. האָט פֿעררער נור אַרויסגעגעבען שריפֿטען פֿון קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטען ווי שאַרל מאַלאַטאָ, זשאַן גראַוו, אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, קראָפּאָטקין, פּאַראַף־זשאַוואַל און אַנדערע. קיין איינציגעס פֿון די אַלע ביכער און בראָשורען, וועלכע ער האָט פּובליצירט, ענטוויקעלט די אידעען און אַנשויאונגען פֿון דער אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישער ריכטונג. אין זיין צייטונג „לאַ הועלגאַ כענעראַל" האָט ער אַנאָנסירט די פֿאָלגענדע מיטאַרבייטער:*) באָנאַ־

*) La Huelga General ; Primer Numero el 15 de Noviembre, 1901.

פּוליא, טהערעסאַ קלאַראַמונט, דאָמעלאַ־ניוועגהויז, עסטעוואַנעס, זשאַן גראַוו, סאָלעראַד גוסטאַוואָ, קראָפּאָטקין, לאָרענסאָ, מאַלאַטעסטאַ, מאַ־לאַטאָ, פּאַראַף־זשאַוואַל, רעקלו, סאַלוואָטשעאַ און אוראַלעס. דיזע אַלע מענער און פרויען זיינען אויסגעשפּראָכענע קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטען; עס געפינט זיך צווישען זיי נים קיין איינציגער אָנהייגער פון די בע־קאַנטע אינדיווידואַליסטיש־אַנאַרכיסטישע טהעאָריען. פאָלגליך זיינען אַלע בעהופּטונגען, וועלכע פיעלע בירגערליכע און סאָציאַליסטישע צייטונגען האָבען אויפגעשטעלט אין דיזער בעציהונג, ניט מעהר ווי בעהויפּטונגען אָהן אַ שום פונדאַמענט, און די היסטאָרישע וואַהרהייט פאָדערט זיי צוריקצואווייזען, דערפאַר ווייל זיי צייגען אונז פררער אין אַ גאַנץ פאַלשען ליכט.

* * *

אַרום 1893 האָט זיך אָבגעשפּילט אין פררער׳ס לעבען דער לעצ־טער אַקט פון איינע פון יענע שטילע און בעהאַלטענע טראַגעדיעס, וועלכע זיינען די אונפערמיידליכע פאָלגען פון אַ צופוילטען געזעלשאַפטליכען סיסטעם און פערקעהרטע מאָראַל־אַנשויאונגען — די צושיידונג מיט זיין ערשטער פרוי. מיר וואָלטען אפילו ניט בעריהרט דיזען שמערצליכען פונקט אין פררער׳ס לעבענס־געשיכטע, ווען די רעאַקציאָנערע און קלעריקאַלע פּרעסע, וואָלט זיך ניט בענוצט דערמיט, אום צו בעשמוצען דעם ערמאָרדעטען אויף דעם שענדליכסטען אופן. דיזע פייגע היפּאָקריי־טען, וועלכע שטעלען זיך פאַר ביי יעדער פאַסענדער און ניט פאַסענדער געלעגענהייט אַלס די היטער פון דער מאָראַליטעט, האָבען אפילו ניט בעגריפען דעם אלף בית פון די פּרימיטיווסטע מאָראַלישע געפיהלען; אויב יאָ, וואָלטען זיי קיינמאָל ניט פערזוכט צו בעריהרען מיט זייערע אונריינע פינגער די אינטימסטע און אינערליכסטע געפיהלען פון צוויי מענשען, דאָס אינערליכע הייליגטהום פון צוויי פערוואונדעטע נשמות, וועלכע זיינען ניט געוועזען געמאַכט איינע פאַר די אַנדערע. פררער האָט געמאַכט אַן ענדע צו אַ צושטאַנד, וועלכע איז צולעצט געוואָרען אונער־טרעגליך פאַר ביידע טהיילען — אָט דערפאַר איז ער אַ פערברעכער, אַ מענש אָהן מאָראַל אין די אויגען פון די קלעריקאַלע פערלוימדער.

פררער איז נאָך צימליך יונג געוועזען, ווען ער האָט זיך פעראייניגט מיט זיין ערשטער פרוי טהערעסאַ סאַנואַרטי. ס׳איז געוועזען אין יענער פּעריאָדע, ווען ער האָט פערלאָזען דאָס הויז פון זייגע עלטערן און האָט אָנגענומען אַ שטעלע אַלס אינספּעקטאָר ביי אַן אייזענבאַהן־קאָמ־פּאַניע. זיין יונגע פרוי איז געוועזען פון אַ שטריינג קאַטהאָלישער פאַמיליע

און אַליין פֿאָלשטענדיג דורכגעדרונגען מיט אַלע רעליגיעזע אַנשויאונגען פֿון דער קאַטהאָלישער קירכע. פֿעררער, וועלכער האָט אין יענער צייט גראַד וואָס אָנגעהויבען צו בעשעפֿטיגען זיך מיט דער רעפּובליקאַ׳ישער בעוועגונג, האָט זיך אָהן אַ צווייפֿעל אַרומגעטראָגען מיט דער האָפֿנונג, אַז עס וועט זיך איהם ביסלעכווייז איינגעבען צו געווינען זיין ווייב פֿאַר זיינע אידעען און אַנשויאונגען; אין דער ערשטער צייט פֿון זייער צוזאַמענלעבען האָט ער זאָגאַר געמאַכט מאַנכע קאָמפּראָמיסען מיט איהר אויף די קאָסטען פֿון זיינע אייגענע איבערצייגונגען. אַזוי האָט ער זיין ערשטע טאָכטער געלאָזט טויפֿען און איהר געגעבען דעם שטרייננג קאַטהאָלישען נאָמען טרינידאַד. אָבער זיין האָפֿנונג, אַז עס וועט איהם מיט דער צייט געלינגען צו בעפֿרייען זיין פֿרוי פֿון איהרע אָרטהאָדאָקסישע אידעען און פֿאָראורטהיילען, האָט זיך ניט ערפֿילט. פֿערקעהרט, וואָס מעהר פֿעררער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דער אַנטיקלעריקאַלער און רעפּובליקאַנישער בעוועגונג, אַלץ מעהר פֿערביטערט איז זי געוואָרען אויף איהם און זיינע פֿרייע איבערצייגונגען. אין 1884 איז פֿעררער געוואָרען אַ מיטגליד פֿון דער פֿריי-מויערער לאָזשע „ווערדאַד" (וואַהרהייט) אין באַרצעלאָנאַ און פֿון דאַמאָלסט אָן האָט ער געבראָכען מיט אַלע אויסערליכע פֿאָרמען פֿון דער קירכע. ער האָט זיינע שפּעטערע קינדער דריי טעכטער און אַ זוהן — שוין מעהר ניט געלאָזט טויפֿען און זיי געגעבען אַנטיקאַטהאָלישע נעמען. זיינע דריי טעכטער האָט ער גערופֿען פּאַס (פֿריעדען), לוס (ליכט) און סאָל (זונן) און זיין זוהן האָט ער געגעבען דעם נאָמען פֿון דעם רעבעלען-גענעראַל ריעגאָ, פֿאַר וועלכען ער האָט שטענדיג געהאַט אַ גרויסע בעוואונדערונג.

מען קען פֿערשטעהן, אַז פֿעררער׳ס האַנדלונגען און אידעען זיינען אָפֿט געווען די אורזאַכע פֿון ביטערע קעמפֿע צווישען מאַן און פֿרוי. מעניאָראַ פֿעררער האָט געוואָלט, אַז פֿראַנסיסקאָ זאָל זיך ענטזאָגען פֿון זיינע אידעען, זיין טהעטיגקייט, פֿון אַלעס, וואָס עס איז ביי איהם געווען הייליג און טהייער. נאָר דאָס איז געווען אונמעגליך פֿאַר אַ מאַן מיט זיין כאַראַקטער. די פֿאָלגע איז געווען, אַז דער אָבגרונד צווישען דיביידע מענשען איז געוואָרען אַלץ טיעפֿער און ברייטער, ביז עס האָט ענדליך געמוזט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפֿע.

נאָך דעם אויפֿשטאַנדס-פֿערזוך פֿון סאַנטאַ-קאָלאָמאַ דע פֿאַרנעס, ווען פֿעררער איז געווען געצוואונגען צו פֿערלאָזען שפּאַניען, אום ניט אַריינצופֿאַלען אין די גרויזאַמע הענד פֿון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן, איז דער אינערליכער צושטאַנד פֿון זיין פֿאַמיליען-לעבען געוואָרען נאָך

אונערטרעגליכער. די פרוי האָט זיך געפיהלט פרעמד און איינזאַם אין פּאַריז, ס'איז איהר אָנגעקומען שווער זיך צוצופּאַסען צום פראַנצויזישען לעבען און צו די נייע עקזיסטענץ-בעדינגונגען — און דיזע אינערליכע אונצופרידענהייט האָט נאָך פערשטאַרקערט ביי איהר די פערביטערונג געגען דעם מאַן איהרען, אין וועמען זי האָט געזעהן דעם אייגענטליכען פעראורזאַכער פון די אַלע ליידען און אונבעקוועמליכקייטען, וועלכע מאַ-כען דאָס לעבען פון די פּאָליטישע עמיגראַנטען מאַנכעס מאָל אַזוי שווער און אונערטרעגליך.

א פערשטענדיגונג איז געוועזען אונמעגליך; די ביידע מענשען זיינען אינערליך שוין לאַנג געוועזען פרעמד איינע צו די אַנדערע. פעררער האָט, אָהן א צווייפעל, פערשטאַנען דיזע פרוי; אָבער זי איז זיכער ניט געוועזען אים שטאַנד צו בעגרייפען דעם מאַן און זיינע אידעען, וועלכע זיינען געוועזען אַזוי ווייט פון איהרע אייגענע אָרטהאָדאָקסע רעליגיעזע אַנשויאונגען. קיין געמיינשאַפטליכע בעציהונגען צווישען די ביידע האָבען אי-בערהויפּט מעהר ניט עקזיסטירט; ס'איז מעהר ניט געוועזען ווי די זאָרג און פעראַנטוואָרטליכטקייט פאַר די קינדער, וואָס האָט זיי נאָך צוזאַ-מענגעהאַלטען. פעררער האָט געטראָגען זיין שיקזאַל מיט אַן אינערליכער רעסיגנאַציאָן; אָבער די טעמפּעראַמענטפולע פרוי איז ניט געוועזען אַזוי געדולדיג. פאַר איהר איז אויסגעקומען, אַז פראַנסיסקאָ איז דער צושטע-רער פון איהר לעבען און דער פערפיהרער פון איהרע קינדער. דיזער גע-דאַנק איז צולעצט געוואָרען ביי איהר אַ פיקסע אידעע און איינמאָל איז איהר אינערליכע אויפרעגונג געוועזען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אָבגעפייערט אַ רע-וואָלווער אויף פעררער'ן. נאָך דיזער פּאַסירונג איז דער צוזאַמענלעבען שוין געוועזען אונמעגליך און ביידע האָבען זיך צושידען. פעררער האָט איבערגענומען די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר זיינע קינדער און האָט בעהאַנדעלט זיין געוועזענע פרוי מיט דער גאַנצער עדעלקייט פון זיין נאָבלען כאַראַקטער.

פרוי פעררער איז שפּעטער אַוועק נאָך רוסלאַנד; דאָרטען איז זי צוגעשטאַנען צו דער אָרטהאָדאָקסישער קירכע און האָט זיך ווידער פער-הייראַט.

דאָס איז די געשיכטע פון פעררער'ס פאַמיליען-טראַגעדיע, וועלכע האָט דער קלעריקאַלער און רעאַקציאָנערער פּרעסע געגעבען אַ געלע-גענהייט צו בעשמוצען דעם ערמאָרדעטען. פעררער האָט זיך שפּעטער — זיעבען יאָהר נאָך דער צושיידונג מיט זיין ערשטער פרוי — פריי פעראייניגט מיט איינע פון זיינע לעהרערינען אין דער מאָדערנער שולע

פון באַרצעלאָנאַ. און דיזעס מאָל האָט ער געפונען דאָס פולע אינערליכע גליק און די שטילע צופרידענהייט, וועלכע ער האָט געזוכט אין זיין יוגענד, אָבער ליידער ניט געפונען. סאָלעדאַד וויליאַפראַנקא איז געווען די איינציגע פרוי אין פעררער'ס לעבען, וועלכע האָט געהאַט דעם שטאַרקסטען און ענטשיידענסטען איינפלוס אויף זיינע טיעפסטע און אינערליכסטע געפיהלען. עס פערשטעהט זיך, אַז פאַר די קלעריקאַלע דונקעל-מענער איז דיזע פרייע פעראייניגונג געווען אַ נייער בעוויז פאַר די „מאָראַלישע פערדאָרבענהייט" פון זייער אָפּפער. זיי זיינען גערעכט, פעררער איז ווירקליך ניט געווען קיין מאָראַליסט אין דעם זין ווי די היינטיגע געזעלשאַפט פערשטעהט עס. די געגענזייטיגע ליעבע אַלס די איינציגע גרונדלאַגע פון די בעציהונגען צווישען מאַן און ווייב, אַ פרייע פעראייניגונג אָהן שטאַאַטליכע און קירכליכע ערלויבענים פאַסט זיך ווירקליך ניט צו די איבעריגע שעהנהייטען פון דעם היינטיגען געזעלשאַפטליכען סיסטעם.

* * *

אין 1894 האָט זיך אָבגעשפּילט אין פעררער'ס לעבען אַ פאַסירונג, וועלכע האָט געהאַט אַן ענטשיידענדען איינפלוס אויף זיין גאַנצע שפּעטערע טהעטיגקייט.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אַז פעררער, נאָך פיעלע אומזיסטיגע פערזוכען צו שאַפען זיך אַ בעשיידענע עקזיסטענץ אין דער פראַנצויזישער הויפטשטאָדט, האָט ענדליך געפונען אַ שטעלונג אין דער פילאָטעכנישער שולע פון פאַריז אַלס שפּאַנישער שפּראַך-לעהרער. אַ מיטאַרבייטער פון דער פאַריזער צייטונג „מאַן", וועלכער איז מיט איהם בעקאַנט געווען אין יענער צייט, שטעלט איהם פאַר אַלס „אַ מאַן מיט אַן אייזערנער ענערגיע און אַ גרויסען אידעאַליסט." ער איז געווען „אַ מאָדעל פון אַ לעהרער און פלעגט אונטעררריכטען זיינע שילער אויף אַ העכסט אָריגינעלען שטייגער".

פעררער איז איבערהויפּט געווען אַ מאַן מיט אויסערגעוועהנליך ענטוויקעלטע פעדאַגאָגישע פעהיגקייטען און די אָריגינאַליטעט פון זיינע מעטהאָדען צייגט זיך אויך דייטליך אַרויס אין דער קליינער שפּאַנישער עלעמענטאַר-גראַמאַטיק, וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבען אין יענער עפּאָכע. ער האָט געליעבט זיין נייע פראָפעסיאָן און מאַנכע פון זיינע שילער זיינען געוואָרען איבערגעבענע פערזענליכע פריינד פון דעם קלוגען און אינטעליגענטען לעהרער, וועלכער האָט אַזוי גוט פערשטאַנען אַריינצופלעכטען פרייע אידעען און געדאַנקען אין זיינע לעקציאָנען.

איינמאָל זיינען צו פּעררער געקימען צוויי רייכע דאַמען; איינע פון זיי איז שוין געוועזען אַן עלטערע פרוי, די אַנדערע איז געוועזען אין די מיטעלערע יאָהרען — ס'איז געוועזען אַ געוויסע מאַדאַם מעניע מיט איהר טאָכטער.ביידע זיינען געוועזען גרויסע ליעבהאָבערינען פון רייזען און אַזוי ווי זיי האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ לענגערע רייזע איבער גאַנץ שפּאַניען, זיינען זיי פריהער געקומען צו פּעררער'ן, אום צו נעה־מען ביי איהם לעקציאָנען אין דער שפּאַנישער שפּראַך. די בעציהונגען זיינען אין דער ערשטער צייט געוועזען די געוועהנליכע ווי צווישען אַ לעה־רער און זיינע שילער. אָבער ביסלעכוויז האָט זיך ענטוויקעלט אַ געוויסע פריינדשאַפט צווישען די דריי מענשען און פּעררער האָט זיך דערוואוסט, אַז מוטער און טאָכטער זיינען ביידע איבערגעבענע און פרומע קאַטהאָ־ליקען. וויענדיג אַ מאַן, וועלכער איז שטענדיג אויסען געוועזען צו געווינען אַנדערע פאַר זיינע אידעען, האָט פּעררער אָנגעהויבען דיסקוטירען מיט זיי איבער די לעהרען פון דעם קאַטהאָליציזם און האָט ענטוויקעלט זיינע אייגענע אידעען מיט דער גאַנצער אָפענהערציגקייט פון זיין אויפריכטיגען כאַראַקטער. עס פערשטעהט זיך, אַז דער איינדרוק פון זיינע ווערטער איז ניט געוועזען קיין גינסטיגער. די אַלטע מאַדאַם מעניע האָט ביסלעכ־וויז אין גאַנצען אויפגעהערט קומען צו איהם; נאָר די טאָכטער האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם לעהרער און זיינע אידעען, אָבוואָהל זי איז געוועזען ווייט פון זיינע אַנשויאונגען. פּעררער האָט איהר דערצעהלט פון די שרעקליכע אונטערדריקונגען אין שפּאַניען, פון דעם מורא'דיגען איינ־פלוס פון דער קירכע, וועלכע ווענדעט אָן אַלע מיטלען, אום צו פער־הינדערן יעדע פּראָגרעסיווע טהעטיגקייט; ער האָט איהר פאָרגעשטעלט דעם טרויעריגען צושטאַנד, אין וועלכען די זאָגענאַנטע עפענטליכע ער־ציהונג אין דיזען לאַנד געפינט זיך און האָט פאַר איהר ענטוויקעלט מיט בעגייסטערונג זיין פּלאַן וועגען דער גרינדונג פון אַ פרייער שולע אין קאַטאַלאָניען.

אויף פרייליין מעניע האָבען דיזע ווערטער געמאַכט אַ טיעפען איינ־דרוק. זי האָט געפיהלט אַ געוויסע סימפּאַטהיע צו דעם מאַן, וועלכער האָט זיך אַ־ומגעטראָגען מיט אַזעלכע גרויסע פּלענער און האָפנונגען, און דיזע סימפּאַטהיע האָט זיך נאָך פערשטאַרקערט, ווען זי האָט דער־קענט דעם ריינעם און נאָבעלען כאַראַקטער פון דעם ענטוויאַסטישען לעהרער. דיזער מאַן איז אפילו ניט געוועזען קיין פרומער קאַטאָליק, ער איז געוועזען ווייט פון אַלע עקזיסטירענדע רעליגיאָנען, אַן אויסגעשפּראָכע־נער פריידיינקער, אַן אַטהעאיסט; אָבער מאַדמאָאַסעל מעניע האָט

געפיהלט, אַז זיין נשמה איז טיעפער און נאָבעלער ווי עס איז געווען דער פאַל מיט פיעלע פון איהרע גלויבענס־גענאָסען. פאַר אַ געוויסע צייט האָט זי זיך זאָגאַר צוריקגעצויגען פון איהם, מורא האָבענדיג, אַז איהרע רעליגיעזע איבערצייגונגען וועלען ביסלעכווייז פערניכטעט ווערן דורך די שטענדיגע בעציהונגען צו אַזאַ געפעהרליכען געגנער פון יעדען גלוי־בען, ווי פעררער איז געווען. אָבער מיט אַ קורצע צייט שפּעטער האָט זי איהם אַליין ווידער אויפגעזוכט און פאָרטגעזעצט די פריינדשאַפטליכע בעציהונגען, וועלכע האָבען איהר פערבונדען מיט דיזען מערקווירדיגען און אויסערגעוועהנליכען מאַן.

איינמאָל, ווען פעררער האָט ווידער געהערט פון זיינע פּלענער וועגען דער גרינדונג פון פרייע שולען אין זיין היימאַט, האָט זיך פריילין מעניע פּלוצלינג אָבגערופען גאַנץ ספּאָנטאַן און האָט איהם ערקלעהרט, אַז זי וועט איהם געבען די מאַטעריעלע מעגליכקייט צו פערווירקליכען זיינע פּלענער. אַזוי ווי זי איז געשטאַנען גאַנץ אַליין אין דער וועלט — איהר מוטער איז געשטאָרבען וועהרענד דער צייט — אָהן אַ פאַמיליע, האָט זי בעשלאָסען איהם צו מאַכען פאַר איהר ירוש, ווען זי וועט שטאַרבען.

פעררער האָט אָנגענומען איהר פאָרשלאַג מיט דער בעדינגונג, אַז די ירושה זאָל הויפּטזעכליך פערווענדעט ווערען פאַר דער גרינדונג פון פרייע שולען אין שפּאַניען.

אין 1901 איז פריילין מעניע געשטאָרבען. אין איהר צוואה האָט זי פעררער'ן איבערגעלאָזט אַ שטיק לאַנד מיט אַ הויז, וועלכע זיינען ווערטה געווען אַן ערך 80.000 פראַנק. אין דער צוואה איז ניט גע־שטאַנען קיין וואָרט, ווי אַזוי פעררער זאָל פערווענדען דעם פערמעגען. עס איז געווען זיין אייגענטהום און ער האָט דערמיט געקענט טהון, וואָס ער האָט נור אַליין געוועלט.

* * *

די קלעריקאַלע פערלוימדער האָבען אויך דיזע פּאַסירונג בענוצט, אום דעם טויטען מערטירער צו בעשמוצען. די קלעריקאַלע און רעאַק־ציאָנערע פּרעסע האָט ערקלערט, אַז פעררער איז געווען אַ געוועהנליכער בעטריגער, וועלכער האָט אַרויסגענאַרט פון דער פרומער קאַטהאָליקין דאָס געלד אויף אַן אונעהרליכען אופן. פראַנצויזישע, שפּאַנישע, איטאַ־ליענישע, דייטשע און ענגלישע רעאַקציאָנערע צייטונגען האָבען פער־שפּרייט דיזע שענדליכע פערלוימדונג, אום צו בעאיינפלוסען די עפענט־ליכע מיינונג. אפילו דער ראַדיקאַלער „מאַנטשעסטער גאַרדיען" האָט פערעפענטליכט אַ בריעף פון אַ פּריעסטער, וועלכער האָט ערקלערט,

אַז פֿריילײן מעניע האָט געמאַכט פֿעררער פֿאַר איהר יורש, אום ער זאָל פֿערוועגדען איהר פֿערמעגען פֿאַר קאַטהאָלישע צוועקען.

דיזע אַלע בעהויפּטונגען זיינען אַזוי אַבסורד, אַז עס לוינט כמעט ניט צו רעדען וועגען זיי. פֿריילײן מעניע איז בעקאַנט געוועזן מיט פֿער־רער פֿאַר עטליכע יאָהר צייט; זי האָט געוואוסט זיינע אידעען און פֿעררער איז געוועזן דער לעצטער, וועלכער האָט בעהאַלטען זיינע איבערצייגונגען. נור אַ וואַהנזיניגער קען גלויבען, אַז איהר אַבזיכט איז געוועזן צו מאַכען פֿעררער פֿאַר איהר יורש, כדי ער זאָל פֿערוועגדען איהר פֿערמעגען פֿאַר דער קאַטהאָלישער קירכע. אויב דאָס וואָלט ווירק־ליך געוועזן איהר אַבזיכט, וואָלט זי געקענט איבערלאָזען איהרע רייכ־טהימער דירעקט צו דער קירכע, און זי וואָלט זיכער ניט אויסגעקליבען אַן אויסגעשפּראָכענעם אַטהעאיסט אַלס פֿערמיטלער. אָבער די פֿער־שפּרייטער פֿון דיזע פֿערלוימדונגען ווייסען אַליין גאַנץ גוט, אַז זייערע נידעריגע בעהויפּטונגען האָבען קיין שום פֿונדאַמענט, נאָר אום צו בע־שמוצען דעם אַנדיינקען פֿון דעם ערמאָרדעטען, זיינען זיי נאָך אימער גוט גענוג.

* * *

פֿעררער איז אַלזאָ פּלוצלינג געוועזן אַ רייכער מאַן. אָבער זיין פֿער־מעגליכעס לעבען האָט זיך ניט פֿערענדערט אויף אַ האָר. ער האָט רוהיג ווייטער געוואוינט אין דערזעלבער בעשיידענע וואוינונג און געלעבט ווי בעפֿאָר. זיין פֿערמעגען איז געוועזן הייליג פֿאַר איהם; ס'איז געוועזן דער מיטעל צו פֿערווירקליכען זיינע טהייערסטע האָפֿנונגען. איצטער איז ער געוועזן אימשטאַנד צו גרינדען אַ פֿרייע שולע אין באַרצעלאָנאַ; דער חלום פֿון לאַנגע יאָהרען האָט ענדליך בעקומען אַ בעשטימטע פֿאָרם און פֿעררער האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט, אום אָנצופֿאַנגען זיין גרויסעס ווערק.

VI.

## פעררער׳ס אידעעי מכח דער ערציהונג.

אין אָנפאַנג זומער פון 1901 איז פעררער צוריק נאָך באַרצעלאָנאַ, אום דאָרטען צו רעאַליזירען זיינע פלענער. א פרישער ווינד האָט דאַמאָלסט געוועהט איבער גאַנץ שפּאַניען. די רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער בעוועגונג, וועלכע איז דורך די שרעקליכע רעאַקציאָן פון 97־1896 פאַר אַ קורצע צייט פאַראַליזירט געוואָרען, האָט זיך ווידער רעאָרגאַניזירט און בעוויזען פון דאָס ניי, אַז אפילו די שוידערליכסטע פערפאָלגונגען זיינען ניט אים שטאַנד צו דערשטיקען דעם אַנאַרכיסטישען געדאַנק און די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון דער שפּאַנישער אַרבייטערשאַפט.

די בלוטיגע טראַגעדיע פון מאָנטזואיטש האָט געמאַכט אַ מורא׳דיגען איינדרוק אויף דאָס עפענטליכע געוויסען פון גאַנץ איירָאפּאַ. עס איז געווען דעם ערשטען מאָל, אַז די ברייטע עפענטליכקייט האָט זיך בעקענט מיט די שוידערליכע פערברעכען פון דער מאָדערנער אינקוויזיציאָן אין שפּאַניען. די בריעף פון די אונגליקליכע אָפּפערס אין די קאַזעמאַטען פון מאָנטזואיטש האָבען אַרויסגערופען אַ שטורם פון אויפרעגונג און עמפּעהרונג אין אַלע זאָגענאַנטע קולטור־לענדער. די גרויזאַמע טהאַטזאַכע, אַז די פינסטערע צייט פון טאָרקוועמאַדאַ און לאָיאָלאַ איז פלוצלינג ווידער אויפגעשטאַנען תחית המתים אין 19טען יאָהרהונדערט, דעם „יאָהרהונדערט פון וויסענשאַפט, בילדונג און אויפקלערונג“, האָט געמאַכט אַ מורא׳דיגען איינדרוק אויף דעם פּראָגרעסיווען טהייל פון דער מענשהייט. קיין צווייפעל ניט, אַז די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָטעסט־בעוועגונג, וועלכע האָט זיך דאַמאָלסט אויפגעהויבען אין אַלע לענדער, האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען צו עפענען די טהירען פון די שפּאַנישע געפענגניסע פאַר די לעצטע אָפּפער פון יענער בלוטיגער טראַגעדיע. נאָר ווער פון די הונדערט טויזענדער פּראָטעסטירער אין אויסלאַנד האָט פערשטאַנען די גאַנצע טראַגישע בעדייטונג פון דיזער שרעקליכער קאַטאַסטראָפע פאַר דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין שפּאַניען ? אַלע עפענטליכע פעראייניגונגען, אַלע געווערקשאַפטען

זיינען אונטערדריקט געוואָרען אין איינינע טעג. קיין אַנאַרכיסטישע און געווערקשאַפטליכע צייטונג האָט מעהר ניט געקענט ערשיינען. טוויזענדער בראָשורען און ביכער, וועלכע די פּאָליציי האָט קאָנפיסצירט, זיינען פערברענט געוואָרען. די געפענגניסע זיינען געווען איבערפילט מיט די קרבנות פון דיזער ווילדער און גרוזאַמער רעאַקציאָן און אין די קאַזעמאַטען פון מאָנטכואיטש האָבען זיך אָבגעשפּיעלט שרעקליכע, אונבעשרייבליכע סצענען. הונדערטער אַקטיווע קאַמעראַדען, וועלכע זיינען ניט אַריינגעפאַלען אין די בלוטיגע הענד פון די הייזקער, האָבען געמוזט פערלאָזען די היימאַט. זעקס אַנאַרכיסטען האָט מען דערשאָסען אין פעסטונגס-גראָבען פון מאָנטכואיטש, אָן ערך אַכטציג זיינען פעראורטהיילט געוואָרען פון צוואַנציג יאָהר ביז אייביגע קאַטאָרגע. אפילו די פריי־געשפראָכענע אָפּפער האָט מען געצוואונגען צו פערלאָזען שפּאַניען.

מען קען פערשטעהן, וואָס פאַר אַ מורא׳דיגער קלאַפּ דאָס איז געווען פאַר דער בעוועגונג. אין אַן אַנדער לאַנד וואָלט עס גענומען יאָהרען און יאָהרען, איידער די פּראָפּאַגאַנדאַ וואָלט צוריק אויפגעלעבט; אָבער ניט אין שפּאַניען, וואו די אַנאַרכיסטען האָבען שטענדיג געהאַט אַ גוטע און פּלאַנמעסיגע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט פעראייניגט אַלע קרעפטע געגען דער רעאַקציאָן.

דעם 6טען אויגוסט 1897 האָט אַנדזשיאָלילאָ דערשאָסען קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ, דעם קאָפּ פון דער מאָנאַרכיסטיש-קלעריקאַלער רעאַקציאָן; און שפּעטער מיט צוויי וואָכען האָט ראַמאָן סעמפּאַאו פערוואונדעט דעם זשאַנדאַרמעריע-לייטענאַנט פּאָרטאַס, דעם איניציאַטאָר פון דער אינקוויזיציאָן פון מאָנטכואיטש. דיזע טהאַטען האָבען געווירקט ווי אַ בליץ. דורך דעם טויט פון דעם פיהרער האָט די רעאַקציאָן פערלאָרען די ברוטאַלע זיכערהייט פון איהרע האַנדלונגען; פון דער אַנדערער זייט האָט די אונטערדריקטע בעוועגונג בעקומען נייע ענערגיע, אום ווייטער אָנצופיהרען דעם קאַמפף געגען דער רעאַקציאָן, טראָץ די באַרבאַרישע אויסנאַהמע-געזעצע. די צושפּרייטע קרעפטע אין שפּאַניען גופא האָבען ווידער אָנגעהויבען זיך צונויפצוקלייבען און הונדערטע פון די פערפאָלגטע זיינען צוריקגעקומען פון אויסלאַנד.

אין 1898 האָט דער לעהרער כואַן מאָנטסעני (פעדעריקאָ אוראַלעס), איינער פון די געפאַנגענע אין מאָנטכואיטש, אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען דעם אַנאַרכיסטישען זשורנאַל „לאַ רעוויסטאַ בלאַנקאַ" אין מאַדריד און באַלד דערנאָך איז ערשינען די וואָכען־צייטונג „סופּלעמענטאָ דע לאַ רעוויסטאַ בלאַנקאַ", וועלכע האָט שפּעטער איבערגעביטען איהר נאָמען

אויף „טיעראַ אי ליבערטאַד“ (ערד און פרייהייט). די געווערקשאַפטען האָבען זיך פון דאָס ניי רעאָרגאַניזירט טראָץ דעם אויסנאַהמע־געזעץ און די רעאַקציאָן האָט שוין מעהר ניט דעם מוטה געהאַט אָנצואווענדען יענע שוידערליכע מאַסרעגלען, וועלכע דאָס נייע אַנטי־אַנאַרכיסטען־געזעץ האָט איהר ערלויבט. אין 1900 האָט שטאַטגעפונען אין מאַדריד אַ קאָנגרעס פון אַלע אַנאַרכיסטישע און רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפטס־אָרגאַניזאַציאָנען. אָן ערך 200 דעלעגאַטען זיינען זיך צונויפגעקומען, וועלכע האָבען פערטראָטען 52,000 אָרגאַניזירטע אַרבייטער. אויף דעם קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרען די אַלגעמיינע שפּאַנישע געווערקשאַפטס־פעדעראַציאָן, די „פעדעראַסיאָן רעגיאָנאַל דע טראַבאַכאַדאָרעס“. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון די אַלע אונמענשליכע און מערדערישע פערפאָלגונגען, וועלכע די רעאַקציאָן האָט אָרגאַניזירט, אום איין פאַר אַלע מאָל צו דערשטיקען דעם אַנאַרכיזם אין שפּאַניען.

פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך די בעוועגונג ווידער ענטוויקעלט מיט אַן אונגלויבליכער שנעלקייט. די אונטערדריקטע צייטשריפטען זיינען ערשינען פון דאָס ניי און די פּראָפּאַגאַנדאַ איז ווידער אָנגעגאַנגען ווי בעפאָר.

דאָס איז געווען דער צושטאַנד, ווען פעררער איז געקומען צוריק נאָך באַרצעלאָנאַ. ער האָט בעגריסט דעם נייען אויפשוואונג פון דער בעוועגונג מיט דעם גאַנצען ענטוזיאַזם פון זיין לעבהאַפטען טעמפּעראַמענט און ער האָט איהר דירעקט אונטערשטיצט דורך די גרינדונג פון דער אויסגעצייכענטער „הועלגאַ בענעראַל“ (גענעראַל סטרייק), די רעוואָלוציאָנערסטע צייטשריפט פון דער מאָדערנער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין שפּאַניען, וועלכע איז ערשינען אונטער דער רעדאַקציאָן פון אַנסעלמאָ לאָרענסאָ און איגנאַטיאָ קלאַריאַ.

* * *

אין אויגוסט 1901 האָט פעררער ערעפענט די מאָדערנע שולע אין באַרצעלאָנאַ. ער האָט זיך פריהער דורכגערעדט מיט איינינע בעדייטענדע פערטרעטער פון דער מאָדערנער וויסענשאַפט אין פראַנקרייך און שפּאַניען און האָט גרופּירט אַרום זיך אַ קליינעם קרייז פון ערפאַהרענע און פּראַקטישע מענער און פרויען, וועלכע האָבען איהם געהאָלפען מיט ליעבע און בעגייסטערונג אויספיהרען דעם טרוים פון לאַנגע יאָהרען, דאָס גרויסע ווערק פון זיין לעבען. אין פראַנקרייך זיינען עס הויפּטזעכליך געווען צוויי אַזעלכע גלענצענדע פערטרעטער פון דער וויסענשאַפט ווי עליזע רעקלו און שאַרל לעטורנאָ, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו פעררער׳ס ווערק; אין שפּאַניען גופא זיינען עס געווען דר. אָדאָן דע

בוען, דער בעקאַנטער נאַטוראַליסט, פּראָפֿעסאָר מאַרטינעס וואַרגאַס און אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, דער פּיאָניר פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע" אין שפּאַניען און דער פֿאָרקעמפֿער פֿון דער מאָדערנער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין דיזען לאַנד, וועלכע האָבען פֿעררער'ן אונטערשטיצט מיט זייער ווערטהפֿאָלער מיטאַרבייטערשאַפֿט אין זיין שווערער און נאָבעלער אויפֿגאַבע. אויך פּראָפֿעסאָר ראַמאָן אי קאַכאַל, איינער פֿון די בעדייטענסטע פֿיזיאָלאָגען אין אַמעריקאַ, איז געווען איינער פֿון די ערשטע, וועלכע האָבען גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דער גרינדונג און ענטוויקלונג פֿון דער מאָדערנער שולע אין באַרצעלאָנאַ. אויסער דיזע אַלגעמיין בעקאַנטע מענער האָט פֿעררער נאָך פֿעראייניגט אַרום זיך אַ גאַנצען קרייז פֿון וויסענשאַפֿטליכע מיטאַרבייטער, לעהרער און לעהרערינען, אום צו מאַכען זיין ווערק, וואָס פֿאָלקאָמענער און ערפֿאָלגרייכער.

ער האָט פֿערשטאַנען, אַז זיין אויפֿגאַבע וועט זיין אַ שווערע און ניט בלויז אַ שווערע, נאָר אויך אַ געפֿעהרליכע אין אַזאַ לאַנד ווי שפּאַניען. זיין פּלאַן איז ניט געווען צו גרינדען אַ געוועהנליכע שולע, אום בעקאַנט צו מאַכען דעם יונגען דור מיט די עלעמענטאַרע גרונדלאַגען פֿון די פֿערשידענע וויסענשאַפֿטען. ניין, זיין ציעל איז געווען אַ פֿיעל העכערער; אָט דערפֿאַר האָבען איהם אויך די צאָהלרייכע „וועלטליכע שולען", די „עסקועלאַס לאַאיקאַס" פֿון די פֿריידיינקער און רעפּובליקאַנער ניט געקענט בעפֿרידיגען. אין דיזע שולען האָט מען די קינדער ערצויגען אָהן רעליגיאָן און מאַנכע פֿון זיי ויינען געווען זעהר גוט ענטוויקעלט אין איהרע פּעדאַגאָגישע מעטהאָדען און טעכנישע מיטלען. אָבער פֿעררער איז געגאַנגען פֿיעל ווייטער: ער האָט געוואָלט ענטוויקלען אַ נייען דור פֿון פֿרייע מענשען און די רעליגיאָן אַליין איז פֿאַר איהם ניט געווען דער איינציגער אָבהאַלט. עד האָט געוואָלט צושטערען אַלע רעליגיעזע, פּאָליטישע און סאָציאַלע דאָגמאַס און פֿאָראורטהיילע און אויפֿברייגען אַ גענעראַציאָן מיט גאַנץ נייע מאָראַל־אַנשויאונגען, אַ גענעראַציאָן פֿון מענער און פֿרויען, ביי וועלכע די פֿרייע ערציהונג זאָל ענטוויקלען דעם ריינסטען אידעאַליזם און דעם אינערליכען וואונש אָנצופֿיהרען דעם קאַמפּף געגען דער היינטיגער געזעלשאַפֿט און איהרע אַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע שטיצען זיך אויף דעם רעזשים פֿון הערשאַפֿט און אויסבייטונג.

דעם 1טען מאַי 1907, ווען פֿעררער איז געזעסען אין געפֿענגניס פֿון מאַדריד, צוליעב דעם אַטענטאַט פֿון מאַטעאָ מאָראַלל אויף אַלפֿאָנזאָ דעם 13טען, האָט ער געשריבען אַ בריעף צו די אַרויסגעבער פֿון דעם זשורנאַל „הומאַניטאַד נועוואַ" אין וואַלענסיאַ. אין דעם דאָזיגען בריעף

האָט פֿערערער ענטוויקעלט אין קורצע ווערטער זיין פערזענליכע אַנזיכט איבער די בעדייטונג פֿון דער מאָדערנער שולע. זיין שרייבען איז שפּעטער פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דער אויבען דערמאָהנער צייטשריפֿט אונ־טער דעם נאָמען „וויסענשאַפֿטליכער ראַציאָנאַליזם" און לויטעט ווי פֿאָלגט:

* * *

„ווען איך האָב מיט זעקס יאָהר צוריק געהאַט דעם פֿערגניגען צו ערעפֿענען די מאָדערנע שולע אין באַרצעלאָנאַ, איז געווען מיין גאַנצער שטרעבען, אַז די מעטהאָדע פֿון דער ערציהונג זאָל זיין אַ ראַ־ציאָנעלע און וויסענשאַפֿטליכע. איך האָב זיך געגעבען אַ בעזונדערע מיה צו לאָזען וויסען דאָס פּובליקום, אַז זינט איך בין געקומען צו דער איי־בערצייגונג, אַז פֿערנונפֿט און וויסענשאַפֿט זיינען די בעסטע רפואות געגען אַלע סאָרטען פֿון דאָגמאַס, האָב איך בעשלאָסען ביי זיך, אַז אין אונזער שולע זאָל ניט געלערנט ווערען קיין שום רעליגיאָן, אונטער וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם זי זאָל זיך ניט בעהאַלטען. איך האָב געוואוסט, אַז דיזע ערקלעהרונג וועט אַרויסרופֿען דעם האַס פֿון דער פּריסטער־קלאַסע און אַז מען וועט אונז בעקעמפּפֿען מיט די געוועהנליכע וואָפֿען, מיט וועלכע די יעניגע פֿלעגען זיך בענוצען, וואָס לעבען אויסשליסליך פֿון ליגענס און היפּאָקריטיזם; איך האָב אויך געוואוסט, ווי גוט זיי פֿערשטעהען צו מיסברויכען זייער איינפֿלוס אויף די אונוויסענהייט פֿון זייערע אָנהייגער און אויף די מאַכט פֿון דער רעגירונג. איך האָב אַלעס געוואוסט, נאָר וואָס מעהר מען האָט מיך געוואָרענט ניט אַזוי אָפֿען צו אַטאַקירען די פֿערשענדע קירכע, אַלץ גרעסער איז געוואָרען מיין מוטה און די לוסט אויסצופֿיהרען מיין אונטערנעהמונג; דערפֿאַר וואָס איך בין געווען איי־בערצייגט, אַז וואָס גרעסער עס איז אַן איבעל, וואָס מעכטיגער אַ טיראַניי, אַלץ מעהר קראַפֿט, מוטה און ענערגיע דאַרף מען אָנווענדען זיי צו צושטערען.

„דער אַלגעמיינער אויסגעשריי פֿון דער קלעריקאַלער פּרעסע געגען דער מאָדערנער שולע, וועלכער האָט מיר אַריינגעפֿיהרט אין געפֿענגניס פֿאַר אַ יאָהר צייט, האָט מיר בעוויזען, אַז מיין מעטהאָדע פֿון ערציהונג איז אַן אויסגעצייכענטע און דערפֿאַר וואָלט איך געראַטהען אַלע ראַציאָנאַליסטען, זיי זאָלען פֿאָרטזעצען זייער אַרבייט מיט דער גרעסטער ענערגיע, מיט נאָך מעהר מוטה ווי ביז איצט, אום צו פֿער־שטאַרקערן אונזער איינפֿלוס און מאַכט.

„אין דערזעלבער צייט איז נויטווענדיג צו בעמערקען, אַז די

אויפגאַבע פון דער מאָדערנער שולע איז ניט בלויז בעשריינקט אויף דעם וואנש אויסצורייניגען די מענשליכע מוחות פון די רעליגיעזע פאָר־אורטהיילען. אמת, די לעצטע זיינען איינער פון די וויכטיגסטע פאַקטאָרען, וועלכע פערהינדערן די אינטעלעקטועלע בעפרייאונג פון׳ם מענשען; פונדעסטוועגען וואָלט די פערניכטונג פון די רעליגיעזע פאָראורטהיילען אַליין ניט אימשטאַנד געווען צו פערזיכערן די ענטוויקלונג פון א פרייער און גליקליכער מענשהייט, און עס איז גאַנץ לייכט מעגליך, אַז מענשען זאָלען קענען עקזיסטירען אָהן רעליגיאָן, אָבער אויך אָהן פרייהייט.

„אויב די אַרבייטער־קלאַסע וואָלט זיך אפילו בעפרייט פון דעם רעליגיעזען פאָראורטהייל, נאָר אויב זי וואָלט אין דערזעלבער צייט ווייטער בעאיינפלוסט געוואָרען פון דעם פאָראורטהייל פון אייגענטהום, אַזוי ווי ער עקזיסטירט איצטער; אויב די אַרבייטער וואָלטען ווייטער אַנערקענט די אונזיניגע און פאַלשע לעהרע, אַז עס וועט שטענדיג געבען רייכע און אָרעמע אויף דער וועלט; אויב די ראַציאָנעלע ערציהונג וואָלט זיך דערמיט בענוגענט נאָר צו ענטוויקלען און פערשפרייטען די לעהרען פון דער היגיענע און די נאַטור־וויסענשאַפטען, ווען זי וואָלט מעהר ניט געטהאָן ווי צו ענטוויקלען פעהיגע לעהר־יונגען, בוך־האַלטערס, בעאַמטע און אַרבייטער פון אַלע פאַכען, דאַן וואָלטען מיר געקענט פיהרען אַ מעהר אָדער ווייניגער געזונדען און נאַטירליכען לעבען צווישען אַטהעאיסטען, אויף ווי ווייט די פערדאָרבענע נאַהרונג און די נידעריגע אַרבייטס־פרייזען וואָלטען עס דערלאָזען, אָבער מיר וואָלטען שטענדיג פערבליבען די שקלאַפען פון קאַפּיטאַל.

„דערפאַר שטעלט זיך די „מאָדערנע שולע" די אויפגאַבע צו בעקעמפפען אַלע פאָראורטהיילען, וועלכע פערהינדערן די פאָלשטענדיגע בעפרייאונג פון׳ם אינדיווידואום. צו דיזען צוועק האָט זי אָנגענומען דעם הומאַניטערען ראַציאָנאַליזם, וועלכער בעשטעהט אין דעם איינפלאַנצען די קינדער דעם וואונש צו בעקענען זיך מיט די אורזאַכען פון די געזעלשאַפטליכע איבלען, כדי דיזע ערקענטניס זאָל זיי שפּעטער געבען די מעגליכקייט צו בעקעמפפען די דאָזיגע איבלען.

אונזער הומאַניטערער ראַציאָנאַליזם בעקעמפפט די ברודער־מערדערישע מלחמות, צי זיי ריכטען זיך געגען די אינערליכע אָדער אויסערליכע „שונאים"; ער בעקעמפפט די אויסבייטונג פון׳ם מענשען דורך׳ן מענשען און די פערשקלאַפונג פון דער פרוי. ער בעקעמפפט אַלע שונאים פון דער מענשליכער האַרמאָניע: אונוויסענהייט, פערברעכען,

שכרות און אַלע אַנדערע איבלען און פֿעהלער, וועלכע העלפֿען מיט אַבצוטהיילען די מענשען אין אונטערדריקער און אונטערדריקטע.

„מיר זעהען אַלזאָ, אַז די ראַציאָנאַליסטישע און וויסענשאַפֿטליכע ערציהונג פֿון דער „מאָדערנער שולע" נעהמט אַריין אין זיך יעדעס שטודיום, וועלכעס איז גינסטיג פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון'ם איינצעלנעם מענשען און פֿאַר דער האַרמאָניע פֿון דער אַלגעמיינהייט, אַלעס, וואָס קען די מענשהייט אַרויספֿיהרען אויף דעם וועג צו אַ צושטאַנד פֿון ליעבע, פֿריעדען און וואָהלזיין אָהן אַן אונטערשיעד פֿון קלאַסען און געשלעכטער".

מאָדעל־געפֿענגנים פֿון מאַדריד, 1—6—1907,

פֿ. פֿערער גאַרדיאַ.*)

* * *

דיזע ווערטער פֿאָדערן קיין שום קאָמענטאַר; זיי ציינען אונז קלאָר די אייגענטליכע ציעלען פֿון דער „מאָדערנער שולע" אין באַרצעלאָנאַ און ווידערלייגען איין פֿאַר אַלע מאָל די אונבעגרינדעטע בעהויפּטונגען פֿון די בורזשואַזע פֿריימויערער און פֿריידיינקער, וועלכע זעהען אין פֿערערן ניט מעהר ווי דעם פֿערטרעטער פֿון אַן ערציהונג אָהן רעליגיאָן און אָהן קירכליכע דאָגמאַס. אין דער ווירקליכקייט איז פֿעררער געגאַנגען פֿיעל ווייטער: פֿאַר איהם איז די ערציהונג ניט געווען קיין ציעל, נאָר דער מיטעל צו אַ בעשטימטען ציעל, אַ מיטעל צו ענטוויקלען אַ נייען דור, וועלכער זאָל פֿעראייניגען און פֿערקערפּערן אין זיך די גרויסע שטרעבונגען פֿון פּערזענליכער פֿרייהייט און געזעלשאַפֿטליכער האַרמאָניע. אָט דערפֿאַר האָט זיין ווערק ניט בלויז אַ בעדייטונג פֿאַר שפּאַניען אַליין, נאָר פֿאַר דער גאַנצער וועלט, פֿאַר אַלע לענדער און אַלע פֿעלקער.

די גרויסע סאָציאַלע קעמפּפֿע פֿון אונזער צייט קאָנצענטרירען די עפֿענטליכע אויפֿמערקזאַמקייט כמעט אויסשליסליך אויף די אַלגעמיינע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פֿראַגען. ביי די ברייטע מאַסען, וועלכע האָבען פֿריהער געטראָגען זייער יאָך מיט אַ מין פֿאַטאַליסטישער גלייכגילטיגקייט, ענטוויקעלט זיך אַלץ דייטליכער און שטאַרקער דער בעדערפֿניש פֿאַר פּאָליטישע פֿרייהייט און עקאָנאָמישע גלייכהייט און דיזער שטרעבען געפֿינט זיין אויסדרוק אין די אונצעהלבאַרע קעמפּפֿע געגען דער קאַפּיטאַליסטישער לוין־שקלאַפֿעריי און דער פּאָליטישער אונטערדריקונג פֿון די רעגירונגען, אין וועלכע אונזער פּעריאָדע איז אַזוי רייך. גאַנץ נייע מאָראַל־אַנשויאונגען האָבען זיך ענטוויקעלט אין דיזע קעמפּפֿע

*) Extraordinario de Humanidad Nueva, 1907.

און דער געפיהל פון פערזענליכער ווירדע איז מעכטיג געוואַקסען. געוויסע האַנדלונגען, וועלכע וואָלטען פריהער אפילו קיין פּראָטעסט ניט אַרויס־גערופען, זיינען היינט אימשטאַנד צו שאַפען אַ גאַנצען שטורם פון צאָרן און עמפּעהרונג ביי די מאַסען.

אויך די אַלגעמיינע אַנזיכטען איבער די שטעלונג פון דער פרוי אין געזעלשאַפטליכען לעבען האָבען זיך געוואַלטיג פערענדערט. הונדערטער און טויזענדער פאַקטאָרען אין דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ענט־וויקלונג, אין קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט האָבען געאַרבייט און געווירקט פאַר דיזע פערענדערונג פון די אַנזיכטען. אפילו אין די הינ־טערשטעליגסטע קרייזען פון דער געזעלשאַפט האָט די פראַגע וועגען דער גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי געפונען אַ געוויסען אָבקלאַנג, וועלכער קען שוין מעהר ניט פערניכטעט ווערן.

אָבער צווישען די אַלע פאָדערונגען, פראַגען און שטרעבונגען, וועלכע אילוסטרירען אַזוי דייטליך דעם אַלגעמיינעם בעדערפניש פאַר אַ בעסערן, מענשליכערען און פרייערען געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, גיט עס איין פראַגע, וועלכע איז ביז איצט אַם מייסטען פערנאַכלעסיגט געוואָרען — די פראַגע פון דער ערציהונג און ענטוויקלונג פון׳ם קינד. עס איז אפילו שוין אַסך געשריבען געוואָרען וועגען דער ערציהונג און ענטוויקלונג פון די קינדער; אָבער נור ווייניגע האָבען בעגריפען די פולע בעדייטונג פון דיזער פראַגע און דערפאַר האָבען די פּראַקטישע פערזוכע, וועלכע זיינען ביז איצט געמאַכט געוואָרען אין דיזער ריכטונג, געהאַט אַזאַ קלעגליכען ערפאָלג.

דאָס קינד איז ליידער ניט אימשטאַנד צו פערטרעטען זיינע אייגענע אינטערעסען און דערפאַר איז עס אין יעדער בעציהונג אַן אָפּפער פון די איצטיגע אוננאַטירליכע און באַרבאַרישע געזעלשאַפטליכע צושטענדע. פון אַלע פערברעכען, וועלכע די היינטיגע געזעלשאַפט בעגעהט געגען די ברייטע מאַסען פון פאָלק, איז דער פערברעכען געגען די קינדער דער ערגסטער און שענדליכסטער פון אַלע. דער פאַקט אַליין, אַז מיליאָנען פון אָרעמע, אונגליקליכע פּראָלעטאַריער־קינדער דאַרפען איבערליידען די גאַנצע ביטערניש פון אַ ברוטאַלען, אונמענשליכען עקאָנאָמישען סיסטעם, איז דער בעסטער בעוויז פאַר דעם באַרבאַריזם פון אונזער צייט, וועלכע זוסטע קעפ רופען מיט שטאָלץ די „צייט פון בילדונג, וויסענשאַפט און קולטור". דער געדאַנק, אַז מיליאָנען קינדער זיינען ניט אימשטאַנד צו בעפרידיגען זייערע עלעמענטאַרסטע פיזישע בעדערפנישען, אַז מיליאָנען אונשולדיגע קליינע ווזענס ליידען פון הונגער, קעלט און אַלע אונפער־ניידליכע רעוואָלטאַטען פון׳ם סאָציאַלען עלענד — אָט דיזער געדאַנק

אַליין מוז אַרויסרופֿען אַ געפֿיהל פֿון טיעפֿסטער פֿעראַכטונג צו אַ סיסטעם, וועלכעס שאַנעוועט אפילו ניט דאָס טהייערסטע און הייליגסטע — דעם יונגען דור, די זריעה פֿון דער צוקונפֿט. מיליאָנען קינדער וואַקסען אויף אין דעם גיהנום פֿון די גרויסע שטעדט מיט איהרע פֿינסטערע פֿאַבריקען און איינגע, שמוציגע גאַסען, ניט וויסענדיג פֿון דער פֿרייער שעהנער נאַטור און די פֿריידען פֿון דער יוגענד. און צו דער פֿיזישער פֿערשקלאַפֿונג און פֿערקריפּלונג קומט נאָך צו די מאָראַלישע און גייסטיגע פֿערשקלאַפֿונג און פֿערקריפּלונג, וועלכע איז פֿילייכט נאָך ערגער פֿון דער ערשטער.

אונטער די איצטיגע גרוֹיזאַמע עקאָנאָמישע בעדינגונגען איז דאָס לעבען אַ שטענדיגער קוואַל פֿון אונפֿערמיידליכע ליידען, ביטערנישען, ענטוישונגען און שמערצען, וועלכע גיבען דעם צוזאַמענלעבען פֿון מאַן און פֿרוי אין מיליאָנען פֿעלען אַ טריבען און טרויעריגען כאַראַקטער. אויב מען רעכענט נאָך דערצו די הונדערטער פֿאָראורטהיילען פֿון פֿאַלשע און אוננאַטירליכע מאָראַל־בעגריפֿע, דאַן פֿערשטעהט מען, אַז אין הונדערט טויזענדער פֿעלע איז דער צוזאַמענלעבען ניט מעהר ווי אַ לעבענס־לענגליכע טראַגעדיע, וועלכע פֿיהרט אָפֿטמאַל צו די גרויזאַמסטע קאַטאַסטראָפֿען. און שטענדיג איז דאָס קינד דאָס ערשטע אָפּפֿער. וואָס קען מען ערוואַרטען פֿון אַ קינד, וועלכעס ענטוויקעלט זיך אין אַזאַ אונגעזונדער אַטמאָספֿערע אָהן ליעבע, צערטליכקייט און געגענזייטיגער אַכטונג, וואו געמיינהייט, האַס, פֿאַלשקייט און די קליינליכסטע עגאָאיסטישע אינטערעסען שפּיעלען אָפֿטמאַל די איינציגע און ענטשיידענדע ראָלע? די פֿערטהיידיגער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿטס־אָרדנונג ווערען אפילו ניט מיעד צו זינגען גאַנצע לויב־ליעדער אויף דאָס מאָדערנע „פֿאַמיליען־לעבען"; אָבער דער אָפֿיציעלער היפּאָקריטיזם איז ניט אימשטאַנד צו פֿערגיכטען די גרויזאַמע און ברוטאַלע טהאַטזאַכע, אַז דאָס היינטיגע „פֿאַמיליען־לעבען" איז פֿאַר די קינדער אין מיליאָנען פֿעלע ניט מעהר ווי אַ מאָראַלישע און פֿיזישע אינקוויזיציאָן, אַ שולע פֿון פֿערדאָרבענהייט און ברוטאַליטעט, וועלכע דערשטיקט ליידער נור צו אָפֿט די הייליגסטע און בעסטע געפֿיהלען אין די יונגע נשמות.

* * *

אָבער דערמיט האָט זיך די טראַגעדיע פֿון'ם קינד נאָך ניט געענדיגט. צו די אַלע איבלען פֿון אַ וואַהנזיניגען סיסטעם, פֿון וועלכען דאָס קינד האָט צו ליידען, קומט נאָך צו די פֿון'ם שטאַאט אָרגאַניזירטע עפֿענטליכע ערציהונג.

דער שיקזאַל פֿון דער שולע און פֿון דער עפֿענטליכער ערציהונג אין אַלגעמיין איז געווען דערזועלבער ווי פֿון פֿיעלע אַנדערע אינסטיטוציאָנען אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. צוערשט האָט דער שטאַאַט אין גאַנצען איגנאָרירט די שולע און דעם עלעמענטאַרען אונטערריכט פֿון די קינדער; נאָך מעהר, די רעגירענדע קלאַסען האָבען זאָגאַר געזוכט צו פֿערהינדערן דעם אונטערריכט פֿון דער יוגענד ווי וויט מעגליך, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז יעדע אויפֿקלעהרונג פֿון די מאַסען איז אַ געפֿאַהר פֿאַר זייערע פריווילעגיעס. אָבער שפּעטער, ווען די בעדערפֿ־נישען פֿון דער מאַסע האָבען זיך שוין מעהר ניט געלאָזט איגנאָרירען, ווען די פֿאָדערונגען וועגען דער עלעמענטאַרער ערציהונג פֿון די קינדער האָט זיך אויפֿגעהויבען אַלץ שטאַרקער און האָט געפֿונען אַן אויסדרוק אין אַ סך פריוואַטע אונטערנעהמונגען, אָט דאַמאָלסט האָט דער שטאַאַט ביסלאַכווייז איבערגענומען די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער עפֿענטליכער ער־ציהונג און די גרינדונג פֿון זאָגענאַנטע פֿאָלקס־שולען.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז די זאָגענאַנטע עפֿענטליכע ערציהונג איז ניט פֿאַר אַלע קינדער גלייך. די זעלבע קלאַסען־אָבטהיילונגען, וועלכע מאַניפֿעסטירען זיך אויף אַלע געביטען פֿון׳ם היינטיגען געזעלשאַפֿטליכען לעבען, צייגען זיך אויך אַרויס אין דער עפֿענטליכער ערציהונג. די גימ־נאַזיומס, די אוניווערסיטעטען און אַלע העכערע שולען זיינען בעשטימט פֿאַר די קינדער פֿון פריווילעגירטע קלאַסען. די פֿאָלקס־שולען עקזיסטירען אויסשליסליך פֿאַר די קינדער פֿון די בעזיצלאָזע מאַסען. אין די העכערע שולען לערנט מען זעהר אָפֿט דאָס געגענטהייל פֿון דעם, וואָס מען לערנט די קינדער אין די פֿאָלקס־שולען.

אין די מייסטע פֿאָלקס־שולען פֿון אייראָפּאַ לערנט מען די קינדער נאָך אַלץ די לעבערליכסטע לעגענדען פֿון לאַנג פֿערגאַנגענע צייטען אַלס „ויסענשאַפֿטליכע וואַהרהייטען", און די אונגעהייערע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט שטאַטגעפֿונען אויף אַלע געביטען פֿון דער מאָדערנער וויסענשאַפֿט, האָט כמעט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג אויף די ערציהונגס־מעטהאָדען פֿון דיזע אינסטיטוציאָנען.

אָנשטאָט צו געבען די קינדער דאָס בעסטע, וואָס די וויסענשאַפֿט פֿערמאָגט נור, קאָרמעט מען אָן די יונגע מוחות מיט טרוקענע פֿאָרמו־לען און פֿערשימעלטע ברעקלאַך פֿון „אַלטע וואַהרהייטען", וועלכע האָבען שוין לאַנג פֿערלאָרען יעדע בעדייטונג פֿאַר דער מאָדערנער וויסענשאַפֿט־ליכער ערקענטעניס. אָנשטאָט צו ענטוויקלען אין די יונגע הערצער דעם געפֿיהל פֿון שעהנהייט, מענשליכקייט און פערזענליכער ווירדע, דערשטיקט



פראנסיסקא פעררער און סאלעדאד וויליאפראנקא.

מען אין זייערע פונק פון מאָראַלישער זעלבסטשטענדיגקייט און פערזענליכען געשמאַק דורך אַן אונזיניגע און פערשקלאַפענדע דיסציפלין, וועלכע מאַכט ניט קיין שום אונטערשיעד צווישען פערשידענע פעהיגקייטען, טעמפעראַמענטען און כאַראַקטערע. אַנשטאָט איינצופלאַנצען אין די נשמות פון דעם יונגען דור די גרויסע פרינציפען פון ברידערליכקייט, סאָלידאַריטעט און אַלגעמיינער מענשליכקייט, פערגיפטעט מען זיי מיט די באַרבאַרישע און ברוטאַלע אַנשויאונגען פון אַ וואַהנזיניגען „פאַטריאָטיזם", וועלכער לערנט זיי צו פערהאַסען און פעראַכטען אַנדערע פעלקער און ראַסען. דער גאַנצער היסטאָרישער אונטערריכט אין אונזערע שטאַאַטס־שולען איז ניט מעהר ווי אַן אונגעהייערער ליגען, וועלכער רעכטפערטיגט די שקלאַפעריי, פערדאַמט די פרייהייט און גיט די פריווילעגיעס פון די הערשענדע קלאַסען אַ מאָראַלישע בערעכטיגונג.

אַלע לעהרער ווייסען דאָס גאַנץ גוט, נאָר זיי זיינען געצוואונגען צו לערנען די קינדער אַזעלכע לעהרען, אין וועלכע זיי גלויבען אַליין ניט. די היינטיגע שולע האָט ניט די אויפגאַבע צו ענטוויקלען פיזיש און גייסטיג געזונדע מענשען מיט גרויסע נאָבעלע שטרעבונגען און סאָציאַלע געפיהלען און עמפפינדונגען; ניין, איהר אויפגאַבע איז צו שאַפען געטרייע אונטערטהאַנען פאַר'ן שטאַאַט, געהאָרכזאַמע שקלאַפען פאַר די בעזיצענדע קלאַסען, שרייפלאַך און רעדלאַך פון אַ שענדליכען סיסטעם, וועלכעס גרינדעט זיך אויף די פיזישע און גייסטיגע פערשקלאַפונג פון די מאַסען, אום אויפצוהאַלטען די טיראַנישע הערשאַפט פון אַ קליינער פריווילעגירטער מינדערהייט אין דער געזעלשאַפט. צו דיזען צוועק פערקריפעלט דער פון'ם שטאַאַט בעשטימטער „ערציהער פון דער יוגענד" די מוחות און הערצער פון אונזערע קינדער; ער צושטעהרט סיסטעמאַטיש דעם כאַראַקטער און די פערזענליכקייט פון דעם יונגעז דור און שאַפט לעבעדי־ע אויטאָמאַטען אָהן אַ ווילען, אָהן אייגענע געדאַנקען און מענשליכע ווירדע.

די היינטיגע שולע איז די מאַטער־קאַמער, וואו פעדאַגאָגישע אינקוויזיטאָרען פערניכטען די נאַטירליכע אינדיווידואַליטעט פון די יונגע נשמות צוזאַמען מיט זייערע נאַטירליכע סאָציאַלע אינסטינקטען און געפיהלען. זי פאָרבערייטעט דעם יונגען דור פאַר דער דיסציפלין און מאָראַליטעט פון דער קאַזאַרמע אין איהר העכסטער פרינציפ איז אַרויסצוגעבען גייסטיגע נולען, וועלכע דער שטאַאַט קען שפעטער פערוואַנדלען אין אמת'ע צאָהלען מיט דער הילפע פון זיינע אויטאָריטעטען.

פיעלע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך איינגערעדט, אַז די היינטיגע

געזעלשאַפֿט גרינדעט זיך אויסשליסליך אויף די ברוטאַלע געוואַלט; אָבער דיזער גלויבען איז אַ געפֿעהרליכער טעות. די געוואַלט אַליין וואָלט אפילו ניט אימשטאַנד געווען אויפֿצוהאַלטען דעם איצטיגען סיסטעם פֿאַר אַ וואָך צייט. עס איז ניט בלויז די ברוטאַלע געוואַלט, די מאַכט פֿון די ביקסען און קאַנאָנען, וועלכע האַלט אויף די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג, זאָנדערן הויפּטזעכליך די גייסטיגע פֿערשקלאַפֿונג פֿון די ברייטע מאַסען. די אַרמעע, די פּאָליציי, דער ריכטער און אַלע אַנדערע פֿערקערפּערונגען פֿון דער ברוטאַלער געוואַלט בעקומען ערשט זייער אייגענטליכע בעדייטונג דורך דעם מורא'דיגען רעספּעקט, וועלכע די אַלגעמיינהייט בעווייזט זיי. אָבער דיזער רעספּעקט איז דער רעזולטאַט פֿון הונדערטער פֿאָראורטהיילען און אַלטע טראַדיציאָנעלע פֿאָרשטעלונגען, וועלכע בעאיינפֿלוסען און בעהערשען דעם געדאַנק פֿון'ם מענשען: און עס איז די היינטיגע שולע, וועלכע בעגינסטיגט מיט אַלע מעגליכקייטען דיזען גייסטיגען פֿערשקלאַפֿונגס-פּראָצעס פֿון די זאָגענאַנטע קולטור-פֿעלקער.

נאָר ווייניגע מענשען זיינען אימשטאַנד זיך שפּעטער צו בעפֿרייען פֿון די אַלע פֿאָראורטהיילען, וועלכע די היינטיגע ערציהונג האָט איינגעפֿלאַנצט אין זייערע מוחות; די גרויסע מאַיאָריטעט שלעפּט זיך אַרום פֿאַר אַלע שפּעטערע יאָהרען מיט די טרויעריגע און מורא'דיגע קאָנזעקווענצען פֿון דער שטאַאַטליכער ערציהונגס-קונסט. אָבער די ווייניגסטע מענשען בעגרייפֿען דעם אונגעהייערען פֿערברעכען, וועלכע די היינטיגע שולע בעגעהט געגען דער מענשהייט; מען הויבט אָן צו פֿערשטעהן די פֿערברעכען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג, די ברוטאַליטעט פֿון'ם מיליטאַריזם, די שרעקליכע בעדייטונג פֿון די מלחמות א.ז.וו. אָבער ווער קימערט זיך אויף דעם שענדליכען אַטענטאַט, וועלכער ווידערהאָלט זיך יעדען טאָג אין די שטאַאַטליכע שולען, אום צו פֿערקריפּלען די מוחות און די נשמות פֿון אונזערע קינדער? פֿערקעהרט, עס גיט זאָגאַר הונדערטער און טויזענדער מענשען, וועלכע זיינען אין אַלגעמיין קיין גרויסע אָנהייגער פֿון דעם היינטיגען שטאַאַט און זיינע פֿערשידענע אינסטיטוציאָנען, נאָר פּונקט די שולע, די „פֿאָלקס-שולע" האַלטען זיי פֿאַר איינע פֿון די פֿערדינסטפֿאָלסטע זייטען פֿון דעם היינטיגען רעזשים. מען פֿערגעסט זיך אין גאַנצען, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון דער „קולטיווירטער מענשהייט", לעבט נאָך אַלץ אין א מיטעלאַלטערליכער פֿינסטערניס, טראָץ דעם אָבליגאַטאָרישען שול-אונטערריכט און דער עקזיסטענץ פֿון די שטאַאַטליכע שולען. אין די מייסטע לענדער פֿון אייראָפּאַ בעזוכען די קינדער זיבען ביז אַכט יאָהר צייט די פֿאָלקס-שולען; אָבער ווען זיי

האָבען שוין געענדיגט די שולע, זיינען די מייסטע פֿון זיי אפילו ניט אימ־שטאַנד צו לייענען און צו שרייבען זייער מוטער־שפּראַך, אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין. זיי האָבען כמעט ניט קיין פֿאָרשטעלונג פֿון די גרויסע רעזולטאַטען פֿון דער מענשליכער ערקענטניס, פֿון קונסט, וויסענשאַפֿט און ליטעראַטור, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען קיינמאָל ניט גענאָסען דאָס „גייסטיגע ברויט" פֿון דער שטאַאַטליכער ערציהונג. נאָר די וויניגסטע מענשען האָבען קלאָר פֿערשטאַנען, אַז די שטאַאַטליכע ערציהונג איז דער מזבח, אויף וועלכען מען איז מקריב די צוקונפֿט און פֿרייהייט פֿון די פֿעלקער.

פֿראַנסיסקאָ פֿעררער איז געווען איינער פֿון דיזע וויינינע. ער האָט פֿערשטאַנען, אַז דער איינציגער וועג צו בעקעמפֿפֿען דעם רעאַקציאָנערען איינפֿלוס פֿון דער שטאַאַטליכער „ערציהונג" איז די דירעקטע אַקציאָן — די גרינדונג פֿון פֿרייע שולען. ער האָט אויך געוואוסט, אַז פּונקט אין שפּאַניען האָט זיין פּלאַן די מייסטע אויסזיכטען אויף אַן ערפֿאָלג. די שפּאַנישע רעגירונג האָט ביז איצט איבערהויפּט פֿערנאַכלעסיגט די פֿראַגע פֿון דער שטאַאַטליכער ערציהונג און דאָס שפּאַנישע שול־געזעץ איז ניט מעהר ווי אַ טויטער בוכשטאַב. אָבער פֿעררער האָט געוואוסט, אַז פֿריהער אָדער שפּעטער וועט די פֿאָלקס־שולע אויך אין שפּאַניען שפּיעלען די־זעלבע ראָלע ווי אין די מייסטע אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּאַ. אָט דער־פֿאַר איז ער געווען מיט דער מיינונג, אַז די פּראָגרעסיווע עלעמענטען דאַרפֿען זיך בענוצען מיט דער קאָסטבאַרער געלעגענהייט און זעהן איבעראַל צו שאַפֿען פֿרייע שולען, כדי שפּעטער, ווען די רעגירונג וועט זיך ענדליך נעהמען צו דער אַרבייט און איינפֿיהרען דעם אָבליגאַטאָרי־שען שול־אונטערריכט, זאָלען די פֿרייע שולען שוין זיין אַזוי צאָהלרייך און מעכטיג, אַז דער שטאַאַט וועט זיי שוין מעהר ניט קענען אונטער־דריקען.

פֿעררער האָט ענטוויקעלט זיינע אַנזיכטען איבער דער פֿרייער ער־ציהונג און די בעדייטונג פֿון דער „מאָדערנער שולע" אין אַן אויסגעצייכ־נעטע אָבהאַנדלונג, וועלכע איז ערשינען אַלס איינלייטונגס־אַרטיקעל פֿון זיין בעריהמטען זשורנאַל „ל'עקאָל רענאָווע" (די בענייטע שולע) און וועלכען מיר גיבען דאָ איבער, אום צו בעקענען די לעזער מיט זיינע אַנשויאונגען.*)

* * *

———

*) L'Ecole rénovée, 15 Avril 1908.

„די, וואָס ווילען בענייען די ערציהונג פֿון די קינדער, האָבען צוויי וועגען, צוויי מיטלען: אָדער אַרבייטען אין דער שולע און זעהען, ז' זאָל אַלץ מעהר בעקומען אַ נייען פנים; בעווייזען וויסענשאַפֿטליך, אַז די היינטיגע איינריכטונג פֿון דעם אונטערריכט טויג ניט, אַז זי איז פֿאַלש און אַז מען דאַרף איינפֿיהרען פּראָגרעסיווע אויסבעסערונגען; אָדער גרינדען נייע שולען, וואו עס זאָלען דירעקט אָנגעווענדעט ווערען אַזעלכע פּרינציפּען, וואָס זיינען אין אָנקלאַנג מיט דעם געזעלשאַפֿטליכען און מענשליכען אידעאַל פֿון די יעניגע, וועלכע פֿערוואַרפֿען אין פֿערדאַמען די אַלע מנהגים, פֿאָראורטהיילען, גרויזאַמקייטען, נידערטרעכטיגקייטען און ליגענס, אויף וועלכע עס איז געגרינדעט די היינטיגע געזעלשאַפֿט.

„דאָס ערשטע מיטעל האָט גרויסע פֿאָרציגע. עס ענטשפּרעכט יענעם בעגריף פֿון עוואָלוציאָן, וועלכען אַלע מענער פֿון דער וויסענשאַפֿט וועלען פֿערטהיידיגען און וועלכער איז, לויט זייער מיינונג, דער איינציגער, וואָס וועט קענען האָבען אַן ערפֿאָלג.

„טהעאָרעטיש זיינען זיי גערעכט, און מיר גיבען עס צו.

„עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די פּסיכאָלאָגיע און די פֿיזיאָ־לאָגיע מוזען אַריינברינגען וויכטיגע פֿערענדערונגען אין די מעטהאָדען פֿון דער ערציהונג; אַז די לעהרער, וועלכע האָבען די געלעגענהייט און זיינען אימשטאַנד בעסער צו פֿערשטעהען דאָס קינד, וועלען קענען בעסער צופּאַסען זייער אונטערריכט צו די נאַטירליכע געזעצע. איך גיב זאָגאַר צו, אַז די דאָזיגע עוואָלוציאָן וועט אויסגעפֿיהרט ווערען אין דעם זין פֿון פֿרייהייט, וואָרום איך בין איבערצייגט, אַז דער צוואַנג קומט בלויז פֿון דער אונוויסענהייט, און אַז דער ערציהער, וועלכער איז ווירקליך ווערטה צו טראָגען דעם נאָמען, וועט אַלעס דערגרייכען דורך די פֿרייווילינקייט, גאַנץ ספּאָנטאַן, ווייל ער וועט קענען דעם קינד'ס פֿערלאַנג און וועט פֿערשטעהן צו העלפֿען זיין ענטוויקלונג נאָר דערמיט, וואָס ער וועט איהר לאָזען פֿריי געהן און איהר געבען וואָס מעהר נאַטירליכע בעפֿריי־דיגונג.

„נאָר אין דער ווירקליכקייט גלויב איך ניט, אַז די, וואָס קעמפּפֿען פֿאַר דער מענשליכער בעפֿרייאונג, זאָלען קענען אַסך ערוואַרטען פֿון דעם דאָזיגען מיטעל. די רעגירונגען, האָבען פֿון תמיד אָן אין אַלע צייטען זיך געסטאַרעט צו האַלטען זייער שווערע האַנד אויף דער ערציהונג פֿון'ם פֿאָלק. קיינער ווייסט ניט אַזוי גוט ווי זיי, אַז זייער מאַכט איז כמעט אין גאַנצען געגרינדעט אויף דער שולע, און דערפֿאַר פֿערכאַפּען זיי א הר אַלץ מעהר און מעהר אין איהרע הענד. עס איז שוין פֿערביי יענע

צייט, ווען זיי פֿלעגען זיך אַנטקעגנען שטעלען דער פֿערשפּרייטונג פֿון בילדונג און האָבען פֿערזוכט אָבצוהאַלטען די ערציהונג פֿון די מאַסען. די דאָזיגע טאַקטיק האָבען זיי געקענט אַמאָל בענוצען, ווייל דאַן האָט דאָס עקאָנאָמישע לעבען פֿון די פֿעלקער ערלויבט זייער אונוויסענהייט, אָט די אונוויסענהייט, וואָס האָט אַזוי גרינג געמאַכט די טיראַניי. אָבער די אומשטענדען האָבען זיך געביטען. דער פּראָגרעס פֿון דער וויסענשאַפֿט און די פֿערשידענע ענטדעקונגען האָבען אומגעשטירצט די בעדינגונגען פֿון דער אַרבייט און פֿון דער פּראָדוקציאָן. היינט איז שוין מעהר ניט מעגליך, דאָס פֿאָלק זאָל בלייבען אין גאַנצען אונוויסענד. דער אַרבייטער מוז האָבען געוויסע קענטניסע, כדי די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון לאַנד זאָל זיך קענען אונטערהאַלטען און מאַכען פֿאָרטשריטע, פּראָגרעסירען געגען דער אַלוועלטליכער קאָנקורענץ. אָט דערפֿאַר האָבען די רעגירונגען פֿערלאַנגט די בילדונג און אַלץ אַ בעסערע איינריכטונג פֿון דער שולע; ניט דערפֿאַר ווייל זיי האָבען געוואָלט דורך דער ערציהונג בעפֿרייען די געזעלשאַפֿט, נאָר דערפֿאַר וואָס זיי האָבען בעגריפֿען, אַז זיי מוזען האָבען אינדיווידועןֹ, אַרבייטער, פֿאָלקאָמענע אַרבייטס־אינסטרומענטען, כדי די אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען זאָלען זיך איינגעבען און די קאַפּיטאַלען, וואָס זיינען אין זיי אַריינגעלייגט געוואָרען, זאָלען טראָגען וואָס גרעסערע פּראָפֿיטען. דערפֿאַר האָט מען געזעהן, אַז אפילו די רעאַקציאָנערסטע רעגירונגען זיינען געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דער דאָזיגער בעוועגונג. זיי האָבען גוט פֿערשטאַנען, אַז די אַלטע טאַקטיק איז געוואָרען געפֿעהרליך פֿאַר דאָס עקאָנאָמישע לעבען פֿון די פֿעלקער און אַז מען דאַרף צופּאַסען די ערציהונג פֿון פֿאָלק צו די נייע נויטווענדיגקייטען און בעדערפֿנישען.

„עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות צו גלויבען, אַז די רעגירער האָבען ניט פֿאָראויס געזעהן די געפֿאַהרען, וועלכע קענען אַרויסקומען פֿאַר זיי פֿון דער אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג פֿון די פֿעלקער, און אַז זיי וועלען אויך מוזען איבערבייטען די מיטלען צו הערשען. זייערע מעטהאָדען האָבען זיך אויך געמוזט צופּאַסען צו די נייע אומשטענדען פֿון׳ם לעבען און זיי האָבען זיך געסטאַרעט איינצוהאַלטען די ריכטונג פֿון די אידעען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אין איין ענטוויקלען. אָנווענדענדיג אַלע קרעפֿטען, אום אויפֿצוהאַלטען די אַלע פֿאָראורטהיילען און טראַדיציאָנען, אויף וועלכע עס האָבען זיך געגרינדעט די פֿריהערדיגע סאָציאַלע פֿיהרונגען, האָבען זיי זיך בעמיהט צו געבען די נייע בעגריפֿע, וועלכע די וויסענשאַפֿט האָט בעשאַפֿען, אַזאַ בעדייטונג, וועלכע זאָל ניט קענען

שאַדען די עקזיסטירענדע אינסטיטוציאָנען. אָט דאָס איז די אורזאַכע, וואָס זיי האָבען פערכאַפּט די שולע אין זייערע הענד. זיי, וואָס האָבען פריער געלאָזט די גלחים זיך זאָרגען פאַר דער ערציהונג פון פאָלק, דערפאַר ווייל די גלחים זיינען געווען ווי אָנגעמאָסטען פאַר אַזאַ אַרבייט, דען זייער אונטעררִיכט איז געשטאַנען צו דיענסטען פון זייער אויטאָריטעט, האָבען איצט אומעטום אַליין איבערגענומען די פיהרונג פון דער שול-אָרגאַניזאַציאָן.

„די געפאַהר פאַר זיי איז בעשטאַנען אין דעם ערוואַכען פון'ם מענשליכען געדאַנק; דאָס גאַנצע לעבען האָט זיך בעוויזען פון אַ גאַנץ נייע זייט — די מענשליכע אינטעליגענץ האָט ערוואַכט, געוואָרען בעוואוסטזיניג און האָט זיך געוואָלט בעפרייען. עס וואָלט געווען אַ משוגעת צו קעמפּפען געגען די נייע קרעפטען, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט; די רעגירער האָבען גוט פערשטאַנען, אַז מען קען ניט ווייטער אויפהאַלטען די אַלטע רעגירונגס-פאָרמען און דערפאַר האָבען זיי אָנגענומען נייע. מען האָט גאָר ניט געדאַרפט זיין איבעריג קלוג, אום צו קומען צו אַזאַ שלום: די פאַקטען אַליין האָבען געצוואונגען די רעגירענדע קלאַסען צו פערשטעהן, וואָס זיי דאַרפען אַנטקעגען שטעלען די קומענדע געפאַהרען. זיי האָבען אַלזאָ געגרינדעט שולען, האָבען זיך געסטאַרעט צו פערשפּרייטען בילדונג מיט פולע הענד. און אויב פון אָנהויב האָבען זיך צווישען זיי נאָך געפונען אַזעלכע, וועלכע זיינען געווען דאַגעגען דער נייער מעטהאָדע — ווארום די פערשידענע שטרעבונגען, ווי בעוואוסט, האָבען בעגינסטיגט דעם אַנטאַגאָניזם צווישען געוויסע פּאָליטישע פּאַרטייען — האָבען סוף כל סוף אַלע פערשטאַנען, אַז עס איז בעסער נאָכצוגעבען און אַז די בעסטע טאַקטיק איז, צו פערזיכערן זייערע פּרינציפּען און אינטערעסען דורך נייע מיטלען.

„שרעקליכע קעמפּפע זיינען פאָרגעקומען פאַר די עראָבערונג פון דער שולע; איז אַלע לענדער ווערען די דאָזיגע קעמפּפע פאָרטגעזעצט מיט דער ביטערסטער ענערגיע, דאָ זיעגט די בורזשואַזע און די רעפּובּליקאַנישע געזעלשאַפט, דאָרט טריאומפירט דער קלעריקאַליזם. אַלע פּאַרטייען פערשטעהען די וויכטיגקייט פון דער פראַגע און טרעטען ניט צוריק פאַר קיין אָפּפער, אום זיך צו פערזיכערן דעם זיעג. זייער מאָטאָ איז: „פאַר און דורך דער שולע". און דאָס גוטע פאָלק דאַרף זיין געריהרט פון אַזאַ זאָרגען זיך פאַר איהם. אַלע ווילען, דאָס פאָלק זאָל זיך אויפהויבען דורך בילדונג, אַלע ווילען אַלזאָ זיין גליק דורך אויפקלעהרונג. פריהער האָבען נאָך מאַנכע איהם געקענט זאָגען: „אָט די ווילען דיך

האַלטען אין אונוויסענהייט, כדי זיי זאָלען דיך בעסער קענען עקספּלאָאַ-טירען; מיר ווילען, דו זאָלסט זיין געבילדעט און פֿריי". אַצונד איז עס שוין מעהר ניט מעגליך: שולען זיינען דאָ אין אַלע ווינקעלאַך, אונטער אַלע מינים פֿאָהנען.

„און אָט טאַקע אין דער איינשטימיגער פֿערענדערונג פֿון די אידעען אין בעצוג אויף דער שולע, וועלכע מאַניפֿעסטירען זיך אַזוי דייטליך ביי די רעגירער, געפֿין איך אורזאַכען ניט צו געטרויען זייער גוטען ווילען; אין אָט דער פֿערענדערונג געפֿין איך אויך אַן ערקלערונג פֿאַר די פֿאַק-טען, וועלכע בעגרינדען מיינע צווייפֿעל איבער דעם ווירקליכען ווערטה פֿון די מיטלען צו בענייען די שולע, מיט וועלכע געוויסע רעפֿאָרמאַטאָרס ווילען זיך בענוצען. איבריגענס קימערן זיך די דאָזיגע רעפֿאָרמאַטאָרס אין אַלגעמיין זעהר וועניג וועגען דער סאָציאַלער בעדייטונג פֿון דער ערציהונג; דאָס זיינען מענשען, וואָס זיינען זעהר אייפֿעריג צו דערפֿאָר-שען אַ וויסענשאַפֿטליכע וואָהרהייט, אָבער ווי עס קומט נאָר צו עפּעס, וואָס איז פֿרעמד צום אייגענטליכען געגענשטאַנד פֿון זייערע אונטערזו-כונגען, וואַרפֿען זיי עס אָב. זיי אַרבייטען מיט גרויסער גערולד צו דער-קענען דאָס קינד און וועלען קומען דערצו — זייער וויסענשאַפֿט איז דערווייל נאָך יונג — אונז צו זאָגען, וועלכע ערציהונגס-מעטהאָדען פּאַסען זיך אַם בעסטען פֿאַר די פֿאָלשטענדיגע ענטוויקלונג פֿון די קינדער.

„אַזאַ געוויסערמאַסען פּראָפֿעסיאָנעלע גלייכגילטיגקייט איז נאָך מיין מונונג זעהר שעדליך פֿאַר די זאַך, וועלכער זיי רעבענען צו דיענען.

„איך מיין בשום אופן ניט צו בעהויפּטען, אַז זיי קענען גאָר ניט דאָס ווירקליכע סאָציאַלע לעבען, און איך וויים, אַז זיי ערוואַרטען פֿון זייער טהעטיגקייט די בעסטע רעזולטאַטען פֿאַר דאָס אַלגעמיינע וואָהל-זיין. זיי דיינקען אַזוי: „אַרבייטענדיג צו ענטדעקען די געהיימניסע פֿון דעם לעבען פֿון'ם מענשליכען וועזען, זוכענדיג דעם גאַנג פֿון זיין נאָר-מאַלער קערפּערליכער און גייסטיגער ענטוויקלונג, וועלען מיר געבען דער ערציהונג אַזאַ ריכטונג, וועלכע קען ניט זיין ניט גינסטיג פֿאַר די בעפֿרייאונג פֿון אַלע קרעפֿטען. דירעקט ווילען מיר זיך ניט בעשעפֿטיגען מיט דער בענייאונג פֿון דער שולע; אַלס געלעהרטע, וואָלטען מיר עס גאָר ניט געקענט אויך, וואַרום מיר קענען נאָך ניט גענוי בעשטימען, וואָס עס איז פֿאַרהאַן צו טהאָן דערביי.

„מיר וועלען געהן שטופֿענווייז, לאַנגזאַם, און זיינען איבערציינגט, אַז די שולע וועט בעקומען גאָר אַן אַנדער פּנים און וועט זיך נויטווענ-דיגערווייזע פֿערענדערן לויט אונזערע ענטדעקונגען. אויב איהר פֿרעגט

אונז, וואָסערע האָפֿנונגען מיר האָבען אַלס מענשען, זיינען מיר איינפֿערשטאַנען מיט אייך, אַז מען דאַרף פֿאָראויסזעהען אַן עוואָלוציאָן אין דעם זינן פֿון אַ ברייטער בעפֿרייאונג פֿון'ם קינד און פֿון דער מענשהייט דורך די וויסענשאַפֿט; אָבער אויך אין דעם פֿאַל זיינען מיר איבערצייגט, אַז אונזער ווערק ווערט אין גאַנצען פֿאָרטגעזעצט אין דיזער אַבזיכט און וועט אויך דערגרייכען דעם ציעל דורך די שנעלסטע און גלייכסטע וועגען.

„אין פֿלוג זיינען אָט די ווערטער זעהר לאָגיש, און קיינעם וועט ניט איינפֿאַלען זיי צו בעשטרייטען. און דאָך ליגט אין זיי אַ היבש ביסעל אילוזיאָן. אמת, ווען די רעגירער וואָלטען געהאַט, אַלס מענשען, דיזעלביגע אידעען ווי די גוט־הערציגע רעפֿאָרמאַטאָרס, ווען זיי וואָלטען זיך ווירקליך געזאָרגט פֿאַר אַן אונאויפֿהערליכע רעאָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט אין דעם זינן פֿון אַ פראָגרעסיווער פֿערשווינדונג פֿון אַלע סאָרטען קנעכטשאַפֿט, וואָלט מען געקענט צוגעבען, אַז די אָנשטריינגונגען אַליין פֿון דער וויסענשאַפֿט וועלען אויסבעסערן דאָס שיקזאַל פֿון די פֿעלקער. אָט דאָ אָבער ליגט דער גרויסער טעות אין דער רעכנונג. מיר ווייסען צו גוט, אַז די, וואָס רייסען זיך איבער דער מאַכט, האָבען נאָר אין אויסזיכט זייערע אייגענע אינטערעסען, זיי ווילען זיעגען בלויז פֿאַר זיך און פֿאַר די בעפֿרידיגונג פֿון זייערע אַפעטיטען. שוין זייט לאַנג האָבען מיר אויפֿגעהערט גלויבען אין די ווערטער, מיט וועלכע זיי פֿערמאַסקירען זייער עהרגייץ. עס געפֿינען זיך נאָך עטליכע לייכטגלויביגע, נאַאיווע מענשעלאַך, וואָס ווילען ניט דערלאָזען, אַז זיי זאָלען גאָר ניט האָבען, כאָטש אַ פיצעל אויפֿריכטיגקייט, און רעדען זיך איין, אַז אַמאָל ווילען זיי אויך דאָס גליק פֿון זייערע מיטמענשען; אָבער אַזעלכע נאַאיווע ווערן כסדר ווייניגער, און די ווירקליכקייט פֿון דעם יאָהרהונדערט ווערט אַלץ גרויזאַמער, אום מען זאָל זיך נאָך קענען נאַרען אין די אמת'ע אַבזיכטען פֿון יענע, וועלכע רעגירען איבער אונז.

„פֿונקט אַזוי ווי זיי האָבען פֿערשטאַנען זיך איינצואָרדנען, ווען עס איז ערשיענען די נויטווענדיגקייט פֿון דער בילדונג, אַז אָט די בילדונג, זאָל ניט ווערען פֿאַר זיי קיין סכנה, אַזוי וועלען זיי אויך פֿערשטעהן איבערצומאַכען די שולע נאָך די נייע פֿעסטגעשטעלטע פֿאַקטען פֿון דער וויסענשאַפֿט, אַז קיין זאַך זאָל ניט אימשטאַנד זיין אָנצוגרייפֿען זייער אויבערמאַכט. דאָס זיינען זיכער אַזעלכע געדאַנקען, וואָס פֿיעלע וועלען שווערליך אָננעהמען; מען האָט זיך אָבער געדאַרפֿט נעהענטער צוקוקען צו דעם, וואָס עס קומט פֿאָר, און ווי אַזוי אַלעס פֿיהרט זיך אין דער

ווירקליכקייט, כדי זיך ניט צו לאָזען מעהר בעשווינדלען דורך ווערטער.
וואָס האָט מען דען ניט ערוואַרט און וואָס ערוואַרט מען נאָך אַצינד פֿון
דער בילדונג! די מייסטע פּראָגרעסיווע מענשען ערוואַרטען פֿון איהר
אַלעס און ערשט אין דער לעצטער צייט האָבען אייניגע אָנגעהויבען
פֿערשטעהן, אַז זי גיט ניט מעהר ווי אילוזיאָנען, ענטוישונגען. ערשט
יעצט בעמערקט מען די אונניצליכקייט פֿון אָט די אַלע קענטניסען,
וועלכע ווערען ערוואָרבען אין דער שולע דורך די היינטיגע ערציהונגס־
סיסטעמען; ערשט אַצונד ווערט מען געוואָהר, אַז אַלע ערוואַרטונגען,
אַלע האָפֿנונגען זיינען געווען אומזיסט. און דאָס איז דערפֿאַר, ווייל די
שולע שטימט אין קיין פֿאַל ניט מיט דעם אידעאַל, וועלכען מען שטעלט
זיך פֿאַר פֿון איהר, פֿערקעהרט, אין אונזער צייט מאַכט זי פֿון דער
בילדונג דאָס מעכטיגסטע מיטעל פֿון פֿערשקלאַפֿונג אין די הענד פֿון די
רעגירענדע. זייערע לעהרער זיינען ניט מעהר ווי בעוואוסטע אָדער אונ־
בעוואוסטע אינסטרומענטען פֿון זייער ווילען. די לעהרער אַליין זיינען
אויך געבילדעט נאָך זייערע פּרינציפּען; פֿון די יונגסטע יאָהרען אָן זיינען
זיי געווען אונטערוואָרפֿען, און נאָך מעהר פֿון אַלע אַנדערע, דער דיס־
ציפּלין פֿון זייער אויטאָריטעט; זעהר ווייניג און זעלטען האָבען זיך גע־
פֿונען אַזעלכע, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעריסען פֿון דער געוואַלט פֿון
דער דאָזיגער הערשאַפֿט; זיי בלייבען אָבער אונמעכטיג, ווייל די שול־
אָרגאַניזאַציאָן דריקט זיי אַזוי פֿעסט צוזאַמען, אַז זיי קענען בלויז פֿאָלגען
און געהאָרכען. איך וויל דאָ ניט דערצעהלען דעם פּראָצעס פֿון אָט דער
אָרגאַניזאַציאָן. זי איז גוט בעקאַנט, און מען קען איהר כאַראַקטעריזירען
מיט איין אייניציגען וואָרט: צוואַנג. די שולע פֿערשפּאַרט די קינדער,
זי דריקט זיי קערפּערליך, גייסטיג און מאָראַליש, כדי צו לייטען די
ענטוויקלונג פֿון זייערע פֿעהיגקייטען אין אַ ריכטונג, וועלכע פּאַסט זיך
פֿאַר איהר. זי נעהמט צו ביי די קינדער די מעגליכקייט צו קומען אין
בערירונג מיט דער נאַטור, כדי זי זאָל זיי קענען אויסבילדען נאָך איהר
וואונש נאָך. אָט אין דעם ליגט די ערקלעהרונג פֿון דעם אַלעמען, וואָס
איך האָב דערמאָנט: דאָס שטאַרען זיך פֿון די רעגירענדע אָנצופֿיהרען
די פֿאָלקס־ערציהונג און דער באַנקראָט פֿון די האָפֿנונגען פֿון די פֿרייע
גייסטער. די היינטיגע ערציהונג איז ניט מעהר ווי אַ מין דרעסירען. איך
גלויב ניט, אַז די סיסטעמען, וואָס ווערען איצט געברויכט, זאָלען זיין
בערעכענט אין פֿאָראויס, אַז מען האָט עס לכתחלה איינגעפֿיהרט, זייענ־
דיג זיכער, אַז מען וועט בעקומען גראָד די רעזולטאַטען, וועלכע מען
האָט געוואונשט. ניין, אויף אַזוי פֿיעל גלויב איך ניט, וואָרום דאַן וואָלט

מען שוין געדאַרפט חושד זיין, אַז די אָנפֿיהרער זיינען געווען זשעניען. אָבער אַלעס קומט אַזוי פֿאָר, אָקוראַט ווי די דאָזיגע ערציהונג וואָלט געבען אַ ברייטען בליק איבער אַלעס. בעסער וואָלט מען עס גאָר ניט געקענט איינריכטען. און אייגענטליך האָבען דאָ נאָר געשפּיעלט אַ ראָלע די פּרינציפּען פֿון דיסציפּלין און אויטאָריטעט, וועלכע האָבען אין אַלע צייטען אינספּירירט די סאָציאַלע אָרגאַניזאַטאָרס. בלויז איין אידעע האָבען זיי אַ קלאָרע און איין וואונש: די קינדער דאַרפֿען זיך געוואוינען פֿאָלגען, גלויבען, דיינקען לויט די סאָציאַלע דאָגמען, וועלכע הערשען איבער אונז. אויף אַזאַ אופֿן קען די בילדונג ניט זיין אַנדערש ווי זי איז היינט. עס האַנדעלט זיך דאָ ניט צו אונטערשטיצען די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דעם קינד׳ס פֿעהיגקייטען, לאָזען איהם פֿריי זוכען די בעפֿרידיגונג פֿון זיינע פֿיזישע, אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע בעדערפֿנישען; ניין, דאָ האַנדעלט זיך איינצוואוואָרצלען אין איהם פֿאַרטיגע אידעען, נאָך מעהר, אויף אייביג איהם שטערן צו דיינקען אַנדערש, ווי עס איז נייטיג פֿאַר די אויפֿהאַלטונג פֿון די היינטיגע געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען; דאָ האַנדעלט זיך צו מאַכען פֿון דעם קינד אַ אינדיווידואום, גענוי צוגעפּאַסט צום סאָציאַלען מעכאַניזם.

„עס איז זיך אַלזאָ גאָר ניטאָ וואָס צו וואונדערן, אַז אַזאַ ערציהונג האָט ניט קיין שום איינפֿלוס אויף די מענשליכע בעפֿרייאונג. איך ווידערהאָל עס נאָך אַמאָל: זי איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל צו הערשען, אין די הענד פֿון די רעגירענדע. קיינמאָל האָבען זיי ניט געזוכט די ערהויבונג פֿון׳ם אינדיווידואום, נאָר זיין פֿערשקלאַפֿונג, און עס איז אַבסאָלוט אָן אונזין צו ערוואַרטען עפּעס אַנדערש פֿון דער היינטיגער שולע. און אַזוי ווי עס איז געגאַנגען ביז יעצט, אַזוי וועט עס אויך געהן אין דער צוקונפֿט. מיר האָבען קיין אורזאַכע ניט צו האָפֿען, די רעגירונגען זאָלען איבערבייטען זייער סיסטעם. זיי איז געלונגען אויסצונוצען די בילדונג צו זייער פֿאָרטהייל, און זיי וועלען אויך ווייטער פֿערשטעהן ווי אויסצונוצען ווידער טאַקע צו זייער פֿאָרטהייל אַלע אויסבעסערונגען, וועלכע וועלען נאָר פֿאָרגעלעגט ווערען. זיי דאַרפֿען בלויז לאָזען ביים אַלטען דעם גייסט פֿון דער שולע, די אויטאָריטערע דיסציפּלין, וועלכע הערשט אין איהר, און אַלע נייע איינפֿיהרונגען וועלען זיין צו זייער נוצען. און איבער דעם וועלען זיי שוין וואַכען, זיי וועלען עס ניט אַרויסלאָזען פֿון זייער אויג, דאָס מעג מען זיין זיכער.

„איך וואָלט געוואָלט מאַכען אויפֿמערקזאַם יענע, וואָס לעזען מיין אַרטיקעל, אויף פֿאָלגענדען געדאַנק: דער גאַנצער ווערטה פֿון דער ער־

ציהונג בעשטעהט אין דער אַכטונג פֿון דעם קינד'ס קערפּערליכען, גייס־טיגען און מאָראַלישען ווילען. פּונקט אַזוי ווי אין דער וויסענשאַפֿט אי ניטאָ קיין אַנדער אַרט בעווייזע ווי נאָר דורך פֿאַקטען, אַזוי איז אויך ניטאָ קיין ווירקליכע ערציהונג ווי בלויז אַזאַ, וועלכע איז פֿריי פֿון יעט־וועדען דאָגמאַטיזם. לאָזט דעם קינד אַליין איבער די פֿיהרונג פֿון זיינע קרעפֿטען און שטעלט זיך אַלס אויפֿגאַבע נאָר העלפֿען איהם דערין. ס'איז ניטאָ קיין גרינגערע זאַך ווי צו פֿאַרדרעהען די דאָזיגע בעדייטונג פֿון דער ערציהונג, אָבצוהיטען אָבער איהר איז זעהר שווער. דער היינ־טיגער ערציהער שליסט תמיד איין אין אַ ראַמקע, שטערט, צווינגט; דער אמת'ער ערציהער אָבער איז יענער, וואָס היט זיך אויפֿצודרינגען זיינע אייגענע אידעען, זיין ווילען, פֿערקעהרט, ער פֿערלאָזט זיך אויף די איי־גענע קרעפֿטען פֿון'ם קינד.

„דערפֿון זעהט מען, ווי לייכט די ערציהונג נעהמט אָן דעם כאַראַק־טער, וואָס מען וויל איהר געבען און ווי גרינג עס איז די אויפֿגאַבע פֿון יענע, וועלכע ווילען פֿערשקלאַפֿען דאָס אינדיווידואום. די בעסטע מע־טהאָדען ווערען אין זייערע הענד די מעכטיגסטע און פֿאָלקאָמענסטע אינסטרומענטען פֿון טיראַניי. אונזער אידעאַל איז נאַטירליך דאָס אידעאַל פֿון דער וויסענשאַפֿט, און מיר ווילען פֿון איהר פֿערלאַנגען, זי זאָל אונז געבען די מאַכט אַזוי צו ערציהען דאָס קינד, אַז זיין ענטוויקלונג זאָל בעגינסטיגט ווערען דורך די בעפֿרידיגונג פֿון אַלע זיינע בעדערפֿנישען.

„מיר זיינען איבערציינט, אַז אין דער צוקונפֿט וועט די ערציהונג זיין אַ פֿרייוויליגע, אַ נאַטירליכע. יעצט קענען מיר זי נאָך ניט פֿערווירקליכען, אָבער די עוואָלוציאָן פֿון די מעטהאָדען, וועלכע וועט געבען אַלץ אַ ברייי־טערן בעגריף איבער די ערשיינונגען פֿון דעם לעבען, און די טהאַטזאַכע, אַז יעדע פֿערפֿאָלקאָמונג פֿיהרט צו דער בעפֿרייאונג פֿון אַ וואָסער ניט איז צוואַנג, דאָס אַלעס ווייזט אונז, אַז מיר זיינען גערעכט, ווען מיר ערוואַרטען פֿון דער וויסענשאַפֿט די בעפֿרייאונג פֿון'ם קינד.

„איז דאָס דער אידעאַל פֿון די, וועלכע האַלטען אין זייערע הענד די היינטיגע שול־אָרגאַניזאַציאָן? איז עס דאָס, וואָס זיי ווילען פֿערווירקליכען? און ווילען זיי אויך אַראָבנעהמען יעדען צוואַנג? בשום אופן ניט. זיי ווילען געברויכען די נייע מיטלען צו זייער אַלטען צוועק, ד. ה. אויסצו־בילדען אַזעלכע וועזענס, וועלכע ווילען אָננעהמען אַלע היפּאָקריטישע צערעמאָניעס, אַלע פֿאָראורטהיילע, אַלע ליגענס, אויף וועלכע די געזעלשאַפֿט איז געגרינדעט.

„לאָמיר אָפֿען אַרויסזאָגען, אָהן פּחד: מיר ווילען אַזעלכע מענשען,

וואָס זאָלען זיין פֿעהיג כסדר זיך צו ענטוויקלען, זאָלען זיין פֿעהיג צו צו־שטערען און צו בענייען אהן אויפֿהער זייער קרייז און זיך אַליין בענייען; מענשען, וועמעס אינטעלעקטועלע אונאַבהיינגיגקייט וועט זיין די גרעסטע קראַפֿט; מענשען, וועלכע וועלען ניט זיין צוגעבונדען צו קיין זאַך, נאָר תמיד גרייט אָנצונעהמען דאָס, וואָס איז בעסער; מענשען, וואָס וועלען זיין גליקליך פֿון דעם זיעג פֿון נייע אידעען, וואָס שטרעבען צו לעבען אַסך לעבענס אין איין איינציגען לעבען. די היינטיגע געזעלשאַפֿט ציטערט פֿאַר אַזעלכע מענשען, מיר קענען אַלזאָ ניט האָפֿען, אַז זי וועט ווען ניט איז וועלען האָבען אַזאַ ערציהונג, וואָס זאָל זיין פֿעהיג אונז צו געבען אַזעלכע מענשען.

„וואָס פֿאַר אַ מיסיאָן האָבען מיר אַלזאָ? וואָס האָבען מיר ברעה צו טהאָן? וואָסער מיטעל וועלען מיר אַלזאָ אויסקלייבען, אום מיטצוהעלפֿען דער בענייאונג פֿון דער שולע?

„מיר וועלען מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט נאָכפֿאָלגען די אַרבייטען פֿון יענע געלעהרטע, וועלכע שטודירען דאָס קינד, און וועלען זעהען באַלד אויסצוגעפֿינען די מיטלען, וואָס דורך זיי זאָל מען קענען זייערע שליסע אָניוענדען אין דער ערציהונג, וועלכע מיר ווילען אויפֿבויען אין דער ריכטונג פֿון אַן אַלץ גרעסערע בעפֿרייאונג פֿון׳ם אינדיווידואום. אָבער ווי אַזוי קענען מיר דערגרייכען אונזער ציעל? אָהנע צווייפֿעל, נעה־מענדיג זיך באַלד צו דער אַרבייט, וועלכע דאַרף בעשטעהן אין דעם, וואָס מעהר צו גרינדען נייע שולען, וואו עס וועט הערשען, אויף וויפֿיעל עס איז מעגליך, יענער פֿרייהייטס־גייסט, מיט וועלכען עס וועט זיין דורכגעדרונגען די גאַנצע ערציהונג אין דער צוקונפֿט.

„אַ פּראָבע איז שוין געמאַכט געוואָרען און זי קען שוין דערוויל געבען אויסגעצייכענטע רעזולטאַטען. מיר קענען צושטערען אַלעס, וואָס פֿיהרט אין דער היינטיגער שולע צום צוואַנג; צושטערען די אַרטיפֿיציעלע קרייזען, וואו די קינדער זיינען דערווייטערט פֿון דער נאַטור און פֿון׳ם לעבען; די אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע דיסציפּלין, מיט וועלכער מען בעדיענט זיך, אום איינצוואָרצלען אין זיי פֿאַרטיגע אידעען און פֿערשידענע מיי־נונגען, וועלכע פֿערדאַרבען און פֿערניכטען דעם ווילען. אָהן פּחד אַריינצו־פֿלאַנצען טעות׳ן אין די יונגע מוחות קענען מיר איבערלאָזען דאָס קינד אין יענעם קרייז, וועלכער פּאַסט זיך פֿאַר איהם, אין׳ם קרייז פֿון דער נאַטור, וואו עס וועט קומען אין בעריהרונג מיט אַלסדינג, וואָס עס האָט ליעב, און וואו די איינדריקע פֿון׳ם לעבען וועלען פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון די דערווידעריגע, לאַנגווייליגע אוראָקען פֿון ווערטער. אויב מיר וואָלטען ניט

מעהר געטהאָן ווי דאָס, וואָלטען מיר געהאַט צוגעגרייט אַ גרויסען טהייל פון דעם קינד'ס בעפרייאונג.

„אין אַזעלכע קרייזען וואָלטען מיר געקענט פריי אָנווענדען די רעז־זולטאַטען פון דער וויסענשאַפט און אַרבייטען מיט ערפאָלג.

„איך ווייס גאַנץ גוט, אַז מיר וועלען נאָך ניט קענען פערווירקליכען אַלע אונזערע האָפנונגען, אַז אָפט, דורכדעם וואָס עס וועלען אונז פעהלען קענטניסע, וועלען מיר זיין געצוואונגען צו געברויכען אַזעלכע מיטלען, וועלכע מען דאַרף פערוואַרפען; איינס אָבער וועט אונז תמיד ביישטעהן אין אונזער אַרבייט, נעמליך די זיכערהייט, אַז ניט דערגרייכענדיג אין גאַנצען אונזער ציעל, וועלען מיר אין אונזער נאָך אונפאָלקאָמענעם ווערק אויפטהאָן מעהר און בעסער פון דעם, וואָס עס טהוט אויף די היינטיגע שולע. איך ציה פאַר די פרייע נאַטירליכקייט פון אַ קינד, וואָס ווייסט גאָר ניט, פאַר דער בילדונג פון ווערטער און פאַר דער גייסטיגער מיאוס'קייט פון אַ קינד, וואָס האָט דורכגעמאַכט די יעצטיגע ערציהונג.

„די פראָבע, וועלכע מיר האָבען געמאַכט אין באַרצעלאָנאַ און אַנדערע פלעצער, האָבען אונז בעוויזען, אַז אונזער ווערק איז מעגליך. און איך דיינק אַז מען דאַרף שוין אָנהויבען, ניט אָבלייגען. מיר ווילען ניט וואַרטען, ביז דאָס לערנען פון'ם קינד וועט זיך ענדיגען, און דאַן אונטערנעהמען די בעניאונג פון דער שולע; אויב מיר וועלען דערויף וואַרטען, וועלען מיר קיינמאָל גאָרניט טהאָן. מיר וועלען לערנען דאָס, וואָס מיר וויסען און אַזוי ווי מיר פערשטעהען, און מיר אַליין וועלען זיך כסדר לערנען, אום ווייטער עס אָנצואווענדען אין דער בענייטער שולע. אַ פלאַן פון אַן אַלגעמיינער ראַציאָנעלער, פערנינפטיגער ערציהונג איז שוין מעגליך, און אין אַזעלכע שולען, ווי מיר בעגרייפען זיי, קענען די קינדער זיך ענטוויקלען, גליקליך און פריי, לויט זייערע בעשטרעבונגען. מיר וועלען אַרבייטען, דעם דאָזיגען פלאַן צו פערפאָלקאָמען און ברייטער מאַכען.

„אַט צוליעב דעם צוועק האָט זיך געגרינדעט דער זשורנאַל „דער אינטערנאַציאָנאַלער בונד פאַר די ראַציאָנעלע ערציהונג פון קינד". מיר אַפעלירען וועגען הילף צו אַלע יענע, וועלכע וווינשען אינאיינעם מיט אונז די בעפרייאונג פון קינד, וועלכע שטרעבען דורכדעם בייצוטראָגען צו דער ענטשטעהונג פון אַ שעהנערער און שטאַרקערער מענשהייט. אין דעם זשורנאַל וועט מען זעהן דורך דיסקוסיאָנען אויסאַרבייטען אַזאַ פלאַן פון אַ ראַציאָנעלער ערציהונג, וועלכער זאָל קענען אויסגעפיהרט ווערען נאָך יעצט.

„נאָך מעהר, אַזוי גיך ווי די אומשטענדען וועלען עס ערלויבען, וועלען

מיר זיך נעהמען צו דער אַרבייט, וועלכע איז שוין אָנגעהויבען אין באַר־צעלאָנאַ, מיר וועלען אויף דאָס ניי אויפבויען די שולען, וועלכע זיינען צו־שטערט געוואָרען פון אונזערע געגנער. דערווייל וועלען מיר זיך סטאַרען צו גרינדען אין באַרצעלאָנאַ אַ שולע פאַר לעהרער, וואו עס וועלען זיך אויסבילדען אַזעלכע לעהרער, וועלכע וועלען אונז שפּעטער העלפען; מיר וועלען שאַפען אַ ביבליאָטהעק, וועלען אַרויסגעבען ביכער, וועלכע וועלען דיענען אין אונזער אונטערריכט אַזוי גוט ווי פאַר די ערציהינג פון די ערציהער, אַזוי אויך פאַר די קינדער. מיר וועלען אויך גרינדען אַ פּע־דאַגאָגישעס מוזעאום, וואו עס וועט צונויפגעקליבען ווערען אַלסדינג, וואָס איז נייטיג פאַר דער בענייטער שולע.

„אָט דאָס זיינען אונזערע פּראָיעקטען. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז פער־ווירקליכען זיי וועט אויסקומען שווער. מיר ווילען אָבער אָנהויבען זיי פער־ווירקליכען, און זיינען איבערצייגט, אַז אונז וועלען העלפען אַלע די, וועלכע קעמפפען אומעטום פאַר די מענשליכע בעפרייאונג פון די דאָגמען און פון די מנהגים, וואָס אונטערשטיצען די היינטיגע פערדאָרבענע סאָציאַלע אָרדנונג."

VII.

## די „מאָדערנע שולע" אין באַרצעלאָנאַ.

דער לעזער איז איצט בעקאַנט מיט פֿעררער'ס אידעען מכח דער ערציהונג און דער אויפֿגאַבע פֿון דער שולע; איצטער וועלען מיר אַביסעל נעהנטער צוטרעטען צו זיין ווערק גופא און זעהן ווי אַזוי די דאָזיגע אידעען האָבען זיך מאַניפֿעסטירט אין דער ווירקליכקייט.

מיר האָבען געזעהן, אַז פֿעררער האָט זיך ניט בענוגענט מיט אַן ערציהונג אָהן רעליגיאָן, אַז זיין צוועק איז געווען צו בעקעמפֿפֿען דעם דאָגמאַטיזם און די פֿאָראורטהיילען אויף אַלע געביעטען פֿון'ם געזעלשאַפֿט־ליכען לעבען און דערפֿאַר איז זיין ווערק אַזוי מאָנומענטאַל, אַזוי גרויס. די „מאָדערנע שולע" אין באַרצעלאָנאַ איז שוין געווען אַ שטיק צוקונפֿט אין אַ טרויעריגער און פֿערשקלאַפֿטער געגענוואַרט, אַ גלענצענדער און אַ געלונגענער פֿערזוך צו ענטוויקלען פֿרייע מענשען מיט נאָבעלע געפֿיהלען און קלאָרע געדאַנקען דורך אַן ערציהונג, וועלכע האָט ניט אַנערקענט קיין שום אויטאָריטעט, אום צו ווירקען אויף די שילער.

ווען פֿעררער האָט געגרינדעט די „עסקועלאַ מאָדערנאַ" אין באַרצע־לאָנאַ, האָט ער געהאַט צו קעמפֿפֿען מיט אונגעהייערע שוויריגקייטען. די ערשטע און וויכטיגסטע פֿראַגע פֿאַר איהם איז געווען: וואו נעהמט מען גוטע און פֿעהיגע לעהרער, וועלכע זאָלען זיין דורכגעדרונגען פֿון דעמזעל-בען נאָבעלען אידעאַליזם, וועלכער האָט בעהערשט זיינען אייגענע געדאַנקען און האַנדלונגען? לעהרער האָבען אפילו ניט אויסגעפֿעהלט און געלד איז אויך געווען, אָבער אַזעלכע לעהרער, ווי פֿעררער האָט געדאַרפֿט, זיינען געווען זעלטען, זעהר זעלטען.

די צווייטע פֿראַגע איז געווען: וואו נעהמט מען גוטע און צוועקמעסיגע לעהר־ביכער פֿאַר די קינדער, וועלכע זאָלען זיי בעקאַנט מאַכען מיט די עלעמענטאַרע און העכערע פּרינציפּען פֿון די פֿערשיעדענע וויסענשאַפֿטען און די ערשיינונגען פֿון לעבען? אויך לעהר-ביכער זיינען געווען גענוג און גענוג; אָבער ניט אַזעלכע, וועלכע פֿעררער האָט געדאַרפֿט.

און צו דיזע אַלע שווערינקייטען איז נאָך צוגעקומען די טויטליכע פיינדשאַפט פון די קלעריקאַלע און מאָנאַרכיסטישע רעאַקציאָנערען.

די ערשטע פראַגע, צו בעקומען פּאַסיגע לעהרער, איז געווען די שווערסטע פון אַלע. פעררער האָט פערשטאַנען, אַז דיזע פראַגע קען אױ־בערהויפּט ניט געלייזט ווערן מיט אַמאָל, און דערפאַר האָט ער פעראייניגט אַרום זיך די פעהיגסטע און איבערגעבענסטע מענער און פרויען, וועלכע ער האָט נאָר געקענט געפינען אין באַרצעלאָנאַ. מיט דער הילפע פון פּראָפעסאָר אָדאָן דע בוען, אַנסעלמאָ לאָרענסאָ און איינינע אַנדערע וויני־גער בעקאַנטע מענער האָט ער געשאַפען אַ קליינעם קרייז פון אויסגעצייכנעטע אידעאַליסטען, וועלכע זיינען געווען בערייט צו ווירקען אַלס לעהרער אין דער נייער שולע. צווישען זיי זיינען אויך געווען איינינע אינטעליגענטע אַרבייטער ווי צ.ב.ש. דער אַנאַרכיסט פראַנסיסקאָ מאָרענאָ, דער סעקרעטאַר פון דער פעדעראַציאָן פון די קאַטאַלאָנישע געווערקשאַפטען. פון די פרויען פערדיענען בעזונדערס דערמאָהנט צו ווערען קלעמענסיאַ זשאַקינע, אַ גע־באָרענע פראַנצויזין, וועלכע האָט בעהערשט די שפּאַנישע שפּראַך אַזוי ווי איהר מוטער־שפּראַך, און סאָלעדאַד ווילאַפראַנקאַ, פעררער׳ס אינטימסטע פריינדין, די פרוי, וועלכע האָט געמאַכט אויף איהם דעם טיעפסטען איינ־דרוק און וועלכע האָט אַריינגעבראַכט ליכט און זונען־שיין אין זיין לעבען.

די צווייטע פראַגע האָט פעררער געלייזט דורך דעם, וואָס ער האָט אַליין אַרויסגעגעבען אַ גאַנצע סעריע פון אַן ערך דרייסיג אויסגעצייכענטע לעהר־ביכער, אַ זאַמלונג, וועלכע האָט ניט איהר גלייכען ניט אין שפּאַניען און ניט אין אַנדערע לענדער.

מיר וועלען שפּעטער נאָך רעדען וועגען דעם פּאַרטרעפליכען און איינציג־אַרטיגען בילדונגס־מאַטעריאַל, וועלכעס איז צונויפגעקליבען געוואָ־אין דיזע ביכער; נאָר פאָרלויפיג וועלען מיר זיך צוקוקען אַביסעל נעהנטער צו דער שולע גופא און איהרע מעטהאָדען.

* * *

דער אָנפאַנג פון דער „מאָדערנער שולע" אין באַרצעלאָנאַ איז געווען אַ זעהר בעשיידענער. צוועלף מיידלאַך און אַכטצעהן אינגלאַך, צוזאַמען דריי־סיג קינדער, זיינען געווען די ערשטע שילער. די איינריכטונג פון דער שולע איז געווען מוסטערהאַפט אין יעדער בעציהונג. די מאָדערנסטע און פאָלקאָמענסטע היגיענישע און טעכנישע הילפס־מיטלען האָבען די שילער געגעבען אַלע בעקוועמליכקייטען צו דער אַרבייט, און אַפילו די ביטערסטע געגנער פון פעררער׳ס ווערק האָבען געמוזט אָנערקענען, אַז אין דיזער בעציהונג איז זיין שולע געווען אַ ווירקליכער מאָרעל.

קיין בעזונדערע אָבטהיילונגען פאַר אינגלאַך און מיידלאַך האָבען ניט עקזיסטירט; דיביידע געשלעכטער זיינען געווען אויסגעמישט און זיינען זיך געזעסען זייט ביי זייט איינע לעבען די אַנדערע. דורך די געמיינשאַפט־ליכע ערציהונג און די שטענדיגע בעציהונגען צווישען די שילער און שילע־רינען האָט זיך ענטוויקעלט צווישען זיי אַ נאַטירליכע פריינדשאַפט און סימפּאַטהיע; זיי האָבען געלערנט צו רעספּעקטירען זיך איינער דעם אַנ־דערן און צו לעבען צווישען זיך ווי גוטע קאַמעראַדען, וועלכע זיינען פער־איינינגט דורך דאָס געמיינשאַפטליכע געפיהל פון גלייכהייט און פערזענליכער ווירדע.

די בעציהונגען צווישען די לעהרער און שילער זיינען געווען די בעסטע, וואָס מען קען זיך נור פאָרשטעלען. יעדער אויטאָריטעטער צוואַנג איז געווען אויסגעשלאָסען; דער לעהרער איז געווען דער פריינד פון די קינדער און זיין וויכטיגסטע אויפגאַבע איז געווען צו געווינען דעם פולען צוטרוי פון זיינע שילער און אויסצוגעפינען די בעזונדערע אייגענשאַפטען, טעמפּעראַ־מענטען און פעהיגקייטען פון זיינע קליינע פריינד. דער בעגריף פון שטראָף האָט איבערהויפּט ניט עקזיסטירט. פעררער און זיינע מיטאַרבייטער זיינען געווען מיט דער מיינונג — און זייער מיינונג איז פאָלקאָמען ריכטיג געווען — אַז אַ לעהרער, וועלכער קען ניט אויסקומען אָהן אַ שטעקען אָדער אַנדערע שטראָפען, בעווייזט דערמיט, אַז עס פעהלען איהם די עלעמענ־טאַרסטע און נויטווענדיגסטע פעהיגקייטע פון אַן אמת'ן ערציהער.

דער לעהרער, קענענדיג דעם טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער פון יעדען קינד, האָט געוואוסט ווי אָנצוגעהן מיט יעדען בעזונדער, ער האָט פערשטאַנען ווי אַזוי ער קען אַם בעסטען ווירקען, אויף זייערע געפיהלען און פאָרשטעלונגען, און אויב ער האָט מאַנכעסמאָל ניט דערגרייכט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט דערגרייכען ביי אַ קינד, האָט ער פריהער געזוכט די אורזאַכע ביי זיך אַליין, אין דער מאַנגעלהאַפטיגקייט פון זיינע מעטהאָ־דען, איידער ביי דעם קינד. אויף אַזאַ'ן אופן איז דער לעהרער אין דער זעלבער צייט געווען אַ שטענדיגער שילער; עס איז ניט אַריבער אַ טאָג, וואו ער האָט ניט אויסגעפונען נייע ערשיינונגען אין דעם גייסטיגען און פיזישען לעבען פון'ם קינד, וועלכע האָבען פערמעהרט זיינע פּעדאַגאָגישע קענטניסען און איהם געגעבען די מעגליכקייט צו פערפאָלקאָמנען זיינע מעטהאָדען.

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבען פון די לעהרער אין דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ" אין באַרצעלאָנאַ איז געווען צו מאַכען דעם אונטעררריכט, וואָס אינטערעסאַנטער און צוציהענדער פאַר די קינדליכע מוחות. און דיזער

צוועק איז פֿאָלקאָמען דערגרייכט געוואָרען דורך דעם, וואָס דער לעהרער האָט אָנגעווענדעט די פֿערשידענסטע מיטלען, אום צו איבערצייגען דאָס קינד פֿון דער צוועקמעסיגקייט און ניצליכקייט פֿון׳ם לערנען. אָט דאָ איז איינער פֿון די פּונקטען, וואו די היינטיגע שולע, איבערהויפּט די זאָגענאַנטע פֿאָלקס-שולע, זינדיגט אַם מייסטען געגען די קינדער. דער לעהרער האָט זיך זיין בעשטימטע מעטהאָדע, ווי אַזוי ער דאַרף, אָדער בעסער געזאָגט, ווי אַזוי מען ערלויבט איהם צו לערנען — אַ מעטהאָדע, וועלכע אָנערקענט ניט קיין שום אינדיווידועלע פֿערשידענהייט — און אַזוי געהט ער אָן מיט אַ מעכאַנישער רעגעלמעסיגקייט. דאָס קינד ווייסט אַבסאָלוט ניט, וואָרום עס לערנט, עס בעגרייפֿט ניט די נויטווענדיגקייט און ניצליכקייט פֿון זיין לערנען זיך; מען פֿילט איהם אָן דעם מוח מיט הונדערטער גלייכגילטיגע זאַכען, פֿאַר וועלכע עס פֿיהלט ניט קיין שום אינטערעס, און דערשטיקט דערמיט אין איהם די ליעבע און סימפּאַטהיע פֿאַר דער שולע.

יעדער איינציגער, וועלכער האָט פֿערבראַכט זיעבען אָדער אַכט יאָהר צייט אין איינע פֿון אונזערע היינטיגע עלעמענטאַר-שולען, וועט קיינמאָל ניט פֿערגעסען, ווי שווער עס איז איהם אָנגעקומען דער אונטעררריכט און ווי שטאַרק ער האָט געביינקט נאָך די ענדע פֿון דער מאָדערנער שול-שקלאַ-פֿעריי. ס׳איז ניט מעהר ווי דער ברוטאַלער צוואַנג, וועלכער טרייבט די מייסטע קינדער אין די שולע; אויב ניט דער צוואַנג, וואָלטען אונזערע היינטיגע פֿאָלקס-שולען אויסגעזעהן פּוסט און ליידיג; דען פֿאַר די גרויסע מעהרהייט פֿון די קינדער איז די היינטיגע שולע אַ פֿערהאַסטע און אונער-טרעגליכע אינסטיטוציאָן.

עס איז איבערהויפּט פֿאַלש צו זאָגען, אַז מען לערנט דאָס קינד אין אונזערע פֿאָלקס-שולען — דרעסירען איז דער ריכטיגער אויסדרוק. מען דרעסירט דאָס קינד, אַזוי ווי מען דרעסירט אַ יונגען הונד; און ווען די נאַטירליכע אינטעליגענץ איז „צו שוואַך" נאָך דער מיינונג פֿון דעם „ער-ציהער", העלפֿט ער אונטער מיט׳ן שטעקען. דער גאַנצער אונטעררריכט איז אַ ריין מעכאַנישער, ער איגנאָרירט כמעט אין גאַנצען די נאַטירליכע אינער-ליכע ערקענטניס פֿון׳ם קינד און לייגט דעם הויפּט-ווערטה אויף פּוסטע אויסערליכקייטען. דאָס קינד לערנט, ווייל עס מוז לערנען, ווייל מען צווינגט עס צו לערנען, ניט ווייל עס פֿיהלט אַליין די נויטווענדיגקייט און די אינערליכע לוסט צו לערנען. אָט דיזע ברוטאַל-מעכאַנישע מעטהאָדע איז אויך די אורזאַכע, וואָרום ניין צעהנטעל פֿון די קינדער, וועלכע זיינען געווען זיבען און אַכט יאָהר אין אַ פֿאָלקס-שולע, זיינען צולעצט ניט אים-שטאַנד צו שרייבען אַ קאָרעקטען בריעף אין זייער אייגענער שפּראַך און

וואַרום די מייסטע פֿון זיי פֿערגעסען שפּעטער אַזוי גיך אין די אַלע זאַכען, וועלכע מען האָט זיי אַריינגעפּויקט אין די אָרעמע מוחות, ווען זיי האָבען נאָך בעזוכט די שולע.

די מעטהאָדע אין פֿערער׳ס שולע איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע. דאָרטען האָבען די ריין אויסערליכע און מעכאַנישע זייטען פֿון׳ם אונטערריכט געשפּיעלט די קלענסטע ראָלע; די הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווען די ענט־וויקלונג פֿון דער אינערליכער ערקענטניס פֿון די שילער, די ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פֿון דער אינערליכער איבערצייגונג, אַז אַ געוויסע זאַך איז ניצליך און נויטווענדיג. דער לעהרער האָט דעם קינד פֿריהער געצייגט אַ געוויסען ציעל און האָט איהם נאָכדעם ערקלערט, אַז דער לערנען איז דער איינציגער וועג צו דערגרייכען דעם ציעל. דאָס קינד האָט אַלזאָ מעהר ניט געטאַפּט אין דער פֿינסטער; עס האָט געוואוסט, פֿאַר וואָס עס טהוט אַ געוויסע זאַך, עס האָט בעגריפֿען דעם אייגענטליכען זינן פֿון זיינע גייסטיגע אָנשטרייננגונגען; דער וועג איז געווען פֿאַר איהם פֿריי און אָפֿען, עס האָט געוואוסט, וואו עס געהט און האָט געזעהן און געפֿיהלט, אַז עס קומט אַלץ נעהנטער צום ציעל.

פֿיעלע זיינען פֿילייכט מיט דער מיינונג, אַז דיזע מעטהאָדע מעג זיך זיין זעהר גוט פֿאַר גרעסערע קינדער, ביי וועלכע דער מוח איז שוין גוט ענטוויקעלט און געשאַרפֿט; אָבער עס איז אונמעגליך איהר אָנצואווענדען ביי קליינע קינדער, וועלכע דאַרפֿען זיך ערשט אויסלערנען די ערשטע און עלעמענטאַרסטע גרונד־בעדינגונגען פֿון דער ערציהונג. פֿערער האָט אונז געצייגט דורך דעם פּראַקטישען ביישפּיעל, אַז דיזע מיינונג איז אַ פֿאַלשע. ווען, למשל, איינער פֿון די לעהרער אָדער לעהרערקעס האָבען בעקומען די אויפֿגאַבע אויסצולערנען לייענען אַ געוויסע צאָהל קינדער, איז דיזע אויפֿגאַבע אויסגעפֿיהרט געוואָרען אויף אַ זעהר לייכטען און איינפֿאַכען אופֿן.

דער לעהרער, וויסענדיג, אַז זיין אויפֿגאַבע איז אין אַלגעמיין גענומען זעהר אַ טרוקענע און מעכאַנישע, זעהט דערפֿאַר אויסצוגעפֿינען אַנדערע מיטלען, אום צו פֿעראינטערעסירען זיינע קליינע פֿריינד מיט דער עלע־מענטאַרער קונסט פֿון לייענען. ער וועט זיי פֿריהער אויסלערנען פֿערשידענע שפּיעלען און זיי דאַדורך בעקאַנט מאַכען מיט די פֿאָרמען פֿון די פֿערשי־דענע בוכשטאַבען פֿון׳ם אלף בית. אין וועניגע טעג דערגרייכט ער פֿאָל־שטענדיג זיין ציעל. איצטער האַנדעלט עס זיך אויסצולערנען די קינדער צו בענוצען זיך מיט די בוכשטאַבען, אום צוזאַמענצושטעלען זילבען, ווערטער און זאַצען. דיזע אויפֿגאַבע איז שוין קאָמפּליצירטער און דערפֿאַר וועט ער

פריהער פערזוכען צו איבערציינגען זיינע קליינע שילער פון דער צוועקמע־סיגקייט און נויטווענדיגקייט פון דער נייער קונסט. אום צו דערגרייכען דיזען צוועק, דערצעהלט ער זיינע קליינע פריינד שעהנע, פאנטאסטישע מעשה'לאך, וועלכע זיינען אימשטאנד צו בעאיינפלוסען די יונגע הערצער; שפעטער וועט ער זיי פארלייענען עהנליכע געשיכטען פון א בוך און די יונגע קינדערלאך מיט זייערע אינטעליגענטע און לעבעדיגע פנים'לאך זיצען זיך גאנץ רוהיג אויף זייערע פלעצער און שלינגען די ווערטער פון דעם לעהרער'ס ליפען. דאס בוך מיט די פיעלע שעהנע מעשה'לאך ווערט בים־לעכווייז א גאנצער אידעאל פון די קינדער און צולעצט ענטוויקעלט זיך ביי זיי גאנץ נאטירליך דער געדאנק, אז די קונסט פון לייענען איז די איינציגע בריק, וועלכע קען זיי אריבערפיהרען אין די פאנטאסטישע און וואונדערבארע וועלט, וועלכע ליעגט בעהאלטען צווישען די דינינקע בלעט־לאך פון דעם לעהרער'ס בוך. דער לעהרער זעהט שוין, אז דיזער געדאנק זאל ענדליך געפינען אן אויסדרוק, און ווען ער האט אויסגעפיהרט, וואס ער האט געוואלט, ערקלערט ער זיינע שילער די ניצליכקייט און נויטווענדיג־קייט פון צו קענען לייענען. די קינדער בעגרייפען אלעס גאנץ אינסטינקטיוו און זיי בעטען זיך אליין ביי זייער גוטען פריינד, דעם לעהרער, ער זאל זיי אויסלערנען לייענען, כדי זיי זאלען זיך אליין בעקענען מיט די שעהנע ערצעהלונגען פון דעם גרויסארטיגען בוך.

איצטער האט דאס קינד א בעשטימטען ציעל אין אויג; עס לערנט ניט רק אום צו לערנען, נאר אום צו דערגרייכען א געוויסען ציעל. דער שילער טאפט ניט ארום אין דער פינסטער; ער ווייסט, וואס ער וויל און זעהט קלאר פאר זיך דעם וועג צו פערווירקליכען זיין וואונש. דער ציעל גופא העלפט איהם בעזיעגען די טעכנישע שוועריגקייטען און די טרוקענע זייטען פון'ם אונטערריכט, און דער לעהרער, פערשטעהט זיך, מאכט איהם דעם וועג וואס לייכטער און אנגענעהמער.

מיר זעהען אלזא, אז דיזע נייע און ראציאנעלע פעדאגאגישע מעטהאדע איינענט זיך ניט בלויז פאר גרעסערע קינדער, נאר איהר פארטרעפליכקייט ציינט זיך אויך דייטליך ארוים ביי די קליינע אנפאנגער אין דער שולע, וועלכע דארפען זיך ערשט אויסלערנען די ערשטע און עלעמענטארסטע קענטניסע פון די פערשידענע וויסענשאפטען.

מיר וואלטען נאך געקענט אנפיהרען אסך ביישפיעלע, אום צו אילו־סטרירען די מעטהאדען פון דער „עסקועלא מאדערנא" אין בארצעלאנא, אבער דאס וואלט אונז אוועקגעפיהרט צו ווייט. עס איז גענוג צו בעמער־קען, אז די פארם פון די מעטהאדען איז געווען פערשידען, לויט דעם

גייסטיגען גראַד פֿון ענטוויקלונג פֿון די קינדער; אָבער די טענדענץ איז איבעראַל געווען דיזעלבע: צו איבערצייגען דעם שילער פֿון דער צוועקמעסיגקייט און ניצליכקייט פֿון דעם אונטערריכט, כדי ער זאָל קלאָר דערקענען דעם ציעל, צו וועלכען ער שטרעבט.

* * *

עס פֿערשטעהט זיך, אַז פֿעררער און זיינע מיטאַרבייטער האָבען אויסגעמידען אַלצדינג, וואָס וואָלט געקענט האָבען אַ שלעכטען איינפֿלוס אויף די פֿיזישע און גייסטיגע ענטוויקלונג פֿון די קינדער. די שלעכטע און געפֿעהרליכע געוואוינהייט פֿון אונזערע פֿאָלקס-שולען, וועלכע צווינגט די קינדער צו זיצען דריי און פֿיער שטונדען אויף זייערע פלעצער, און וועלכע ערלויבט זיי ניט צו מאַכען די קלענסטע בעוועגונג, האָט אין פֿעררער'ס שולע ניט עקזיסטירט. נאָך יעדער שטונדע אונטערריכט איז געווען אַ פֿערטעל שטונדע פויזע. די קינדער זיינען דאַן אַרויס אין דעם שעהנעם און גרויסען גאָרטען און האָבען זיך געשפּיעלט אָדער פֿערבראַכט די צייט מיט גימנאַסטישע פֿערזוכען. זעהר אָפֿט, איבערהויפּט אין זומער, האָט דער אונטערריכט אין גאַנצען שטאַטגעפֿונען אין גאָרטען.

ביי דעם אונטערריכט האָבען די לעהרער שטענדיג געזעהן צו פֿעראייניגען די טהעאָריע מיט דער פּראַקטיק. יעדע וויסענשאַפֿטליכע לעקציאָן איז פֿערבונדען געווען מיט פּראַקטישע עקספּערימענטען און די שילער האָבען אַליין געהאַט די מעגליכקייט צו עקספּערימענטירען אונטער דער אָנווייזונג פֿון'ם לעהרער. זעהר אָפֿט האָבען די קינדער אין דער בעגלייטונג פֿון זייערע לעהרער בעזוכט גרויסע פֿאַבריקען פֿון פֿערשידענע וויכטיגע אינדוסטריען, עלעקטרישע צענטראַלען, מינען א.ז.וו. אום זיך פּראַקטיש צו בעקענען מיט די פֿערשידענע מעטהאָדען פֿון דער פּראָדוקציאָן. אויך די מוזעאומס, די קונסט-גאַלעריען און אַנדערע עפֿענטליכע אינסטיטוציאָנען זיינען בעזוכט געוואָרען, אום צו געבען די שילער וואָס ברייטערע און טיעפֿערע פֿאָרשטעלונגען פֿון די פֿערשידענע צווייגען, מיט וועלכע דער אונטערריכט האָט זיך בעשעפֿטיגט.

די לעהרער האָבען אויסגעמידען יעדען פֿערזוך צו שאַבלאָניזירען דעם אונטערריכט און אַריינצופּרעסען די ערציהונג אין בעשטימטע פֿאָרמען; יעדער פֿון זיי האָט עס געהאַלטען פֿאַר זיין וויכטיגסטע אויפֿגאַבע צו ענטוויקלען די בעזונדערע אינדיווידואַליטעט פֿון יעדען שילער און די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון זיין דיינקען און האַנדלען. אויף אַזאַ'ן אַרט איז דער אונטערריכט געווען אַן אמת'ער פֿערגניגען אי פֿאַר דעם לעהרער און

אי פֿאַר די שילער, און די „עסקועלאַ מאָדערנאַ" איז געווען אַ ווירקליכער מאָדעל פֿון דער שולע אין דער צוקונפֿט.

די שולע האָט אויפֿגענומען קינדער ניט אונטער פֿינף יאָהר אַלט און די צייט פֿון די שול-יאָהרען איז געווען אונבעשריינקט. די יעניגע, וועלכע האָבען לוסט געהאַט צו ענטוויקלען זיך אַלס לעהרער, האָבען שפּעטער געקענט בעזוכען בעזונדערע קלאַסען צו דיזען צוועק. קיין בעשטימטעס שול-געלד האָט ניט עקזיסטירט. די עלטערן האָבען בעצאָהלט לויט זייערע מאַטעריעלע בעדינגונגען. די איינציגע בעדינגונג, וועלכע פֿעררער האָט געשטעלט, איז געווען, אַז די קינדער זאָלען אין דערהיים ניט ערהאַלטען קיין אַנדער ערציהונג ווי אין דער שולע. צו דיזען צוועק האָבען עקזיסטירט בעזונדערע אָבענד-קלאַסען פֿאַר ערוואַקסענע, איבערהויפּט פֿאַר די עלטערן פֿון די שילער, וועלכע האָבען בעזוכט די מאָדערנע שולע. דאָרטען האָט מען זיי אונטערריכטעט, ווי אַזוי מען דאַרף זיך בעגעהן מיט קינדער, ווי אַזוי מען דאַרף זיי בעהאַנדלען אין אַזאַ אָדער אין אַזאַ פֿאַל א. ז. וו. און דיזער אונטערריכט איז נאָך אונטערשטיצט געוואָרען דורך דאָס „קאָרעס-פּאָנדענץ-בלאַט פֿון דער מאָדערנער שולע", וועלכעס האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַלע פֿראַגען פֿון דער ערציהונג. מיר וועלען שפּעטער נאָך רעדען וועגען דיזער פּאָרטרעפֿליכער צייט-שריפֿט, וועלכע איז פֿאַר פֿיעלע עלטערן געווען אַן אויסגעצייכענטער וועג-ווייזער פֿאַר דער פֿרייער ערציהונג פֿון די קינדער.

* * *

אין דער מאָדערנער שולע האָבען עקזיסטירט דריי גרויסע אָבטהיילונגען פֿון אונטערריכט. די אָבטהיילונג פֿאַר די אָנפֿאַנגער, די גאַנץ יונגע קינדער; די עלעמענטאַרע אָבטהיילונג; און די אָבטהיילונג פֿאַר דעם העכערען אונטערריכט. יעדע פֿון דיזע דריי הויפּט-אָבטהיילונגען איז ווידער איינגעטהיילט געווען אין פֿערשיעדענע קלאַסען. קיין בעשטימטע צייט, ווי לאַנג אַ שילער זאָל מוזען בלייבען אין אַ געוויסער קלאַס, איז ניט פֿעסטגעשטעלט געווען. אַלעס האָט זיך געווענדעט אין די אינדיווידועלע פֿעהיגקייטען און דער נאַטירליכער אינטעליגענץ פֿון די קינדער.

פֿאַר מיר ליגט אַ דעטיילירטער פּלאַן פֿון די דריי הויפּט-אָבטהיילונגען פֿון'ם אונטערריכט, וועלכען איך גיב דאָ איבערגעבען דעם לעזער, כדי ער זאָל זיך בעקענען מיט די פֿערשיעדענע מאַטעריען פֿון דער ערציהונג אין פֿעררער'ס שולע. *) בעמערקען וויל איך נאָך, אַז דיזער פּלאַן איז אין יעדער קלאַס מאָדיפֿיצירט געוואָרען.

*) Escuela Moderna, Barcelona. Quinto ano escolar 1905—1906. Materias ensenadas y distribucion del tiempo.

דער אונטערריכט האָט זיך אָנגעהויבען 9 אַזייגער אין דער פֿריה. נאָך יעדער שטונדע איז געווען אַ פּויזע פֿון 15 מינוטען, אַזוי ווי מיר האָבען פֿריהער שוין בעמערקט. פֿון 12 ביז האַלב 3 איז געווען די מיטאָג־פּויזע. נאָך דעם איז דער אונטערריכט ווייטער אָנגעגאַנגען ביז האַלב נאָך 5. יעדען אין דער פֿריה, איידער דער אונטערריכט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, האָט שטאַטגעפֿונען אַ גרינדליכע סאַניטערע אינספּעקציאָן פֿון דער שולע און די שילער. די פֿערשיעדענע צווייגען פֿון׳ם אונטערריכט זיינען פֿערטהיילט געוואָרען אויף אַזאַ׳ן אופֿן:

## פֿאַר אנפֿענגער.

מאָנטאָג: אַריטמעטיק, לעזען, גראַמאַטיק, שרייבען מיט ווערטער־פֿערבינדונגען, האַנד־אַרבייט, געאָגראַפֿיע.

דינסטאָג: שרייבען, לעזען, זאָאָלאָגיע, זינגען און מוזיק, פֿראַנצויזיש, מאָראַלישע ערצעהלונגען און געשפּרעכען צווישען דעם לעהרער און די שילער.

מיטוואָך: שרייבען, לעזען און צייכנען, געאָמעטריע, זינגען און מוזיק. דער נאָכמיטאָג איז געווען פֿריי.

דאָנערשטאָג: אַריטמעטיק, לעזען, גראַמאַטיק, שרייבען און זאַץ־בוי, פֿיזיאָלאָגיע, געאָגראַפֿיע.

פֿרייטאָג: שרייבען, לעזען, מינעראַלאָגיע, זינגען און מוזיק, פֿראַנצויזיש, אָרדנונגס־לעהרע אָדער געשפּרעכען צווישען דעם לעהרער און די שילער.

שבת: אַריטמעטיק, לעזען, גראַמאַטיק, שרייבען מיט זאַץ־בוי, פֿיזיק אָדער כעמיע, האַנד־אַרבייט אָדער באָטאַניק.

## עלעמענטארער אונטערריכט.

מאָנטאָג: אַריטמעטיק, לעזען מיט ערקלערונג פֿון די ווערטער (לעזע־בוך: זשאַן גראַוו׳ס „די אַבענטייער פֿון נאָנאָ“), גראַמאַטיק, שרייבען און זאַץ־בוי, פֿיזיק, געאָגראַפֿיע.

דינסטאָג: שרייבען נאָך דעם דיקטאַט פֿון׳ם לעהרער, לעזען מיט ערקלערונג פֿון די ווערטער (לעזע־בוך: שאַרל מאַלאַטאָ׳ס „לעאָן מאַרטין“), זאָאָלאָגיע, זינגען און מוזיק, פֿראַנצויזיש, אָרדנונגס־לעהרע.

מיטוואָך: שרייבען נאָך דעם דיקטאַט פֿון׳ם לעהרער, צייכנען, געאָמעטריע, זינגען און מוזיק. דער נאָכמיטאָג איז פֿריי.

דאָנערשטאָג: אַריטמעטיק, שפּאַנישע היסטאָריע, גראַמאַטיק, שרייבען און זאַץ־בוי, פֿיזיאָלאָגיע, געאָמעטריע.

**פרייטאָג:** שרייבען נאָך דעם דיקטאַט פון'ם לעהרער. קאַליגראַפיע. מינע־ראַלאָגיע. זינגען און מוזיק. פראַנצויזיש. אַריטמעטיק אָדער ערצעה־לונגען פאַר די שילער.

**שבת:** אַריטמעטיק. לעזען מיט ערקלערונגען פון די ווערטער (צום לעזען ווערט בענוצט דער „ערשטער (געשריבענער) מאַנוסקריפט"). גראַ־מאַטיק. שרייבען און זאַץ־בוי. כעמיע. באָטאַניק.

## העכערער אונטערריכט.

**מאָנטאָג:** אַריטמעטיק. צייכנען. גראַמאַטיק. שרייבען און זאַץ־בוי. פיזיק. געאָגראַפיע.

**דינסטאָג:** שרייבען (ליטעראַרישער סטיל). לעזען מיט קאָמענטאַרען (לעזע־בוך: „פאַטריאָטיזם און קאָלאָניזאַציאָן"). זאָאָלאָגיע. זינגען און מוזיק. פראַנצויזיש. אָרדנונגס־לעהרע.

**מיטוואָך:** שרייבען (קאָמענטאַר צו אַ לעזע־שטיק). לעזען מיט קאָמענטאַ־רען. (לעזע־בוך: „דער אורשפרונג פון קריסטענטהום") געאָמעטריע. זינגען און מוזיק. דער נאָכמיטאָג איז פריי.

**דאָנערשטאָג:** אַריטמעטיק. וועלט־געשיכטע. גראַמאַטיק. שרייבען מיט זאַץ־בוי. פיזיאָלאָגיע. געאָגראַפיע.

**פרייטאָג:** שרייבען (דער שילער קען אַליין אויסקלייבען אַ טהעמאַ.) קאַלי־גראַפיע. מינעראַלאָגיע. זינגען און מוזיק. פראַנצויזיש. אָרדנונגס־לעהרע אָדער געשפרעך צווישען שילער און לעהרער.

**שבת:** אַריטמעטיק. לעזען מיט קאָמענטאַרען. (צום לעזען ווערט בענוצט דער „צווייטער (געשריבענער) מאַנוסקריפט"). ענטוויקלונגס־לעהרע און נאַטור־פילאָזאָפיע. שרייבען מיט זאַץ־בוי. כעמיע. באָטאַניק.

* * *

ווי מיר זעהען, איז דער אונטעררכטס־פלאַן פון פעררער'ס שולע געווען זעהר אַ רייכער. דערצו איז נאָך נויטווענדיג צו בעמערקען, אַז דער אונטערריכט פון די פערשידענע וויסענשאַפטען האָט זיך מיט יעדער העכערער קלאַס פראָפאָרציאָנעל ענטוויקעלט. אַזוי האָט די אַריטמעטיק צ.ב.ש. אין די העכערע קלאַסען אַריינגענומען אַלע צווייגען פון מאַטעמאַטיק, אַל־געבראַ א. ז. וו. דאָסזעלבע איז געווען דער פאַל מיט אַלע אַנדערע אָב־טהיילונגען פון'ם אונטערריכט.

אין די לעזע־שטונדען איז דער שטאָף זאָרגפעלטיג אויסגעקליבען גע־וואָרען, אום צו ווירקען אויף די מאָראַלישע געפיהלען און פאָרשטעלונגען פון די שילער און אין דערזעלבער צייט, אום צו ענטוויקלען דעם ליטע־

ראַרישען געשמאַק און די ערקענטניס איבער די בעדייטונג פון דעם ליטע-ראַרישען קונסט-ווערק אין אַלגעמיין. דאָס זעלבע איז געווען דער פאַל מיט דעם אונטערריכט אין שרייבען. אויך דאָ האָט דער לעהרער שטענדיג געהאַט די בעסטע געלעגענהייט צו ווירקען אויף די זעעלע און דעם פערשטאַנד פון'ם קינד דורך דעם שטאָף, וועלכען ער האָט אויסגעקליבען פאַר זיינע דיקטאַטען.

זעהר אינטערעסאַנט זיינען געווען די געשפרעך-שטונדען צווישען דעם לעהרער און די שילער. מאַנכעס מאָל האָט דער לעהרער אַליין אויסגעקלי-בען אַ געוויסע פראַגע צו דיסקוטירען; און אָפטמאָל האָבען די שילער עס געטהאָן. דיזע שטונדען האָבען געהאַט דעם צוועק צו ענטוויקלען דעם לאָגישען דיינקען פון'ם קינד און די פעהיגקייט אויסצודריקען זיינע מיי-נונגען און אידעען אויף אַן אַנגענעהמען און פלאַנמעסיגען שטייגער. אין דערזעלבער צייט האָבען דיזע געשפרעכען אויסערגעוועהנליך גוט געווירקט אויף די פערזענליכע בעציהונגען צווישען דעם לעהרער און די קינדער.

* * *

די „מאָדערנע שולע", וועלכע האָט געהאַט אַזאַ בעשיידענעם אָנפאַנג, האָט זיך פערגרעסערט מיט יעדען מאָנאַט. איהרע אויסגעצייכענטע מע-טהאָדען און לעהר-ביכער האָבען באַלד אַרויסגערופען די אַלגעמיינע אויפ-מערקזאַמקייט פון אַלע פראָגרעסיווע עלעמענטען אין באַרצעלאָנאַ און ביסלעכווייז אין גאַנץ קאַטאַלאָניען און די איבעריגע טהיילען פון שפּאַניען. די צאָהל פון די שילער איז שנעל געוואַקסען. די „עסקועלאַ מאָדערנאַ", וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1901 מיט 12 מיידלאַך און 18 אינגע-לאַך, האָט צו ענדע פון 1904 געהאַט 126 שילער: 49 מיידלאַך און 77 אינגלאַך.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַלעס. פון אַלע זייטען האָט מען זיך גע-ווענדעט צו פעררער וועגען דער גרינדונג פון נייע שולען אָדער אום צו רעפאָרמירען אַנדערע, וועלכע האָבען שוין עקזיסטירט. אַרבייטער-אָרגאַני-זאַציאָנען, סינדיקאַטען, קאָאָפעראַציאָנען, רעפובליקאַנישע פעראיינען און פריידיינקער פון אַלע ריכטונגען האָבען געפאָדערט זיין הילפע. און פער-רער האָט אַלעמען געהאָלפען און קיינער איז פון איהם ניט אַוועק-געגאַנגען אָהן אַ גוטען ראַטה אָדער מאַטעריעלע מיטלען. די פאָלגע איז געווען אַ שטאַרקע ענטוויקלונג פון די פרייע שולען אין שפּאַניען. אין 1905 האָבען אין באַרצעלאָנאַ גופא עקזיסטירט 14 פרייע שולען און אין די אי-בעריגע שטעדט פון קאַטאַלאָניען 34, וועלכע האָבען זיך בענוצט מיט די לעהר-ביכער און מעטהאָדען פון פעררער'ס שולע. היינט איז די צאָהל פון

די פרייע שולען אין שפאַניען נאָך פיעל גרעסער און עס עקזיסטירען העכער 80 אַזעלכע אינסטיטוציאָנען, וועלכע האָבען מייסטענטהיילס איינגעפיהרט ביי זיך פערער'ס מעטהאָדען פון אונטערריכט און זיינע גלענצענדע לעהר־ביכער.

אין 1906 האָט פערער אַראַנזשירט אין באַרצעלאָנאַ אַ בעזונדערן באַנקעט פאַר די שילער פון די מאָדערנע שולען, וואו עס זיינען זיך צו־נויפגעקומען 1.700 שילער פון די אַלע שולען, וועלכע האָבען זיך גרופירט אַרום דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ" אין באַרצעלאָנאַ. היינט האָט זיך דיזע צאָהל אַם וויינִגסטענס פערדרייפאַכט, טראָץ די בלוטיגע פערפאָלגונגען פון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן.

VIII.

## די לעהר־ביכער און אויסגאבען פון דער „מאָדערנער שולע".

איינע פון די וואונדערבאַרסטע אַרבייטען, וועלכע פֿררער האָט אויפֿ־געטהאָן, איז געווען די אַרויסגאַבע פֿון אַ גאַנצער סעריע פֿון אויסגעצייכענטע לעהר־ביכער. דיזע סעריע, וועלכע בעשטעהט פֿון אַן ערך דרייסיג בע־זונדערע ביכער, איז זיכער די אָריגינעלסטע און אייגענאַרטיגסטע זאַמלונג, וועלכע די פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור האָט ביז איצט אַרויסגעגעבען.

דאָס ערשטע בוך, וועלכעס דער אָנפֿענגער אין דער „מאָדערנער שולע" האָט בעקומען אין דער האַנד, איז געווען די „קאַרטיליאַ", אַ קליין לעהר־ביכעל אין דריי אָבטהיילונגען. דער ערשטער טהייל האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט די אָנפֿאַנגס־מעטהאָדען פֿון לעזען; דער צווייטער מיט דער גראַמאַ־טיק; און דער דריטער טהייל איז אַ גלענצענדע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם געדאַנק פֿון ענטוויקלונג אין דער גאַנצער נאַטור פֿון דעם קלענסטען אַטאָם ביז צום מענשען.

דיזער דריטער טהייל, וועלכער איז אַ פּעדאַגאָגישעס מייסטערווערק אין פֿולען זין פֿון וואָרט, איז געשריבען געוואָרען פֿון דעם בעקאַנטען פֿראַנצויזישען אַנאַרכיסט פּאַראַף־זשאַוואַל, וועלכער האָט דער „מאָדערנער שולע" נאָך געשיינקט אייניגע אַנדערע פֿאָרטרעפֿליכע לעהר־ביכער.

די שפּראַך פֿון דיזען ביכעל איז אַזוי איינפֿאַך און אין דערזעלבער צייט אַזוי שעהן, אַז עס איז אַ ווירקליכער גענוס עס איבערצולייענען. די שווערסטע פֿראַגען און פֿאַקטען פֿון דער וויסענשאַפֿט ווערען דאָרט ער־קלעהרט אויף אַזאַ לייכט פֿערשטענדליכען אופֿן, אַז יעדעס קינד קען זיי פֿערשטעהן און ריכטיג בעגרייפֿען.

דיזע קורצע ענטוויקלונגס־געשיכטע פֿון דער וועלט בכלל און פֿון דער ערד און דער מענשהייט בפרט איז געשריבען אין דער פֿאָרם פֿון זעקס געשפּרעכען צווישען אַ פֿעטער און זיין פּלימעניצע. יעדער געשפּרעך בע־

שעפּטיגט זיך מיט אַ בעזונדערע זייט פֿון דער אַלגעמיינער נאַטור-ענטוויקלונג; דער ערשטער מיט „די פֿערוואַנדלונגען פֿון דעם אוניווערזום"; דער צווייטער מיט „די פֿערוואַנדלונגען פֿון דער ערד"; דער דריטער מיט „די טהעאָריען פֿון פֿערוואַנדלונג מכח די נאַטירליכע געזעצע פֿון צופּאַסונג, פֿערערבונג און אויסוואַהל"; דער פֿערטער מיט „דער פֿערוואַנדלונג פֿון די צעלען"; דער פֿינפֿטער מיט „די אור־עלטערן פֿון די היינטיגע לעבעדיגע וועזענס אויף דער ערד און זייערע פֿערוואַנדלונגען"; דער זעקסטער מיט דער „פֿילאָזאָפֿיע פֿון פֿערוואַנדלונג, מיט דער אַל־וועלטליכער ענטוויקלונג און איהרע קאָנזעקווענצען פֿאַר דער מענשהייט".

די ערשטע אויפֿלאַגע פֿון דיזען פֿאָרטרעפֿליכען לעהר־ביכעל, וועלכע איז ערשיענען אין 10,000 עקזעמפּלאַרען, איז אויספֿערקויפֿט געוואָרען אין וויניגע וואָכען און עס איז שפּעטער אַרויס אַ צווייטע אויפֿלאַגע מיט אַ קורצען פֿאָרוואָרט איבער די בעדייטונג און די מעטהאָדען פֿון דער „מאָדערנער שולע". דער פֿאָלגענדער ציטאַט פֿון דער דאָזיגער פֿאָררעדע איז העכסט אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די פּעדאַגאָגישע טענדענצען פֿון פֿעררער׳ס שולע:

„אַרויסגעבענדיג דיזע צווייטע אויפֿלאַגע און וואַרפֿענדיג אַ בליק אויף די רעזולטאַטען פֿון דער ערשטער אויסגאַבע, קענען מיר זאָגען, אַז מיר זיינען מעהר ווי צופֿריעדען, דען אונזערע האָפֿנונגען זיינען בעסער רעאַליזירט געוואָרען ווי מיר האָבען ערוואַרטעט. אונזערע לעהר־קרעפֿטע האַלטען זיך אין איין פֿערבעסערן און די קינדער — אַזוי ווי מיר האָבען עס געזעהן אין פֿאָראויס — לערנען זיך אוים רעדען, וויסען און דיינקען אין דערזועלבער צייט. דורך דיביידע מיטלען פֿון בעאָבאַכטונג און הערען זיינען זיי לייכט אימשטאַנד אויפֿצונעהמען אין זייערע מוחות ניט בלויז די פֿערשיעדענע געגענשטענדע, וועלכע גראָבען זיך איין אין זייער זכרון דורך דעם אויסערליכען פֿערגלייך; נאָר אויך די בילדליכע פֿאָרשטעלונג פֿון די אידעען, וועלכע גיבען ערשט אַריין לעבען אין דעם מעכאַניזם פֿון דער שפּראַך."*)

פֿאַר אַ „צווייטעם לעזע־בוך" אין דער „מאָדערנער שולע" איז פֿערווענדעט געוואָרען זשאַן גראַוו׳ס שעהנעס ווערק „די אַבענטייער פֿון נאָנאָ", וועלכעס אַנסעלמאָ לאָרענסאָ האָט ספּעציעל איבערזעצט אין שפּאַניש פֿאַר די „עסקועלאַ מאָדערנאַ". **) דיזעס אויסגעצייכענטע בוך איז איינע פֿון די בעסטע אויסגאַבען פֿון אונזער מאָדערנער קינדער־ליטעראַטור. די קורצע

*) Cartilla, filologica, espanola. Primer libro de lectura.

**) Aventuras de Nono. Segundo libro de lectura, por Juan Grave.

ענטוויקלונגס-געשיכטע אין דער „קארטיליא" פערזוכט הויפטזעכליך צו ווירקען אויף דעם פערשטאַנד און דעם פרימיטיווען וויסענשאַפטליכען אינ־סטינקט פון'ם קינד; גראַוו'ס בוך ווירקט אויף די נשמה פון'ם קינד, אויף זיין פאַנטאַזיע און זיינע נאַטירליכע עטהישע געפיהלען.

דער קליינער נאַנאַ איז איינס פון יענע אונגליקליכע, אָרעמע קינדער, וועלכע בעקענען זיך שוין פון קינדהייט אָן מיט די דונקעלע זייטען פון דער פיעל־בעריהמטער „געטליכער וועלט־אָרדנונג". ער האָט זעלטען ווען די געלעגענהייט זיך גוט אָנצועסען און געהט אַרום אין אַלטע צוריסענע שמאַטעס. שוין זעהר פריה פיהלט ער דעם גרגענזאַץ צווישען זיך און די רייכע קינדער און די ביטערע און גרויזאַמע אונגערעכטיגקייט פון אַזאַ צושטאַנד. אָבער ער געפינט ניט קיין ערקלערונג פאַר די אורזאַכע פון דיזע אַלע אונגערעכטיגקייטען, מיט וועלכע ער בעגעגענט זיך טאָג פאַר טאָג. נאַר איינמאָל, ווען ער לייגט זיך אַוועק שלאָפען אויף זיין אָרעמען געלעגער, חלום'ט זיך איהם פון אַ ליכטיגער, שעהנער וועלט, פון וועלכע ער האָט ביז אַהער נאָך ניט געוואוסט. ער זעהט פאַר זיך אַ גליקליכע און פרייע געזעלשאַפט, אָהן עלענד און שקלאַפעריי, אָהן מלחמות און הונגער. אַלע קינדער האָבען גענוג צו עסען און געהען אַרום אין וואַרעמע שעהנע קליידער; ניטאָ מעהר דער גרויזאַמער אונטערשיעד צווישען אָרעמע און רייכע קינדער. די גאַנצע וועלט איז ווי אַ שעהנער גאָרטען און אַלע מענשען פיהלען זיך אַזוי גליקליך און גוט. און דיזע שעהנע וועלט איז ניט בלויז פאַר די אויסערוועהלטע, נאָר זי איז אויך פאַר נאַנאַ; אַלע ליעבען איהם און בעגריסען איהם אַלס אַ ברודער — קוים וואָס זיין קליין האַר־צעלע קען איבערטראָגען אַזוי פיעל גליק און שעהנקייט.

אָבער דער חלום פערשווינדעט, נאַנאַ וואַכט אויף און די טרויעריגע, גרויזאַמע ווירקליכקייט, שטייגט ווידער אויף תחית המתים פאַר זיינע אויגען. דרויסען אין גאַס בעגעגענט ער זיך ווייטער מיט דיזעלבע אונגליקליכע און פערקריפעלטע בעטלער; קליינע אינגלאַך, אַזוי ווי ער אַליין, שטרעקען אויס די קליינע, מאָגערע הענטלאַך צו די פאָרבייגעהער און בעטען אַ נדבה פאַר די קראַנקע מוטער. און נאַנאַ פיהלט זיך אַזוי אונגליקליך און עלענד ווי אַ שטיין. אָבער דער חלום האָט איהם אויפגעעפענט די אויגען. איצטער בעגרייפט ער שוין די אַלע אונגערעכטיגקייטען פון דער זאָגענאַנטער „געט־ליכער וועלט־אָרדנונג". און ער דערמאָהנט זיך ווייטער אין דעם שעהנעם חלום זיינעם, אין יענע גליקליכע און ליכטיגע וועלט און דיזע וועלט ווערט איצט זיין אידעאַל, פאַר איהר וויל ער לעבען, שטרעבען און קעמפפען.

גראַוו'ס בוך מאַכט אַן אונפערגעסליכען איינדרוק אויף די קליינע

נשמות. עס אַפּעלירט צו זייערע טיעפֿסטע, נאָבעלסטע און בעסטע געפֿיהלען און איז ווי געמאַכט צו שאַפֿען אידעאַליסטען, „טרוימערס״ און „אוטאָפּיסטען״, ווי די קרעמער רופֿען זיי אָן, אין דיזער פּראָזאַאישער און „פּראַקטישער״ וועלט, וואו דער ברוטאַלסטער עגאָאיזם שפּיעלט כמעט די איינציגע ראָלע אין לעבען.

אויסער דעם בוך פֿון זשאַן גראַוו האָבען נאָך עקזיסטירט דריי אַנדערע לעזע־ביכער פֿאַר דיזעלבע קלאַסען: דאָס בוך „לעאָן מאַרטין״ פֿון שאַרל מאַלאַטאָ*), די „פֿאָרשפּיעלען פֿון קאַמפּף״**) פֿון פֿ. פּי אי אַרסואַגאַ און „דאָס קינד״***) פֿון מישעל פּעטיט. די ערשטע צוויי ביכער האָבען דיזעלבע טענדענצען ווי גראַוו׳ס „אַבענטייער פֿון נאָנאָ״. דאָס בוך פֿון דעם פֿראַנצויזישען אַנאַרכיסט מישעל פּעטיט בעשעפֿטיגט זיך מיט דער נאָרמאַלער פֿיזישער און גייסטיגער ענטוויקלונג פֿון׳ם קינד און איז, ווי די מייסטע אַנדערע לעהר־ביכער, דירעקט געשריבען געוואָרען אויף פֿערער׳ס פֿערלאַנג.

אין די העכערע קלאַסען האָבען די לעזע־ביכער בעקומען אַן אַנדערן כאַראַקטער; ד. ה. די טענדענץ איז אויך שפּעטער געבליבען דיזעלבע, נאָר די אידעען האָבען געפֿונען אַ טיעפֿערע טהעאָרעטישע און וויסענשאַפֿטליכע בעגרינדונג.

דאָס דריטע לעזע־בוך****) פֿאַר די שילער פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ״ איז געוועזען די פֿאָרטרעפֿליכע שריפֿט „פּאַטריאָטיזם און קאָלאָניזאַציאָן״. דיזעס ווערק איז צוערשט ערשינען אין פֿראַנצויזיש אין דעם פֿערלאַג פֿון דער בעקאַנטער אַנאַרכיסטישער צייטשריפֿט „לע טאַן נואוואָ״. עס איז אַ גרויסאַרטיג אויסגעוועהלטע זאַמלונג פֿון וויסענשאַפֿטליכע, פֿילאָזאָפֿישע, ליטעראַרישע און פּאָעטישע דאָקומענטען געגען דעם פּאַטריאָטיזם און די קאָלאָניזירונגס־מעטהאָדען פֿון די זאָגענאַנטע קולטור־פֿעלקער. די געדאַנקען פֿון די גרעסטע דיינקער און וועג־ווייזער פֿון אַלע צייטען און לענדער זיינען אין דיזען בוך פֿעראייניגט אין אַ פֿלאַמענדען פּראָטעסט געגען דעם אַבערגלויבען פֿון פּאַטריאָטיזם, געגען דעם קריעג, די אויסבייטונג און די קאָלאָניאַלע בלוט־פּאָליטיק פֿון די הערשענדע קלאַסען. דער

---

*) Leon Martin. La Miseria, su Causa, su Remedio otro segundo libro de lectura por Carlos Malato.

**) Preludios de la Lucha, otro segundo libro de lectura, por F. Pi y Arsuaga.

***) El Nino y el Adolescente, Desarrollo normal — Vida libre, otro segundo libro de lecture, por M. Petit.

****) Patriotismo y Colonizacion, tercer libro de lectura

בעקאַנטער פֿראַנצויזישער מאַלער לום האָט געצייכענט אַ טיטעל־בילד פֿאַר דיזער זאַמלונג — אַ פּראָלעטאַריער, וועלכער וואַרפֿט אַראָב דעם בלוטיגען געץ פֿון אויטאָריטעט פֿון זיין טהראָן — און עליזע רעקלו האָט געשריבען אַ קורצע פֿאָררעדע.

דאָס גאַנצע בוך בעשטעהט פֿון צוויי הויפּט־אָבטהיילונגען. דער ערשטער טהייל, וועלכער בעשעפֿטיגט זיך מיט דעם פּאַטריאָטיזם, בעשטעהט פֿון די פֿאָלגענדע אָבהאַנדלונגען: די געבורט פֿון דער פֿאָטערלאַנדס־אידעע; וואָס איז אַזוינס פֿאָטערלאַנד? די נעגאַציאָן פֿון פּאַטריאָטיזם; די אַבסורדיטעט פֿון פּאַטריאָטיזם; דער ליגען פֿון פּאַטריאָטיזם; דער פּאַטריאָטיזם און די רעגירער; אינטערנאַציאָנאַליזם; די צוקונפֿט פֿון די פֿאָטערלענדער.

דער צווייטער טהייל, וועלכער האַנדעלט מיט דער פֿראַגע פֿון קאָלאָניזאַציאָן, ענטהאַלט די פֿאָלגענדע אָבהאַנדלונגען: די קאָלאָניזאַציאָן, נעגאַציאָן פֿון די פֿאָטער־לענדער; די ערשטע קאָלאָניזאַציעס; די באַרבאַרען; די ציוויליזאַטאָרס; די, וועלכע מען געהט ציוויליזירען; ווי אַזוי מען ציוויליזירט; די ציוויליזאַציאָן; פֿאַר וואָס מען גרינדעט קאָלאָניען; די אויסבייטונג; פֿלייש פֿאַר די קאַנאָנען און פֿלייש פֿאַר די עפּידעמיעס; דער אונטערריכט פֿון די ווייסע ראַסען; די פֿערברעכען פֿון דער ווייסער ראַסע.

יעדע פֿראַגע ווערט בעהאַנדעלט פֿון מעהרערע שרייבערס. מיר געפֿינען אין דיזען פֿאַרטרעפֿליכען לעזע־בוך גלענצענד וויסענשאַפֿטליכע אָבהאַנדלונגען פֿון הערבערט ספּענסער, זש. קאַראָל, פֿלאַמאַריאָן, אַלעקסאַנדער אולאַר, לעטורנאָ, עלי רעקלו, נאָוויקאָוו א. ז. וו.; טיעפֿע פֿילאָזאָפֿישע און עטהישע בעטראַכטונגען פֿון טאָלסטאָי, קלעמאַנסאָ, עמערסאָן, געטהע, שילער, אַלעקסאַנדער הערצען, לאָ־טסע, מאַבלי, מאָלינאַרי, וויליאַם מאָרים, וואָלטער, ברונאָ ווילע און פֿיעלע אַנדערע; ליטעראַרישע פּערל פֿון דיקענס, דומאַ, אַנאַטאָל פֿראַנס, האַרטלעבען, קאַ־ר, לאַמנע, מירבאָ, מאַקיי, אָליוו שריינער א. ז. וו. גלענצענדע פּאָעזיען פֿון באָדלער, וויקטאָר הוגאָ, ווינדעקס און לאַמאַרטין.

דער שטודיום פֿון דיזען לעהר־בוך האָט ענטוויקעלט אַנדערע מענשען ווי די פּאַטריאָטישע געצען־דינעריי אין אונזערע שטאַאַטליכע שולען. די קינדער, וועלכע זיינען אויפֿגעבראַכט געוואָרען מיט אַזעלכע אידעען און אַנשויאונגען, האָבען ניט געהאַט די קלענסטע סימפּאַטיע מיט דעם קליינגייסטיגען פּאַטריאָטיזם און שאָוויניזם, וועלכער ענטוויקעלט דעם האַס נעגען אַנדערע פֿעלקער און ראַסען; זיי האָבען זיך בעטראַכט אַלס גליעדער פֿון דער גרויסער מענשליכער פֿאַמיליע, אַלס מענשען, וועלכע

שטעהען ניט העכער און ניט נידעריגער פֿון אַלע אַנדערע מענשען, צו וואָס פֿאַר אַ פֿאָלק זיי זאָלען ניט בעלאַנגען. זיי האָבען פֿערשטאַנען די אמת'ע אורזאַכען פֿון דעם פּאַטריאָטישען ליגען און די גאַנצע נידעריגע טאַקטיק פֿון די בעזיצענדע קלאַסען, וועלכע זוכען צו פֿערדעקען זייערע ברוטאַלע מאַטעריעלע אינטערעסען מיט זאָגענאַנטע פּאַטריאָטישע אידעאַ-לען; און יעדער פֿון זיי איז געווען פֿאַרטיג צו בעקעמפּפען דיזע היפּאָקרי-טישע קאָמעדיע און צו אַרבייטען פֿאַר אַ פֿרייע צוקונפֿט.

דאָס פֿערטע לעזע-בוך*), מיט וועלכען די שילער פֿון די העכערע קלאַסען האָבען זיך בענוצט, איז געווען אַן אויסצוג פֿון דעם בעקאַנטען ווערק „וויסענשאַפֿט און רעליגיאָן" פֿון דעם גרויסען היסטאָריקער פֿון די רעליגיאָנען, מאַלווערט. עס איז ערשינען אונטער דעם טיטעל: „דער אור-שפּרונג פֿון קריסטענטהום" און ענטהאַלט אַ גלענצענדע ענטוויקלונגס-געשיכטע פֿון די קריסטליכע לעהרען און דאָגמאַס. דאָס בוך ווייזט אויף, אַז דער אינדישער בודיזם איז געווען דער אייגענטליכער פֿאָטער פֿון'ם קריסטענטהום, עס אַנאַליזירט דעם כאַראַקטער פֿון דער ערשטער קריסט-ליכער בעוועגונג, ערקלערט די אורזאַכען פֿון דער ענטשטעהונג פֿון דער קריסטליכער קירכע און פֿון די שפּעטערע שפּאַלטונגען און קומט צו דעם שלוס, אַז דאָס קריסטענטהום וועט אין גאַנצען מוזען אונטערגעהן אַלס אַ רעליגיאָן, אָקוראַט ווי אַלע אַנדערע רעליגיאָנען.

דאָס בוך ענדיגט זיך מיט די פֿאָלגענדע ווערטער: „דיזע וואונדער-באַרע ענטוויקלונג פֿון דער מענשליכער אינטעליגענץ, וועלכע איז אין אָנ-הויב פֿול מיט מיסטיציזם, בעהאַלטען אונטער דעם שלייער פֿון רעליגיאָן, האָט אַריבערגעיאָגט די רעליגיאָן און אַלע הינדערניסען, וועלכע די לעצטע האָט איהר אַנטקעגענגעשטעלט. די וויסענשאַפֿט איז פֿאַרטיג צו פֿערנעה-מען דעם פּלאַץ פֿון דער העכסטער אויטאָריטעט — די וויסענשאַפֿט און די וואַרהייט, דען די ערשטע איז דער אויסדרוק און די אָפֿענבאַרונג פֿון דער לעצטער. וויסענשאַפֿט און וואַהרהייט — צו זיי וועלען בעלאַנגען די פֿיהרענדע קרעפֿטע אין דער צוקונפֿט, אַנשטאָט צו דער גאָטהייט. די ווי-סענשאַפֿט איז דער וואָלטהעטער פֿון די נאַציאָנען און דער בעפֿרייער פֿון דער מענשהייט."

די צאָהל פֿון דיזע לעזע-ביכער איז כמעט יעדעס יאָהר פֿערמעהרט גע-וואָרען דורך נייע אויסגאַבען, וועלכע זיינען ערשיענען אין דעם פֿערלאַג פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ". עס וואָלט אונז אַוועקגעפֿיהרט צו ווייט צו בעשפּרע-

*) **Origen del Cristianismo, cuatro libro de lectura.**

כען יעדע בעזונדערע אויסגאַבע, און אויסערדעם האָבען מיר די מאָראַלישע טענדענץ פֿון דיזע ביכער גענוג דייטליך כאַראַקטעריזירט. נאָר דריי פֿון די שפּעטערע לעזע-ביכער פֿערדיענען נאָך אַ ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט, נעמליך, די „פֿערזעעטע בלומען" *) פֿון פֿעדעריקאָ אוראַלעס, דעם אַרויס-געבער פֿון דעם אַנאַרכיסטישען זשורנאַל „רעוויסטאַ בלאַנקאַ", „דער באַנ-קעט פֿון'ם לעבען" **) פֿון אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, דעם אַלטען פּיאָניר פֿון דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער-בעוועגונג אין שפּאַניען, און „די סאָציאַלע קלאַסען פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער זאָאָלאָגישער ענטוויקלונג" ***) פֿון שאַרל מאַלאַטאָ.

דאָס ביכעל פֿון פֿעדעריקאָ אוראַלעס איז אַ וואונדערבאַרע פּאָעטישע פֿאָרשטעלונג פֿון'ם לעבען, וועלכע ווירקט אויף די קינדליכע נשמה ווי אַ וואַרעמער לעבעדיגער הויך פֿון דער גרויסער מוטער נאַטור.

לאָרענסאָ'ס בוך איז אַ גרויסאַרטיגע און אין דערזעלבער צייט אַן איינ-פֿאַכע פֿאָרשטעלונג פֿון די בעציהונגען צווישען דער נאַטור, דעם מענשען און דער געזעלשאַפֿט. מאַלטהוס איז געקומען צו דעם שלוס, אַז ניט פֿאַר אַלע האָט מען צוגעגרייט דעם טיש אויף דעם באַנקעט פֿון'ם לעבען; לאָ-רענסאָ קומט צו גאַנץ אַנדערע שליסע. ער פֿערטהיידיגט דאָס רעכט צו לעבען, דאָס רעכט פֿון יעדען איינציגען אויף דעם גענוס פֿון די סאָציאַלע רייכטהימער, און ער צייגט אונז, אַז דיזע אידעע איז ניט קיין אוטאָפּיע, וועלכע קען קיינמאָל ניט פֿערווירקליכט ווערען. ער רעכענט אויס אַלע סאָציאַלע רייכטהימער, וועלכע די מענשהייט האָט זיך ערוואָרבען און צייגט אונז קלאָר און דייטליך די אונבעגרענצטע מעגליכקייטען פֿון דער פּראָ-דוקציאָנעלער ענטוויקלונג. און צום סוף מאָלט ער אויס אין גלענצענדע קאָלירען דאָס בילד פֿון אַ שעהנער און פֿרייער צוקונפֿט, וואו יעדער איינציגער האָט דאָס רעכט צו בענוצען זיך מיט די גייסטיגע און מאַטעריעלע רייכטהימער פֿון דער מענשהייט. די פֿרייע אַרבייט וועט זיין דער פֿונדאַמענט פֿון דער קומענדער געזעלשאַפֿט און די געגענזייטיגע הילפֿע, די סאָלידאַריטעט דער באַזיס פֿון אַלע עטהישע בעציהונגען צווישען די מענשען.

דאָס בוך פֿון מאַלאַטאָ איבער די „סאָציאַלע קלאַסען" איז אַ קורצער און גלענצענדער היסטאָרישער איבערבליק איבער די ענטשטעהונג און ענט-

---

*) Sembrando flores, otro segundo libro de **lectura**, por Federico Urales.

**) El Banquete de la Vida, por Anselmo Lorenzo.

***) Las Clases Sociales desde el punto de vista de la evolucion zoologica, por Carlos Malato.

וויקלונג פֿון די קלאַסען אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. דאָס בוך בעהאַנדעלט די פֿאָלגענדע פונקטען: כאַראַקטעריסטיק פֿון די סאָציאַלע קלאַסען און אונטער־קלאַסען; סאָציאַלער דאַוויניזם; כאַראַקטעריסטיק פֿון די מענשליכע ראַסען; די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן; איינינע היסטאָרישע געזעצע; פֿערברעכען, פראָסטיטוציאָן, דעגענעראַציאָן; שטערבליכקייט; די בורזשואַזיע און איהרע קאָרומפּירענדע ווירקונגען; דאָס נייע מיטעל. מאַלאַטאַ אַנאַליזירט אין זיין ווערק די קלאַסען־קעמפּפֿע פֿון יעדער בעזונדערער פּעריאָדע אין דער געשיכטע און קומט צולעצט צו דעם שלוס, אַז די אָבשאַפֿונג פֿון די קלאַסען איז דאָס גרויסע ציעל פֿון די איצטיגע קעמפּפֿע אין דער געזעלשאַפֿט. ער צייגט אונז, ווי יעדע קלאַסע האָט ענטוויקעלט איהרע בעזונדערע קאַמפּף־מיטלען. אויך דאָס מאָדערנע פּראָלעטאַריאַט האָט ענטוויקעלט אַ גאַנץ נייע טאַקטיק אין זיין קאַמפּף מיט דער בורזשואַזיע, די טאַקטיק פֿון׳ם עקאָנאָמישען קאַמפּף, דעם סינדיקאַליזם און די מעכטיגע וואַפֿע פֿון׳ם גענעראַל־סטרייק. וואָס ווייטער די אַרבייטער־בעוועגונג וועט זיך ענטוויקלען, אַלץ קלאָרער וועט זי דערקענען איהר גרויסעס ציעל — די פּאַראַליזירונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט און פֿון דער שטאַאַטליכער אָרגאַניזאַציאָן מיט אַלע מיטלען, „פֿרידליכע און רעוואָלוציאָנערע״, און די ענטוויקלונג פֿון די לעבע ס־אָרגאַנען פֿון דער צוקונפֿטיגער געזעלשאַפֿט. דיזע אָרגאַנען זיינען די פֿעראייניגונגען פֿון די פּראָדוצירער, די מאָדערנע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען די אויפֿגאַבע צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן אויף אַ סאָציאַליסטישען באַזיס נאָך דער עקספּראָפּריאַציאָן פֿון דער בורזשואַזיע. „דאַמאָלסט וועט די פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ פּוסטע פֿראַזע. דאָס רייך פֿון דער בעפֿרייטער אַרבייט, אָהן רעליגיאָנען, אָהן געזעצע, אָהן אַרמעען, וועט אויפֿעפֿענען אין דער מענשליכער געשיכטע אַ גאַנץ נייע ערא.״

* * *

דאָס ערשטע גרויסע לעהר־בוך, וועלכעס פֿעררער האָט אַרויסגעגעבען פֿאַר דער מאָדערנער שולע, איז געוועזען אַן אַלגעמיינע וועלט־געשיכטע.*) דאָס דאָזיגע ווערק איז ערשיענען אין דריי בענדער. דער ערשטער באַנד האָט בעהאַנדעלט די געשיכטע פֿון די פּרעהיסטאָרישע צייטען ביז צום רוימישען קייזער־רייך; דער צווייטער באַנד האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט דער געשיכטע פֿון׳ם מיטעלאַלטער און דעם אָנפֿאַנג פֿון דער מאָדערנער צייט;

*) Compendio de Historia Universal por Clemencia Jacquinet.

דער דריטער באַנד האָט בעהאַנדעלט די עפּאָכע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן ביז איצט.

דאָס ווערק איז געשריבען געוואָרען פון קלעמענסיאָ זשאַקינע, איינע פון די וויכטיגסטע לעהרערינען אין פערער׳ס שולע. אין דיזע דריי בענדער געפינען מיר ניט קיין געוועהנליכע כראָנאָלאָגיע פון „גרויסע הערשער" און עראָבערער, וועלכע האָבען אָנגעפילט די וועלט מיט זייערע בלוטיגע מלחמות און מאַסען־מערדערייען און געמאַכט פון פרוכטבאַרע און קולטיווירטע לענדער אַ וויסטעניש. אין קלעמענסיאָ זשאַקינע׳ס היסטאָריע ווערען די שילער בעקאַנט געמאַכט מיט די קולטורעלע שטרעבונגען פון דער מענש־הייט און מיט די גרויסע סאָציאַלע פאָלקס־בעוועגונגען פון אַלע צייטען און לענדער. עס פערשטעהט זיך, אַז די טהאַטען פון די אונטערדריקער און עראָבערער זיינען ניט איגנאָרירט געוואָרען; נאָר מען האָט זיי די קינדער פאָרגעשטעלט אין זייער אמת׳ער געשטאַלט, ניט אַלס די גרויסע „העלדען" און „פאָלקס־בעגליקער", ווי מען שטעלט זיי פאָר אין די פאָלקס־שולען, נאָר אַלס די ברוטאַלע פערטרעטער פון רעאַקציאָנערע, אַנטי־סאָציאַלע שטרעבונגען, אַלס די אינסטרומענטען פון די בעזיצענדע און פריווילעגירטע קלאַסען אין דער געזעלשאַפט. אין דיזער געשיכטע ווערען די היסטאָרישע פערזענליכקייטען ניט געמאָסטען מיט דעם מאַסשטאַב פון זייערע ערפאָל־גען, נאָר מען בעאורטהיילט זיי לויט זייערע מאָטיווען, לויט די ציעלען און שטרעבונגען, וועלכע זיי האָבען פערטראָטען. אין דער „מאָדערנער שולע" איז די היסטאָריע ניט געווען קיין מיטעל צו פערהערליכען די פערברעכען פון די רעגירונגען און די בערויבונג פון די פעלקער דורך די בעזיצענדע קלאַסען, נאָר אַ מיטעל צו דערקענען די וואַהרהייט און די היסטאָרישע פאָרמען פון דער אַלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג.

אויך די שפּאַנישע ספּעציאַל־געשיכטע*) פון ניקאָלאַס עסטעוואַנעס, וועלכע איז ספּעציעל געשריבען געוואָרען פאַר די שילער פון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ", איז דורכגעדרונגען פון דעמזעלבען גייסט. דאָס בוך איז ער־שיענען מיט רעדאַקציאָנעלע בעמערקונגען און מיט אַן אַנהאַנג פון וואָלניי איבער די געשיכטע מיט דעם „בעזונדערען צוועק צו גענעראַליזירען די היסטאָרישע קריטיק און צו פערניכטען די נאַציאָנאַלע פאָראורטהיילען". דאָס ווערק פון עסטעוואַנעס איז אַ העכסט כאַראַקטעריסטישער איבערבליק איבער די מירא׳דיגע ווירקונגען פון דער קלעריקאַלער און מאָנאַרכיסטישער הערשאַפט אין שפּאַניען און איבער די שרעקליכע קעמפפע צווישען די

*) Resumen de Historia de Espana por Nicolas Estévanez.

פֿרייהייטליכע ריכטונגען און דער רעאַקציאָן. די יעניגע, וועלכע זיינען ניט בעקאַנט מיט דער שפּאַנישער געשיכטע, וועלען פֿון דיזען בוך מעהר פּראָפֿיטירען, ווי פֿון די מייסטע אַנדערע שפּאַנישע ספּעציאַל-געשיכטען.

אין דעם קליינעם קרייז פֿון געטרייע מיטאַרבייטער, וועלכע פֿעררער האָט פֿעראייניגט אַרום זיך, איז דער בעריהמטער שפּאַנישער געלעהרטער אָדאָן דע בוען געוועזן איינער פֿון די בעדייטענדסטע. ער האָט דער „מאָדערנער שולע" געשיינקט דריי פֿון איהרע בעסטע און שעהנסטע לעהר-ביכער. זיין „קליינע נאַטור-געשיכטע"*), וועלכע איז ערשינען אין צוויי בענדער, איז אַ פּעדאַגאָגישעם מייסטערווערק אין פֿולען זין פֿון וואָרט, אַ גלענצענדע אילוסטראַציאָן פֿון דער נאַטור-וויסענשאַפֿטליכער ענטוויקלונגס-לעהרע, אַזוי ווי זי איז פֿון דאַרווין און זיינע געלעהרטע אַנהיינגער ערקלערט און פֿאָרגעשטעלט געוואָרען. אַלע רעזולטאַטען פֿון דער מאָדערנער נאַטור-וויסענשאַפֿטליכער פֿאָרשונג אויף אַלע געביעטען זיינען פֿעראייניגט אין דיזען פֿאָרטרעפֿליכען לעהר-בוך; און אָבוואָהל דער גאַנצער אינהאַלט איז אַ שטריינג וויסענשאַפֿטליכער, זיינען אָבער די טעכנישע פֿאָרם און דער סטיל אַזוי וואונדערבאַר איינפֿאַך, אינטערעסאַנט און צוציהענד, אַז דאָס שטודיום פֿון דיזען בוך איז אַן אמת'ער פֿערגניגען.

אויך די אַנדערע צוויי לעהר-ביכער פֿון אָדאָן דע בוען, „די פֿיזישע געאָגראַפֿיע" **) און די „מינעראַלאָגיאָ" ***) זיינען אָנגעשריבען אויף דעם זעלבען גלענצענדען שטייגער.

די „פֿיזישע געאָגראַפֿיע", צו וועלכער עליזע רעקלו האָט געשריעבען אַ בעזונדערע פֿאָררעדע, גיט די שילער אַ וויסענשאַפֿטליכע ערקלערונג איבער די פֿיזישע קאָנסטרוקציאָן פֿון'ם וועלט-רוים און די געאָלאָגישע און פֿיזישע ענטוויקלונג פֿון אונזער פּלאַנעט.

די „מינעראַלאָגיע" מאַכט די שילער בעקאַנט מיט דעם אייגענאַרטיגען ענטוויקלונגס-פּראָצעס פֿון די מינעראַלען און ענטהאַלט אין דערזעלבער צייט אַן אויסגעצייכענטע ערקלערונג איבער די פּרימיטיווסטע ביאָלאָגישע ערשיינונגען אין דער נאַטור.

די „פֿאָרשטעלונגען איבער די ערשטע פֿאַזען פֿון דער מענשהייט" ****) פֿון זשאָרזש ענגערראַנד איז אַ העכסט אינטערעסאַנטעס לעהר-בוך איבער

---

*) Pequena Historia Natural for Odon de Buen. Dos tomos.

**) Geografia fisica por Odon de Buen, pefacio de Eliseo Reclus.

***) Mineralogia por Odon de Buen.

****) Nociones sobre las primeras edades de la Humanidad por Georges Engerrand.

די פרעהיסטאָרישע פעריאָדע פון דער מענשהייט. דאָס בוך בעקענט די שילער מיט די עפּאָכען פון אַן אוראַלטער פערגאַנגענהייט און מיט די רעזולטאַטען פון די אויסגראָבונגען און וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען אויף דעם געביעט פון דער פרעהיסטאָרישער געשיכטע. אין דערזעלבער צייט אילוסטרירט ענגערראַנד זיינע בעשרייבונגען פון יענע לאַנג פערגאַנגענע צייטען דורך גוט אויסגעוועהלטע ביישפּיעלע אויס דעם לעבען פון די איצטיגע פרימיטיווע פעלקער און שטאַמען.

דאָס בוך בעלאַנגט, אָהן אַ צווייפעל, צו די געלונגענסטע אויסגאַבען פון דער „מאָדערנער שולע".

איינע פון די גלענצענדסטע לעהר־ביכער פון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ" איז אָהן אַ צווייפעל, די „עטהנישע פּסיכאָלאָגיע" *) פון דעם בעריהמטען פראַנצויזישען געלעהרטען שאַרל לעטורנאָ, וועלכע איז ערשיענען אין פיער בענדער. לעטורנאָ'ס ווערק איז אַ גרויסאַרטיגע ענטוויקלונגס־געשיכטע פון די מענשליכע געזעלשאַפטען, וועלכע גרינדעט זיך אויף די נייעסטע סאָציאָלאָגישע פאָרשונגען פון דער וויסענשאַפט. עס מאַכט די שילער בעקאַנט מיט די סאָציאַלע בעדינגונגען און ערשיינונגען פון יעדער געשיכטליכער פעריאָדע און צייגט זיי, אַז די פּסיכאָלאָגישע אייגענטהימליכקייטען פון די פערשיעדענע פעלקער זיינען ניט מעהר ווי די נאַטירליכע פאָלגען פון די מאַטעריעלע בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי לעבען.

דאָס בוך „דאָס אַלוועלטליכע זיין" **) פון אַ. בלאָך און פאַראַף־זשאַוואַל איז אַ פאָרטרעפליך געלונגענע פילאָזאָפישע פעראייניגונג פון די פערשיעדענע צווייגען פון דער וויסענשאַפט, אַן אמת'ע נאַטור־פילאָזאָפיע.

דאָס געביעט פון דער וויסענשאַפט איז היינט אַזוי אונגעהייער גרויס, אַז עס איז איינפאַך אונמעגליך, אַ מענש זאָל גרינדליך בעהערשען אַלע צווייגען פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג. די ספּעציאַליזירונג פון דער וויסענשאַפט איז געווען די נויטווענדיגע פאָלגע פון דיזער ענטוויקלונג; אָבער דאַדורך איז ענטשטאַנען אַ נייע געפאַהר, וועלכע מאַניפעסטירט זיך אַלץ דייטליכער אין דעם גייסטיגען לעבען פון אונזער עפּאָכע. דיזעלבע ערשיינונג, וועלכע מיר קענען בעאָבאַכטען אויף דעם געביעט פון דער גרויסער אינדוסטריע, מאַניפעסטירט זיך אויך אויף דעם געביעט פון דער וויסענשאַפט. אַמאָל איז די אַרבייט געווען אַ קונסט. דער האַנד־ווערקער איז געווען בעקאַנט מיט אַלע איינצעלהייטען פון זיין פאַך און האָט קיינמאָל

*) Psicologia Etnica por Ch. Letourneau. Cuatro Tomos.

**) La Substancia Universal por A. Bloch y Paraf-Javal.

ניט פערלאָרען דעם בליק פאַר דאָס גאַנצע. דורך די צוטהיילונג פון דער אַרבייט איז די לעצטע געוואָרען אַ ריין מעכאַנישע בעשעפטיגונג און האָט פערלאָרען יעדען קינסטלערישען כאַראַקטער. דער מאָדערנער פאַבריק־אַרבייטער, וועלכער פערפערטיגט טאָג אויס טאָג איין אַ הונדערט- אָדער אַ טויזענד־חלק פון אַ פראָדוקט, פערלירט צולעצט יעדע קלאָרע פאָרשטעלונג וועגען דער אַלגעמיינער קאָנסטרוקציאָן און צוזאַמענשטעלונג פון דעם אַר-בייטס־פראָדוקט; עס פעהלט איהם דער איבערבליק איבער דאָס גאַנצע, די פעהיגקייט פון דער אַלגעמיינער אויפפאַסונג.

דיזעלבע ערשיינונג זעהען מיר היינט אויף דעם ברייטען געביעט פון די וויסענשאַפטען. די צאָהל פון די ספעציאַליסטען האַלט זיך אין איין פערמעהרען; אָבער די צאָהל פון די יעניגע, וועלכע זיינען אים שטאַנד צו פעראייניגען אַלע איינצעלנע צווייגען פון דעם מענשליכען וויסען אין אַ גרויסער אַלגעמיינער סינטהעזע, ווערט אימער קלענער. איינער איז אַ ספע־ציאַליסט אויף זיין געביעט, זאָלען מיר זאָגען אַ גוטער מעדיצינער; ער בעזיצט אויסגעצייכענטע קענטניסע פון דעם מענשליכען קערפער און די פונקציאָן פון זיינע אָרגאַנען; אָבער קוים פערזוכט איהר צו רעדען מיט איהם איבער סאָציאַלע פראַגען און ערשיינונגען, קען ער זיין אונוויסענדער ווי אַן אינ־טעליגענטער אַרבייטער. אין אַ געזעלשאַפט, וואו די וויסענשאַפט איז ניט דער אייגענטליכער צוועק פון'ם שטודיום, נאָר אַ מיטעל צו מאַכען אַ לע-בען, איז די געפאַהר פון אַזאַ ספעציאַליזם נאָך גרעסער. עס פעהלט דער זין פאַר דאָס גאַנצע, דער זין פאַר דאָס, וואָס מיר רופען „וועלט־אַנשאַונג".

דאָס בוך פון בלאָך און פאַראַף־זשאַוואַל איז אַזאַ סינטעטישע פער־איינינגונג פון אַלע צווייגען פון'ם מענשליכען וויסען. עס שטעלט פאָר מיט זיך אַ פאָלשטענדיגע אַרכיטעקטור, ניט בלויז איינצעלנע טהיילען פון דער מאָ-דערנער וויסענשאַפטליכער געדאַנקען־וועלט און דערמאָהנט דעם שילער ניט צו פערגעסען דאָס גאַנצע צוליעב די איינצעלהייטען.

דער שפאַנישער געלעהרטער ענריקע ליוריאַ האָט געשריבען צוויי לעהר־ביכער פאַר פעררער'ס שולע. דאָס ערשטע בוך, „די העכערע אָר־גאַנישע ענטוויקלונג", *) צו וועלכען פראָפעסאָר ס. ראַמאָן אי קאַכאַל האָט געשריבען אַ פאָררעדע, איז אַ גלענצענדע סאָציאָלאָגישע סטודיע איבער דעם ענטוויקלונגס-פראָצעס פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. ליוריאַ פער-איינינט אין דיזען ווערק די רעזולטאַטען פון די ביאָלאָגישע פאָרשונגען פון

*) Evolucion Super-organica por Enrique Lluria; prologo de S. Ramon y Cajal

לאַמאַרק, דאַרווין, העקעל א.ז.וו. מיט די אַנשויאונגען פֿון דער מאָדערנער סאָציאָלאָגיע און קומט צו דעם שלוס, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער רעזשים מוז אונטערגעהן; זיין פּלאַץ וועט פֿערנומען ווערען פֿון פֿרייע פּראָדוקטיווע גרופּען, וועלכע וועלען רעגולירען די פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן אויף אַ סאָציאַליסטישען אופן.

דאָס צווייטע בוך „די מענשהייט פֿון דער צוקונפֿט",*) איז די נאַטירליכע פֿאָרטזעצונג פֿון דעם ערשטען ווערק. עס איז ערשיענען מיט אַ לענגערען עפּילאָג פֿון שאַרל מאַלאַטאָ. אין דיזען ווערק צייגט אונז ליוריאַ די אונגעהייערע ענטוויקלונג פֿון דער מאָדערנער פּראָדוקציאָן און די אורזאַכע פֿון די סאָציאַלע איבלען. אין דעם לעצטען טהייל ענטוויקעלט ער אין גרויסאַרטיגע בילדער דעם אונפֿערמיידליכען אונטערגאַנג פֿון דער מאָדערנער לוין־שקלאַפֿעריי און דעם טריאומפּף פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבייט.

איבער „די עלעמענטען פֿון דער אַריטמעטיק"**) האָט פֿעררער פּובליצירט צוויי אויסגעצייכענטע לעהר־ביכער, אמת'ע מייסטערווערק פֿון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיע. דער ערשטער באַנד איז בעשטימט פֿאַר אָנפֿענגער. ער בעשטעהט פֿון דריי בעזונדערע אָבטהיילונגען. דער ערשטער טהייל איז פֿון קאָנדאָרסעט און בעשעפֿטיגט זיך מיט דער לעהרע פֿון די ציפֿערן און די פֿיער גרונד־רעגלען פֿון דער אַריטמעטיק; דער צווייטער טהייל איז פֿון פּאַראַף־זשאַוואַל און בעהאַנדעלט די ערשטע פּרינציפּען פֿון דער אַריטמעטיק; דער דריטער טהייל איז אַ זאַמלונג פֿון אַריטמעטישע אויפֿגאַבען פֿון הענרי פֿאָגט.

דער צווייטער באַנד ענטהאַלט די העכערע מעטהאָדען און פּרינציפּען פֿון דער אַריטמעטיק; ער איז פֿערפֿאַסט פֿון פּאַראַף־זשאַוואַל.

פֿאַביאַן פּאַלאַסי האָט געשריבען אַ שפּאַנישע גראַמאַטיק***) פֿאַר דער שולע. דאָס ביכעל איז אָנגעשריבען נאָך די נייעסטע מעטהאָדען פֿון דער מאָדערנער שפּראַך־וויסענשאַפֿט. עס איז ניט אַ זאַמלונג פֿון טרוקענע גראַמאַטישע פֿאָרמען, זאָנדערן עס בעהאַנדעלט די זעלע פֿון דער שפּראַך און צייגט דעם שילער, ווי אַזוי די גראַמאַטישע רעגלען ענטוויקלען זיך אָרגאַניש אויס דעם בוי פֿון דער שפּראַך. עס פֿערשטעהט זיך, אַז ביי די

---

*) Humanidad del Porvenir por Enrique Lluria con un epilogo de Carlos Malato.

**) Elementos de Aritmética.

***) Epitome de Gramatica Espanola por Fabian Palasi.

אויפגאבען איז יעדער רעליגיעזער אָדער פּאַטריאָטישער טעקסט אויסגע־שלאָסען.

אויך די קליינע פראַנצויזישע שפּראַך-לעהרע*) איז צונויפגעשטעלט געוואָרען אויף דעם זעלבען ראַציאָנעלען שטייגער.

* * *

אויסער דיזע לעהר-ביכער האָט די „עסקועלאַ מאָדערנאַ" נאָך געהאַט איהר אייגענעם ליעדער־בוך**) מיט נאָטען, אַ קליינע זאַמלונג פון הערליכע געזאַנגען. צווישען דיזע ליעדער איז אויך געווען איינע פון די שעהנסטע פרייהייטס-פּאָעזיען פון דעם גרויסען שפּאַנישען אַנאַרכיסט פערמין סאַל־וואָטשעאַ, צו וועלכער אַ. קאָדינאַ האָט געשריבען די מוזיק.

עס איז אויך נייטיג נאָך צו דערמאָהנען אַ קליין ביכעל, וועלכעס איז ספּעציעל בעשטימט געוועזן פאַר די לעהרער ווי אויך פאַר די מוטערס פון די קינדער; נעמליך אַ קליינע זאַמלונג פון איינפאַכע היגיענישע הילפס-מיטלען פאַר נערוועזע, אָדער פאַר וואָס פאַר עס איז ניט אורזאַכע, אויפ-געדעגטע קינדער, וועלכע זיינען ניט אימשטאַנד צו קאָנצענטרירען זייערע געדאַנקען אויף דעם אונטעררכיכט.***)

* * *

איידער מיר געהען ענדיגען אונזער איבערבליק איבער די לעהר און לעזע-ביכער פון דער „מאָדערנער שולע", איז נאָך נייטיג צו דערמאָהנען די „מאַנוסקריפּטען", אַ העכסט אָריגינעלע און פּראַקטישע איינפיהרונג אין פערערער'ס שולע. די „מאַנוסקריפּטען" זיינען געוועזן אַ סאָרט לעזע-ביכער, וועלכע זיינען ערשינען אין געשריבענע בוכשטאַבען. די האַנדשריפטען זיינען געוועזן זעהר פערשיעדען און אָפטמאָל זעהר קאָמפּליצירט. דער צוועק פון דיזע ביכער איז געוועזן צוצוגעוואוינען די קינדער צו דעם גע־שריבענעם וואָרט, כדי זיי זאָלען זיך אויסלערנען איבערצולייענען יעדע האַנד־שריפט מיט דערזעלבער לייכטקייט ווי געדרוקטע בוכשטאַבען.

מיר געבען דאָ איבער דעם לעזער אַ פּאָר סענטענצען, וועלכע זיינען פערעפענטליכט געוואָרען אין דעם אָנהאַנג פון דעם „ערשטען מאַנוס־קריפּט",****) און אין וועלכע עס מאַניפעסטירען זיך אַם בעסטען די טענ־דענצען פון דעם אונטעררכיכט:

זייטע 152: „דער זיכערסטער מיטעל ווי אַוועקצומאַכען מיט אונזערע

*) Nociones de idioma Frances por Leopoldina Bonnard.

**) Cantos de la Escuela Moderna.

***) Botiquin Escular por A. Martinez Vargas.

****) Primer Manuscrito ; Correspondencia Escolar

מעות'ן און פֿאַראורטהיילען, איז אויסצופּראָבירען יעדע זאַך דורך אַ גרינד-ליכע און שטריינגע אונטערזוכונג, איידער מיר פֿאָרמירען זיך אַ בעשטימטע מיינונג אָדער אַ אידעע וועגען איהר."

זייטע 154: „ווען די ברוטאַלע געוואַלט נעהמט זיך דאָס רעכט צו אונטערדריקען יעדע גערעכטע, נאָבעלע און ערהאַבענע שטרעבונג, דאַן איז די עמפּעהרונג, דער רעוואָלוציאָנערער פּראָטעסט די לאָגישע פֿאָלגע. און ווען די יעניגע, וועלכע האַלטען די מאַכט אין זייערע הענד, וועלען זיך בענוצען דערמיט, אום צו פֿערניכטען יעדע גאַראַנטיע פֿאַר דעם פֿרייען אויסדרוק פֿון די אידעען און געדאַנקען, דאַן איז די געוואַלט אונפֿער-מיידליך."

זייטע 154: „דער פּאַטריאָטיזם, דער קאַפּיטאַליזם און די רעליגיאָן האָבען זיך גוט פֿעראייניגט, אום צו פֿערניכטען די מענשליכע פּערזענליכ-קייט, קאָרומפּירענדיג דעם כאַראַקטער פֿון'ם מענשען."

זייטע 155: „די וואַהרהייט, די גערעכטיגקייט און די שעהנהייט זיי-נען די דריי גרויסע אָנציהונגס-פּונקטען פֿון אונזער פֿערשטאַנד, וועלכע בילדען דעם אייגענטליכען אינהאַלט פֿון אונזער פּראָגרעס; זיי ערקלערען אונז די טרייבענדע קראַפֿט און אין דערזעלבער צייט די אורזאַכע, דעם ציעל פֿון אונזער ענטוויקלונג. זיי זיינען די גרויסע גיטער, נאָך וועלכע דער מענש בײנקט און זיי געפֿינען זייער אויסדרוק אין דער נאַטור, אין דער טיפישער נאַטור פֿון דער שעהנהייט, און אין דעם מאַרמאָר-שטיין, וועלכער פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ קונסט-ווערק אין דער האַנד פֿון דעם סקולפּטאָר."

זייטע 158: „מיר זוכען ניט קיינע בעוואונדערער, קיינע מענשען, וועלכע שלעפּען זיך אונז נאָך; מיר ווילען ניט קיין פֿערגעטערונג. מיר זיי-נען בערייט אַלע געזעץ אַראָבצוּוואַרפֿען פֿון זייערע טהראָנען, צו פֿער-ניכטען יעדעם פּאַפּסטטהום, יעדע הייליגע סאַנקציאָן, יעדען פֿעטישיזם. אַוועק מיט די געזעץ, וועלכע קאָרמעווען זיך פֿון מענשליכע פֿלייש און מענשליכע בלוט! מיר טאָרען קיינמאָל ניט דערלאָזען, אַז אַנדערע זאָלען אַרויפֿלייגען דעם יאָך פֿון זייערע אַנזיכטען און אידעען אויף אונזערע איי-גענע איבערצייגונגען, אונזערע געוויסענס, אונזערע מוחות."

זייטע 159: „מיר פֿעראַכטען יעדע אורזאַכע פֿון אונאייניגקייט צווישען זיך און זיינען בעגייסטערטע אָנהייגער פֿון אַלע שטרעבונגען, וועלכע פֿערזוכען די מענשען צו פֿעראייניגען און צו פֿערברידערן איינע מיט די אַנדערע. דאָס געבאָט פֿון דער ליעבע איז דאָס גרויסע געבאָט פֿון'ם לעבען."

זייטע 160: „אַ מענש קויפֿט אַ שטיק אונקולטיווירטע זומפּיגע ערד,

אום אויסצוטריקענען דעם באָדען און צו קולטיווירען דאָס לאַנד, נעהמט ער אָן אַ געוויסע צאָהל אַרבייטער, נאָר ער אַליין פֿערבלייבט רוהיג אין דער שטאָדט. אין עטליכע יאָהר צייט פֿערוואַנדעלט זיך די אונקולטיווירטע ערד אין אַ פֿרוכטבאַרעס שטיק לאַנד מיט רייכע אָבסט־גערטנער אָדער גוטע פֿעלדער. דאָס לאַנד איז איצט הונדערט מאָל אַזוי פֿיעל ווערטה, ווי דאַמאָלסט, ווען עס איז געקויפֿט געוואָרען. די זיהן פֿון דעם אייגענטהימער, וועלכע בעקומען שפּעטער דאָס לאַנד בירושה, ערקלערען, אַז זיי געניסען די פֿרוכט פֿון זייער פֿאָטער'ס אַרבייט; אָבער די זיהן פֿון די אַרבייטער, וועלכע האָבען דאָס לאַנד קולטיווירט, דאַרפֿען ווייטער אַרבייטען און ליידען."

זייט 164: „עס איז אונמעגליך צו בענוצען זיך מיט אַ קראַפֿט, פֿון וועלכער מען ווייסט ניט, אַז זי עקזיסטירט. די מענשען האָבען זיך ניט געקענט בענוצען מיט דער עלעקטריציטעט, וועלכע האָט זיי אַרומגערינגעלט, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען איהר ניט דערקאָנט. פֿון דער אַנדערער זייט ניט עס קיין ביישפּיעל אין דער געשיכטע, וואו מענשען האָבען זיך ניט בענוצט מיט אַ קראַפֿט, ווי באַלד זיי האָבען זיך מיט איהר בעקענט. אָט דערפֿאַר דאַרף מען דעם פּראָלעטאַריאַט בעקאַנט מאַכען מיט זיין קראַפֿט, מען דאַרף איהם איבערצייגען, אַז ער איז ניט שוואַך, אַז ער איז שטאַרקער פֿון זיינע געגנער, אַז ער זאָל ניט געהאָרכען, ניט אונטערגעבען זיך, ניט דערטראָגען די שקלאַפֿעריי."

זייטע 165: די רעליגיאָנען האָבען געמאַכט פֿון דער אַרבייט אַ שטראָף; די רייכע און מעכטיגע אַ שקלאַפֿעריי; די מענשהייט וועט מאַכען פֿון איהר אַ פֿערגניגען, אַ שטאָלצע בעפֿרידיגונג. דאַמאָלסט וועט די אַרבייט ניט מעהר זיין אַ סימן פֿון נידעריגקייט אָדער אַ מאַטערנים, נאָר אַ מענשליכע לוסט אין דער אַלגעמיינער גליקזעליגקייט."

* * *

אויך די איבעריגע „מאַנוסקריפּטען" זיינען דורכגעדרונגען פֿון דעמזעלבען גייסט. דער צווייטער „מאַנוסקריפּט"*) איז אַ זאַמלונג פֿון גלענצענד אויסגעוועהלטע סענטענצען איבער אַלע געביעטען פֿון'ם גייסטיגען לעבען; נאָר פֿון אַ גאַנץ בעזונדערער וויכטיגקייט איז דער אַנטימיליטאַריסטישער מאַנוסקריפּט.**) דיזעס ווערק איז אַ שפּאַנישע איבערזעצונג פֿון דער גלענצענדער זאַמלונג „קריעג און מיליטאַריזם", וועלכע זשאַן גראַוו

*) Segundo Manuscrito: Pensamientos Humanitarios

**) Cuaderno Mannscrito, recapitulacion de pensamientos antimilitaristas.

האָט פֿערעפֿענטליכט אין פֿראַנצויזיש. דאָס גאַנצע בוך איז איין איינציגער פּראָטעסט געגען די מורא'דיגע פֿערברעכען פֿון דער מלחמה און געגען דעם מערדערישען מיליטאַריזם. אַלעס, וואָס די בעסטע דיינקער, קינסטלער און וועג-ווייזער פֿון דער מענשהייט האָבען געפֿיהלט און געשריעבען, איז פֿעראיינינגט אין דיזער אויסערגעוועהנליכער זאַמלונג. מיר געפֿינען דאָרט וויסענשאַפֿטליכע און פֿילאָזאָפֿישע אַרטיקלען פֿון רעקלו, גיאָמאָן, מאָלינאַרי, נאָוויקאָוו, באַקונין, פּרודהאָן, קראָפּאָטקין, ספּענסער, נאַקע, לאַראָק, מאַ-לאַטאָ, פֿאָר, לעטורנאָ, קאַראַל און פֿיעלע אַנדערע, פֿעראיינינגט מיט ליטע-ראַרישע, פּאָעטישע און דראַמאַטישע מייסטער-ווערקע פֿון זאָלאָ, טאָלסטאָי, מירבאָ, באָמביני, גאַרשין, סטרינדבערג, איבסען, הויפּטמאַן, דאַריען, דאַרנאָ, סעווערין און אַסך אַנדערע בעקאַנטע און בעריהמטע וועג-ווייזער אויף דעם פֿעלד פֿון דער אַלטער און מאָדערנער ליטעראַטור. פֿעררער האָט איבער-הויפּט ניט געקענט געפֿינען קיין בעסערעס ווערק, אום צו ענטוויקלען אין די הערצער פֿון די קינדער דעם אָבשוי געגען דעם מערדערישען מיליטאַ-ריזם און געגען די באַרבאַריי פֿון די מלחמות, ווי דיזעס גלענצענד אויס-געקליבענע זאַמעל-ווערק, דיזען מעכטיגען פּראָטעסט געגען דעם אָרגאַני-זירטען מאָרד אין נאָמען פֿון פֿאָטערלאַנד און אונטער דער וויסענ-שאַפֿטליכער פֿיהרונג פֿון'ם שטאַאַט.

* * *

מאַנכע פֿון די לעזע און לעהר-ביכער, פֿון וועלכע מיר האָבען גערעדט, זיינען געדרוקט געוואָרען אין 1.500 עקזעמפּלאַרען, אַנדערע אין 3.000, 6.000, 9.000 און 10.000 עקזעמפּלאַרען.

נאָך מאָראַל'ס אַטענטאַט אויף אַלפֿאָנסאָ דעם 13טען און נאָך דעם אונ-טערגאַנג פֿון פֿעררער'ס שולע, אָדער בעסער געזאָגט נאָך דער בעפֿרייאונג פֿון דעם גרינדער פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ", האָט פֿעררער זיך הויפּט-זעכליך בעשעפֿטיגט מיט דער ענטוויקלונג פֿון זיין פֿערלאַג, אום צו פֿערזאָרגען די פֿרייע שולען אין שפּאַניען מיט גוטע לעהר-ביכער. אויסער די פֿריהער דערמאָהנטע ביכער האָט פֿעררער נאָך אַרויסגעגעבען אַסך אַנדערע אויסגעצייכענטע שריפֿטען, ווי צ.ב.ש. „אין דער מלחמה" פֿון שאַרל מאַלאַטאָ, דאָס סאָציאַלע דראַמאַ „פֿלאָרעאַל" פֿון זש. פּ. שאַרדאָן, דעם פֿאָרטרעפֿליכען ראָמאַן „אין דער אַנאַרכיע" פֿון ק. פּערט און דאָס גרויס-אַרטיגע ווערק „דער מענש און די ערד" פֿון עליזע רעקלו, וועלכעס בע-שטעהט פֿון זעקס גרויסע, פּראַכטפֿאָל אילוסטרירטע בענדער.

* * *

אויסער די אַלע ביכער האָט פֿעררער נאָך פּובליצירט אַ מאָנאַטליכען

זשורנאַל, דעם „קאָרעספאָנדענץ-בלאַט פֿון דער מאָדערנער שולע", וועלכער איז ערשיענען פֿון 1901 ביז 1909. דיזער זשורנאַל איז, אָהן אַ צווייפֿעל, געוועזען די גלענצענסטע און אָריגינעלסטע פעדאַגאָגישע צייטשריפֿט, וועלכע איז ווען אַרויסגעגעבען געוואָרען. זי האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַלע פֿראַגען פֿון דער ערציהונג און דער מאָדערנער פעדאַגאָגיע און פֿיעלע פֿון די בעדייטענסטע געלעהרטע און מענער פֿון דער וויסענשאַפֿט אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ זיינען געוועזען איהרע מיטאַרבייטער. דער זשורנאַל איז רעדאַקטירט געוואָרען אין דעם זעלבען פֿרייען גייסט, וועלכער האָט דורכגעדרונגען די „מאָדערנע שולע". עס איז ליידער ניט מעגליך דאָ איבערצוגעבען אייניגע פֿון די גלענצענדע אַרטיקלען פֿון דער דאָזיגער צייטשריפֿט; אפשר וועלען מיר עס טהון ביי אַן אַנדער געלעגענהייט. דער „קאָרעספאָנדענץ-בלאַט פֿון דער מאָדערנער שולע" איז ניט בלויז געוועזען אַן אמת'ער שאַץ-גרוב פֿאַר אַלע די, וועלכע פֿעראינטערעסירען זיך מיט די פֿראַגען פֿון דער מאָדערנער ערציהונג, נאָר ער איז אויך געוועזען אַ פֿאָרטרעפֿליכער ראַטה-געבער פֿאַר פֿרייע עלטערן, וועלכע האָבען דעם ערנסטען וואונש צו געבען זייערע קינדער אַ ראַציאָנעלע און פֿרייהייטליכע ערציהונג.

פֿון צייט צו צייט האָט דער זשורנאַל פֿערעפֿענטליכט קליינע אייסציגע פֿון אָריגינעלע אויפֿזאַצען, וועלכע די שילער פֿון דער „מאָדערנער שולע" האָבען אָנגעשריבען איבער פֿערשידענע געגענשטענדע. עס איז אַן אמת'ער פֿערגניגען איבערצולייענען דיזע אינטערעסאַנטע בעטראַכטונגען פֿון קינדער פֿון 11 ביז 13 יאָהר אַלט. אפילו דאָרט, וואו עס ציינט זיך אַרויס אַ געוויסע נאַאיוויטעט אין די אַנשויאונגען, פֿיהלען מיר אָבער דאָך די טיעפֿע ערנסטקייט פֿון דעם שילער. דיזע קינדליכע בעטראַכטען האָבען ניט בלויז אַ פסיכאָלאָגישע בעדייטונג, נאָר זיי זיינען אויך קולטורעל פֿון דער גרעסטער וויכטיגקייט און ציינען אונז קלאָר און דייטליך די גרויסע קולטור-היסטאָרישע בעדייטונג פֿון פֿעררער'ס ווערק.

אָט זיינען אייניגע ביישפיעלע.*)

## דאס מיקראסקאפ.

„די אַלטע וויסענשאַפֿט איז געבליבען הינטערשטעליג, וויל זי האָט ניט געהאַט קיין אַנדער מיטעל פֿאַר איהרע בעאָבאַכטונגען און פֿאָרשונגען ווי דאָס נאַקעטע אויג. היינט בעזיצען מיר אַ קינסטליכעס הילפֿס-מיטעל פֿאַר אונזערע וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונגען — דאָס מיקראָסקאָפּ. מיט דער הילפֿע פֿון'ם מיקראָסקאָפּ דערקענען מיר די ערשטע סמנים פֿון פֿיעלע

---

*) Boletin de la Escuela Moderna, 30 Septiembre 1904.

קראַנקהייטען און די שטאָפען, וועלכע שטעלען צונויף דעם אָרגאַניזם פון די חיות און פלאַנצונגען.

„דאָס מיקראָסקאָפ איז אַן ערפינדונג פון פרייע מענשען. די פאַנאַטיקער פון דער רעליגיאָן זיינען אונפעהיג צו מאַכען אַזעלכע ערפינדונגען, דערפאַר וואָס זיי ערוואַרטען אַלצדינג פון זייער גאָט". (געשריבען פון אַ אינגעל.)

* * *

„די רעליגיעזע בעהויפטען, אַז מען דאַרף ניט גלויבען דער וויסענשאַפט, אַז מען טאָר ניט נאָכפאָלגען איהרע לעהרען. זיי ערקלערען, אַז עס איז דאָ אַן אַלמעכטיגער גאָט אויף דער וועלט; אָבער אויב דאָס איז אמת, אויב זייער גאָט איז ווירקליך אַלמעכטיג, פאַר וואָס ערלויבט ער די רייכע צו עקספלואַטירען די אָרעמע?" (געשריעבען פון אַ אינגעל.)

* * *

## די פאליציי.

„די פאָליציי אַרעסטירט דעם אונגליקליכען, וועלכער גנב'עט צו אַ לעבעל ברויט פאַר זיין פאַמיליע; און אַריינזעצענדיג איהם אין געפענגנים, פערגרעסערט זי נאָך דאָס עלענד און בעשטראָפט דערמיט די אונשולדיגע." (געשריבען פון אַ מיידעל.)

* * *

## די שענק.

„וואָס פאַר אַ שאַנדע דאָס איז, אַז עס גיט אַזוי פיעל שענקען, אָנשטאָט וואָס פאַר יעדען שענק וואָלט בעדאַרפט עקזיסטירען אַ פרייע שולע! אין דעם שענק פערוואַנדעלט זיך דער מענש אין אַ חיה; דאָרטען בריינגט ער אויף די שווער פערדינטע גראָשענס, מיט וועלכע ער דאַרף אויפהאַלטען זיין פאַמיליע. די פרויען ליידען און ווערען קראַנק; די קינדער ווערען פערנאַכלעסיגט און געהען אַרום אין די גאַסען הונגעריג און אָבגעריסען. זיי האָבען ניט די מעגליכקייט זיך אויסצולערנען לייענען און שרייבען, און ווען זיי ווערען עלטער, פאָלגען זיי נאָך דעם שלעכטען ביישפיעל פון זייערע פאָטערס". (געשריבען פון אַ אינגעל.)

* * *

## די מלחמה.

„די מענשען ליעבען זיך ניט צו שלאָגען איינע מיט די אַנדערע. די וואַפען זיינען ערפונדען געוואָרען פון אַזעלכע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט אונטערדריקען און בעהערשען זייערע מיטמענשען, אָנשטאָט צו

מאַכען וויסענשאַפטליכע ערפינדונגען פאַר דעם וואָהלזיין און פראָגרעס פון דער מענשהייט.

„פיעלע ערווערבען זיך רוהם דורך דעם קריעג; אָבער דער רוהם איז שטענדיג פאַר די פיהרער, און די סאָלדאַטען, ד. ה. די יעניגע, וועלכע האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס אין דער מלחמה, אייב זיי שטאַרבען ניט אויף'ן שלאַכט־פעלד, קומען זיי צוריק אַהיים מיט איין אָרעם אָדער איין פוס.

„דער ערפינדער פון אַ נייען צושטערונגס־אינסטרומענט בעריהמט זיך מיט זיין ווערק; מען צאָהלט איהם פרעמיעס פאַר זיין ערפינדונג, און אַזוי קומט עס, אַז די מענשען, אַנשטאַט צו געהן ווייטער און ווייטער אויף דעם וועג פון ציוויליזאַציאָן, פערוואַנדלען זיי זיך אין ווילדע חיות דורך דער מלחמה." (געשריעבען פון אַ מיידעל.)

* * *

## די רעליגיאָן.

„די רעליגיאָן האָט די מענשהייט שטענדיג אַרויפגעפיהרט אויף אַ פאַלשען וועג. אַנשטאַט צו לערנען די קינדער דיינקען און ליעבען זייערע חברים, לערנט זי זיי גלויבען און בעוואונדערן די יעניגע, וועלכע פערגיסען דאָס בלוט פון זייערע מיטמענשען. די רעליגיאָן וויל, אַז די מענשען זאָלען גלויבען אין נסים, אָבוואָהל די וויסענשאַפט האָט אונז בעוויזען, אַז אַלע ערשיינונגען אין דער וועלט זיינען די רעזולטאַטען פון נאַטירליכע אורזאַכען. די רעליגיאָן איז שטענדיג געווען דאָס אונגליק פון דער מענשהייט; זי איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די אויסבייטונג און דעם קריעג. ווען מיר פרעגען די גלויביגע פון פערשידענע רעליגיאָנען: „וועלכע רעליגיאָן איז די בעסטע?" וועט יעדער איינציגער פון זיי ענטפערן: „די מייניגע!" דאָס איז דער בעסטער בעוויז, אַז אַלע זיינען פאַלש." (געשריעבען פון אַ אינגעל.)

* * *

## דאָס געלד.

„דאָס געלד איז די אורזאַכע, וואָרום עס עקזיסטירען רייכע און אָרעמע אין דער געזעלשאַפט. די איינענטהימער עקספלאָאַטירען די אַרבייטער, און וועהרענד די ערשטע לעבען אין איבערפלוס, האָבען די אַנדערע ניט גענוג ברויט און קליידער און וויסען אָפטמאָל ניט וואו זייער קאָפּ אַוועקצולייגען. אויב עס וואָלט ניט עקזיסטירט קיין געלד, וואָלטען אַלע געקענט אויס־טוישען די פּראָדוקטען פון זייער אַרבייט און יעדער איינציגער וואָלט

געהאַט געננוג צום לעבען. איצטער מוזען די יעניגע, וואָס אַרבייטען, איבער־ליידען אַלע ביטערנישען פֿון׳ם עלענד, אין דערזעלבער צייט, ווען די אַנדערע, וועלכע לייגען ניט אַריין קיין פֿינגער אין קאַלטע וואַסער, בעזיצען גרויאַל-טיגע רייכטהימער. — דאָס געלד מאַכט די מענשען אַמביציעז און פֿער־אורזאַכט די אונגלייכהייט אין דער געזעלשאַפֿט.״ (געשריבען פֿון אַ אינגעל.)

* * *

## די פּאַראַזיטען.

„פּאַראַזיטען רופֿען מיר געוויסע טהיערישע אָרגאַניזמען און פּלאַנצונ־גען, וועלכע לעבען אויף דעם רעכנונג פֿון אַנדערע אָהנע צו אַרבייטען פֿאַר זייער לעבען.

„עס גיט אויך פּאַראַזיטען אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. דער אַרבייטער האַלט אויס די רייכע מיט זיין אַרבייט און דער פּריעסטער בערויבט אַלעמען.״ (געשריבען פֿון אַ אינגעל.)

* * *

## דער פֿאלק.

„אין אַ שעהנעם פֿריה־מאָרגען, געהענדיג אין גאַס שפּאַצירען, האָב איך דערזעהן אַ פֿאָלק סאָלדאַטען. דאָס האַרץ האָט מיר וועה געטהאָן, און איך האָב גענומען אַן אַנדער וועג, ווען זיי זיינען געקומען נעהנטער צו מיר.

„מיט שמערץ האָב איך געזעהן, ווי די מענשען אין גאַס זיינען נאָכ־געלאָפֿען אָנקוקען דיזע סטאַדע פֿון שקלאַפֿען; און אפילו שול-קינדער זיינען געקומען צו לויפֿען זיי צו בעוואונדערן. דאָס בעווייזט, ווי באַרבאַריש דאָס פֿאָלק איז נאָך; און אָנשטאָט צו פֿאָלגען דעם וועג פֿון פּראָגרעס, ליעבען די מענשען נאָך אַלץ צו זעהען דיזע אונגליקליכע שקלאַפֿען.״ (געשריבען פֿון אַ מיידעל.)

* * *

## די קאררידא דע טאראס.*)

„איך קען עס ניט פֿערשטעהן, ווי אַזוי עס גיט נאָך אַזוי פֿיעל מענשען, וועלכע האָבען אַ פֿערגניגען דערפֿון, ווען מען פּלאַגט אונשולדיגע חיות.

„דיזע אַרט פֿון אַמוזירען זיך איז די פֿרוכט פֿון דער אונוויסענהייט.

*) די „קאָררידאַ דע טאָראָס״ ד. ה. דער קאַמפף מיט ווילדע אָקסען אין דער אַרענאַ פֿאַר די אויגען פֿון די צושויער, איז דער גרעסטער פֿערגניגען פֿון די אונ־וויסענדע מאַסען אין שפּאַניען.

ווען יעדער איינער וואָלט בעקומען אַן ערציהונג אַזוי ווי מיר, וואָלטען מיר מעהר ניט געוואוסט פון אַזאַ גרויזאַמען ספּאָרט." (געשריבען פון אַ אינגעל.)

* * *

## דער מאָדערנער פּראָגרעס.

„עס זיינען געמאַכט געוואָרען פיעלע ערפינדונגען אין אונזער צייט, צו דאַנקען דער וויסענשאַפט און דער פערנונפט. די מענשען האָבען אָנגעהויבען צו פּראָגרעסירען, נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך בעפרייט פון אַבערגלויבען און אַלטע פאָראורטהיילען... די רעליגיאָן פערשווינדעט פּראָפּאָרציאָנעל מיט דער ענטוויקלונג פון דער פערנונפט און וויסענשאַפט... עס איז אונמעגליך צו זאָגען מיט גאַלילעי, אַז די ערד בעוועגט זיך, און אין דערזעלבער צייט צו אַנערקענען די לעהרע פון דער ביבעל, וועלכע דערצעהלט אונז, אַז די ערד שטעהט שטיל אויף איין אָרט און די זונן דרעהט זיך אַרום איהר." (געשריבען פון אַ מיידעל.)

* * *

מיר בעטאָנען נאָך אַמאָל, אַז דיזע ציטאַטען זיינען אַרויסגענומען פון אָריגינעלע אויפזאַצען פון די קינדער, ניט פון דיקטירונגען פון די לעהרער די שילער האָבען זיך אַליין אויסגעקליבען די טהעמאַס און האָבען זעלבסט־שטענדיג ענטוויקעלט זייערע פערזענליכע אַנזיכטען. אמת, מאַנכע פון דיזע אַנזיכטען זיינען וויסענשאַפטליך ניט ריכטיג, ווי צ.ב.ש. די אויפפאַסונגען איבער די בעדייטונג פון'ם געלד, אַנדערע זיינען אונפאָלקאָמען און סענטימענטאַל; אָבער פון אַלע פיהלען מיר אַרויס דעמזעלבען הויך ענטוויקעלטען אינסטינקט פון גערעכטיגקייט, וועלכען די „עסקועלאַ מאָדערנאַ" האָט איינגעפלאַנצט אין די מוחות און הערצער פון איהרע שילער. און ווען מיר דערמאָהנען זיך, אַז דאָס זיינען געווען די אידעען און געדאַנקען פון קינדער פון 11 ביז 13 יאָהר אַלט, דאַן פערשטעהען מיר ערשט ריכטיג די גרויסע סאָציאַלע בעדייטונג פון פעררער'ס ווערק.

* * *

אָבער פראַנסיסקאָ פעררער האָט זיך ניט צופרידענגעשטעלט מיט דעם ערפאָלג פון זיין פעדאַגאָגישער טהעטיגקייט אין שפּאַניען. פאַר איהם איז די פראַגע וועגען דער ערציהונג פון דער יוגענד געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע, און דערפאַר האָט ער פערזוכט צו פעראינטערעסירען די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון אַנדערע לענדער פאַר זיין ווערק. ער האָט בעזוכט די אינטערנאַציאָנאַלע פריידיינקער־קאָנגרעסען פון רוים און פּאַריז אַלס אַ דעלעגאַט פון דער „מאָדערנער שולע אין באַרצעלאָנאַ", אום דאָרטען

צו ענטוויקלען זיינע אידעען. אויף דעם קאָנגרעס אין פּאַריז (1905) האָט פערדער פונאַנדערגעטהיילט אַ מאַניפעסט,*) פון דער „עסקועלא מאָדערנאַ". דער פאָלגענדער אויסצוג פון דיזען העכסט אינטערעסאַנטען דאָקומענט צייגט אונז קלאָר און דייטליך די אַנאַרכיסטישע טענדענצען פון זיינע אַנשויאונגען:

* * *

„מיר זיינען מיט דער מיינונג, אַז די שולע דאַרף אונז דיענען אַלס דער ווירקזאַמסטער מיטעל פאַר דער פאָלשטענדיגער בעפרייאונג; ד. ה. פאַר דער מאָראַלישער, אינטעלעקטועלער און עקאָנאָמישער בעפרייאונג פון דער אַרבייטער־קלאַסע.

„אויב מיר זיינען אַלע איינשטימיג, אַז די אַרבייטער־קלאַסע, אָדער בעסער געזאָגט די מענשהייט אין אַלגעמיין, דאַרף קיין זאַך ניט ערוואַרטען פון אַ גאָט אָדער פון וואָס פאַר עס איז ניט איבערנאַטירליכער מאַכט, דאַן ווי אַזוי, פרעג איך, קענען מיר שטעלען אַ נייע מאַכט אויף דעם פלאַץ פון דער אַלטער, ווי צ.ב.ש. דעם שטאַאַט?

„ניין, די בעפרייאונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט קען נור זיין דאָס די־רעקטע און בעוואוסטע ווערק פון דער אַרבייטער־קלאַסע גופא און פון איהר ווילען צו ערווערבען זיך וויסען און בילדונג.

„אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער וועלען זיין אונוויסענד, וועלען זיי שטענ־דיג בלייבען די שקלאַפען פון דער קירכע און פון'ם שטאַאַט, ד. ה. פון'ם קאַפּיטאַליזם, וועלכער פערקערפערט זיך אין דיזעביידע אינסטיטוציאָנען. פערקעהרט, ווען די אַרבייטער וועלען אינספּירירט ווערן פון דער פערנונפט און וויסענשאַפט, ווען זיי וועלען גוט פערשטעהן זייערע אייגענע אינטערע־סען, קענען זיי מאַכען אַ גיבען סוף צו דער אויסבייטונג און אַריינגעהמען זייער שיקזאַל אין זייערע אייגענע הענד.

„דערפאַר זיינען מיר מיט דער מיינונג, אַז פריהער פון אַלעם דאַרפען מיר די אַרבייטער געבען די מעגליכקייט צו פערשטעהן דיזע וואַהרהייטען.

„דורך די טהעטיגקייט פון די סינדיקאַטען פערשפּרייטען זיך דיזע עלעמענטאַרע וואַהרהייטען אַלס מעהר צווישען די ערוואַקסענע אַרבייטער; לאָמיר אויך פערזוכען צו ענטוויקלען דיזעלבע וואַהרהייטען אין די מוחות פון די קינדער און יונגע לייט!

„לאָמיר שאַפען אַזאַ סיסטעם פון ערציהונג, וועלכעס זאָל דעם קינד געבען אַ מעגליכקייט זיך שנעל און גרינדליך צו בעקענען מיט די אור־

---

*) Declaration de l'Ecole Moderne.

וואַכען פֿון דער עקאָנאָמישער אונגלייכהייט, פֿון די רעליגיעזע ליגענס, דעם שעדליכען פאַטריאָטיזם און אַלע פֿאַמילערע געוואוינהייטען, וועלכע האַלטען אונז צוריק אין דער שקלאַפֿעריי!

„ס'איז ניט דער שטאַאַט, דער פֿערטרעטער פֿון אַ קליינע מינאָריטעט פֿון עקספּלאָטאַטאָרס, וועלכער קען אונז העלפֿען דערגרייכען דיזען ציעל. אַזאַ אילוזיע וואָלט נאָך ערגער געווען ווי אַ דירעקטער וואַהנזין.

„אויב איהר ווילט האָבען גוטע קאָמערציאַנטען, געשיקטע רעכנערס, ערפֿאַהרענע בעאַמטע, מענשען, וועלכע דיינקען בלויז צו פֿערזיכערען זייער אייגענע צוקונפֿט, ניט קוקענדיג אויף די צוקונפֿט פֿון די אַנדערע, אָט דאַן דאַרפֿט איהר זיך בלויז ווענדען צום שטאַאַט, צו דער האַנדעלס־קאַמער, צו אַלע פאַטריאָטישע קערפּערשאַפֿטען און פֿעראייניגונגען; אָבער אויב איהר ווילט, אַזוי ווי מיר ווילען עס, פֿאָרבערייטען אַ צוקונפֿט פֿון ברידערליכקייט, פֿון פֿריעדען און וואָהלזיין פֿאַר אַלעמען, דאַן קענט איהר נור רעכנען אויף זיך אליין, אויף די יעניגע, וועלכע ליידען אונטער דעם איצטיגען רעזשים. אויב דאָס איז אייער הייסער און אויפֿריכטיגער וואונש, דאַן גרינדעט שולען, אַזוי ווי אונזער שולע אין באַרצעלאָנאַ, וואו איהר קענט לערנען די קינדער די גרויסע וואַהרהייטען פֿון אונזער צייט.

„און וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָט פֿאַר אייך די הילפֿע פֿון'ם שטאַאַט, ווען איהר וועט האָבען די מעגליכקייט זיך אַליין צו העלפֿען, ווען איהר וועט האָבען די זיכערע גאַראַנטי, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפֿט וועט איהר קענען ענטוויקלען אַ בעוואוסטען דור, וועלכער וועט מעהר ניט דערלאָזען, אַז די טיראַנייע זאָל זיך מיט איהם בענוצען אַלס אַ ווערקצייג פֿאַר איהרע פלענער, נאָר אַ דור פֿון פֿרייע און ענערגישע מענשען, וועלכע זייען דורכגעדרונגען פֿון דעם וואונש צו שאַפֿען אַ צושטאַנד פֿון אַלגעמיינעם וואָהלזיין און צו לעבען אין אַן אמת'ער מענשליכער סאָלידאַריטעט.“

פֿראַנסיסקאָ פֿעררער

* * *

פֿעררער האָט זיך שוין דאַמאָלסט געטראָגען מיט דעם פלאַן צו גרינדען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פֿעראייניגונג פֿאַר דער פֿרייער ערציהונג פֿון דער יוגענד. דיזער פלאַן איז אויך שפּעטער פֿערווירקליכט געוואָרען; אָבער ערשט נאָך אַ לאַנגער געפֿאַנגענשאַפֿט און נאָך דער צושטערונג פֿון דער „מאָדערנער שולע“ אין באַרצעלאָנאַ.

IX.

## מאטעא מארראל און זיינע בעציהונגען צו פערער.

דעם 31טען מאי 1906 האט שטאטגעפונען אין מאדריד די חתונה פון אלפאנזא דעם 13טען מיט אן ענגלישער פרינצעסין. אויף דעם וועג פון דער קירכע צוריק צום קעניגליכען פאלאסט, ווען די פראצעסיאן האט דורכמארשירט די „קאליע מאיאר", איינע פון די הויפט-גאסען אין מאדריד, האט זיך פלוצלינג געהערט א שרעקליכער קראך. אן אונבעקאנטער מאן האט אראבגעשליידערט א באמבע פון א פענסטער פון איינע פון די רייך בעפוצטע הייזער אין מיטען דער פראצעסיאן. די ווירקונג איז געווען א שרעקליכע. די באמבע האט געפלאצט גאנץ נאהענט פון דער קעניגליכער קארעטע, נאר דורך א מערקווירדיגען צופאל איז דער קעניג זאגאר נים פערוואונדעט געווארען. דערפאר אבער זיינען 15 פון זיינע הויף-לייט דער׳הרג׳ט און אן ערך 70 מעהר אדער ווייניגער שווער פערוואונדעט געווארען.

די פאניק איז געווען אזוי גרויס, אז דער אטענטעטער איז אימשטאנד געווען רוהיג צו פערלאזען דאס הויז; קיינער האט אפילו נים בעמערקט, ווי ער איז אוועקגעגאנגען; און ווען די פאליציי האט שפעטער אונטערזוכט דאס צימער, פון וואנען דער טעראריסט האט אראבגעשליידערט די טויט-ברייגנענדע באמבע, האט זי קיינעם נים געפונען.

דער בעל הבית פון׳ם הויז האט ערקלערט, אז דער אונבעקאנטער האט געדונגען ביי איהם א צימער מיט א קורצע צייט בעפאר דעם קעניג׳ס חתונה. ער האט זיך אויסגעגעבען פאר א קויפמאן און ערקלערט, אז ער דארף דאס צימער פאר געשעפטליכע צוועקען. מעהר האט קיינער נים געוואוסט.

די פאליציי האט ענטוויקעלט א פיבערהאפטע טהעטיגקייט. מען האט פערעפענטליכט א דייטליכען סיגנאלמענט פון דעם אטענטעטער און איהם פונאנדערגעשיקט איבער גאנץ שפאניען. פון דעסטוועגען האט זיך דעם פערפאלגטען איינגעגעבען צו פערלאזען מאדריד, אבוואהל אלע וואקזאלען

פֿון דער הויפּט־שטאָדט זיינען בעלאַגערט געװען פֿון אַ גאַנצער אַרמעע פֿון פּאָליציסטען און שפּיאָנען.

ס איז געװען אַ ריינער צופֿאַל, אַז די פּאָליציי האָט צולעצט דאָך נאָך אויסגעפֿונען דעם פֿעראורזאַכער פֿון דעם אַטענטאַט אויף דעם קעניג. פֿיער טעג נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע אין דער קאַליע מאַיאָר איז אַן אונבעקאַנטער מאַן אַריינגעקומען אין אַ שענק פֿון דעם דערפֿעל טאָרגאָן און האָט געבעטען עפּעס צו עסען. דער שענקער האָט בעקומען אַ פֿערדאַכט און ער האָט באַלד פֿערשטענדיגט דעם זשאַנדאַרם װענגאַ. װענגאַ האָט פּרובירט אויספֿרעגען דעם פֿרעמדען גאַסט, װעלכער האָט איהם געענטפֿערט מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט. צולעצט האָט ער דעם זשאַנדאַרם אַליין אויפֿגעפֿאָדערט צו קומען מיט איהם צום טעלעגראַפֿען־ביוראָ.ביידע האָבען פֿערלאָזען די שענק, אָבער געהענדיג עטליכע טריט, האָט דער פֿרעמדער פּלוצלינג אַרויסגענומען אַ רעװאָלװער פֿון קעשענע, האָט דערשאָסען דעם זשאַנדאַרם און זיך דערנאָך אַליין געמאַכט דעם טויט.

די פּאָליציי האָט באַלד פֿעסטגעשטעלט, אַז דער טויטער איז װירקליך געװען דער אַטענטעטער; אין דערזעלבער צייט האָט זי אויך אויסגעפֿונען זיין ריכטיגען נאָמען. ס'איז געװען מאַטעאָ מאָרראַל, דער זוהן פֿון אַ רייכען פֿאַבריקאַנט אין סאַבאַדעלל, װעלכער איז בעקאַנט געװען אַלס אַ טהעטיגער פּראָפּאַגאַנדיסט אין דער אַנאַרכיסטישער בעװעגונג פֿון קאַטאַלאָניען.

באַלד נאָך מאָרראַל'ס טויט איז די װעלט איבעררראַשט געװאָרען דורך נאָך אַ סענזאַציאָנעלע נאַכריכט: דער אַלטער רעפּובליקאַנער כאָסע נאַקענס, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פֿון דער רעפּובליקאַנישער צייטשריפֿט „על מאָטין“ אין מאַדריד, האָט געשריעבען יענעם מערקווירדיגען בריעף צו זיין פֿריינד ראָמעאָ, װעלכער איז בעשטימט געװען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט. אין דעם דאָזיגען בריעף האָט נאַקענס ערקלערט, אַז מאָרראַל איז באַלד נאָך דעם אַטענטאַט געקומען צו איהם אין דער רעדאַקציאָן און האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם שיינקען אַ פּאָר מינוטען צייט אונטער פֿיער אויגען. נאַקענס, װעלכער האָט מאָרראַל'ן קיינמאָל פֿריהער ניט געזעהן, האָט איהם אַריינגעפֿיהרט אין אַ זייטיגען צימער; האָרטען האָט איהם דער פֿרעמדער ערקלערט, אַז ער האָט גראַד װאָס בעגאַנגען אַן אַטענטאַט אויף דעם קעניג און האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם בעהאַלטען װאו עס איז, ביז דעם אַנדערן פֿריה־מאָרגען.

דער אַלטער רעפּובליקאַנער האָט איהם ניט ענטזאָגט. נאַקענס איז שטענדיג געװען אַ געגנער פֿון אינדיװידועלע טעראָריסטישע אַקטען, ער איז אויך ניט געװען קיין אָנהייגער פֿון אַנאַרכיסטישע טהעאָריען און האָט

זאָגאַר אָפֿטמאָל בעקעמפֿפֿט דעם אַנאַרכיזם אין זיין אָרגאַן, אָבער אין אַזאַ מאָמענט האָט פֿאַר איהם נור עקזיסטירט דער פֿערפֿאָלגטער, וועלכער האָט איהם פֿרייוויליג אָנגעטרויט זיין געפֿעהרליכעס געהיימניס און געפֿאָדערט זיין הילפֿע. נאַקענס האָט גוט געוואוסט, אין וואָס פֿאַר אַ געפֿאַהר ער שוועבט, ער האָט געוואוסט, אַז אייב מען וועט געפֿינען דעם אַטענטעטער ביי איהם אין הויז, וועט ער מוזען טהיילען דעם שיקזאַל פֿון זיין גאַסט; אָבער זיין עהרע אַלס מענש און רעוואָלוציאָנער איז פֿאַר איהם טהייערער געווען ווי זיין לעבען. ער האָט מאָרראַל פֿערהאַלטען פֿאַר אַ קורצע צייט אין דער רעדאַקציאָן און איז שפּעטער מיט איהם אַוועקגעגאַנגען, אום איהם אַוועקצופֿיהרען צו איינעם פֿון זיינע נאָהנטע פֿריינד. אויף דעם וועג האָבען זיי זיך בעגעגענט מיט דריי קאַמעראַדען פֿון נאַקענס, נעמליך מיט פּעדראָ מאַיאָראַל, אַקילינאָ מאַרטינעס נעררערא און איסידאָרע איבאַררא. נאַקענס האָט מאָרראַל פֿאָרגעשטעלט פֿאַר זיינע פֿריינד אַלס אַן איטאַליענישען זשורנאַליסט, וועלכער האָט געדאַרפֿט פֿערלאָזען זיין לאַנד צוליעב אַן אַרטיקעל, וועלכען ער האָט פֿערעפֿענטליכט, און זיי זיינען אַלע צוזאַמען אַוועקגעפֿאָהרען מיט דער טראַמוויי צו בערנאַרדאָ מאַטהאַ. דאָרטען איז מאָרראַל פֿערבליבען די נאַכט. אַם אַנדערן מאָרגען האָט ער אָנגעטהאָן אַנדערע קליידער און האָט פֿערלאָזען מאַדריד.

* * *

נאַקענס ערקלעהרונג האָט געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק. די גאַנצע ליבעראַלע און רעפּובליקאַנישע פּרעסע האָט איהם פֿערטהיידיגט און אפילו די אַנשטענדיגע קאָנסערוואַטיווע בלעטער האָבען ערקלערט, אַז קיין עהרען-מאַן וואָלט ניט געהאַנדעלט אַנדערס. די פּאָליציי, פֿערשטעהט זיך, איז ניט געווען מיט דיזער מיינונג און נאַקענס, מאַיאָראַל, מאַרטינעס, איבאַררא, מאַטהאַ און זאָגאַר די פֿרוי פֿון דעם לעצטען, קאָנסעפּסיאָן קועסטאַ, זיינען באַלד אַרעסטירט געוואָרען.

אָבער די אַרעסטירונגען האָבען זיך ניט בלויז בעשריינקט אויף מאַדריד. מאַטעאָ מאָרראַל איז בעשעפֿטיגט געווען אַלס איבערזעצער אין דער „מאָדערנער שולע" פֿון באַרצעלאָנאַ, און אָבוואָהל די פּאָליציי האָט ניט געהאַט קיין שום בעווייז, אַז פֿעררער און זיינע פֿריינד זיינען בעקאַנט געווען מיט מאָרראַל'ס פּלענער, האָט מען באַלד פֿערמאַכט אַלע פֿרייע שולען אין באַרצעלאָנאַ, אַרעסטירט די לעהרער און דעם גרינדער פֿון דער „עסקועלא מאָדערנאַ", פֿראַנסיסקאָ פֿעררער, ערקלערענדיג, אַז עס האַנדעלט זיך אום אַ גרויסע אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציע געגען דער מאָנאַרכיע. די פּאָליציי האָט קאָנפֿיסקירט פֿעררער'ס פֿערמעגען, און יעדע צייטונג, וועלכע האָט

זיך דערוועגט צו פּראָטעסטירען געגען דיזע געוואַלט־אַקטען, איז באַלד אונטערדריקט געוואָרען.

די קלעריקאַלע רעאַקציאָן האָט טריאומפירט. די מאָדערנע שולע, דיזע פערהאַסטע אינסטיטוציאָן איז ענדליך געווען פערניכטעט און פעררער איז געזעסען אין געפענגניס. די יעזואיטען זיינען געווען זיכער, אַז דער גרינדער פון דער „מאָדערנער שולע" וועט זיך שוין מעהר ניט אַרויסרייסען פון זייערע בלוטיגע הענד. די קלעריקאַלע פרעסע האָט אָנגעשאָטען גאַנצע בערג מיט שמוץ און נידעריגע פערלוימדונגען אויף פעררער און זיין ווערק און האָט גאַנץ אָפען ערקלערט, אַז מאָרראַל איז נור געווען אַ ווערקצייג אין די הענד פון פעררער. עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די אַלע ליגענס און פערלוימדונגען פון די קלעריקאַלע בלעטער; אייןביישפּיעל איז גענוג, אום צו אילוסטרירען דעם אייגענטליכען כאַראַקטער און די פינסטערע אַבזיכטען פון דעם יעזואיטיזם. אין אַן אַרטיקעל פון דער קלעריקאַלער צייטונג „על קאָראַסאָן דע כעסוס" (דאָס האַרץ פון יעזוס) אין בילבאַאָ געפינען מיר די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער:

„מאָרראַל איז געווען אַ שילער פון דער „מאָדערנער שולע", אַ שילער אין איינע פון די רויבער־היילען פון'ם אַטעאיזם אין באַרצעלאָנאַ. וואָס איז אַזוינס די מאָדערנע שולע? ס'איז אַ סיסטעם פון ערציהונג אָהן גאָט, אַן אונטעררירכט, וועלכער גרינדעט זיך אויף די פרינציפּען פון די פריידיינקער; ד. ה. אויף וועלטליכע שולען, אויף געמיינע מאַניפעסטאַציעס, עקעלהאַפטע ביכער, גאָטעס־לעסטליכע פערזאַמלונגען, אַנטי־רעליגיעזע טהעאַטער־פאָר־שטעלונגען און אפּיקורסישע דיסקוסיאָנען...

„אַזעלכע פערברעכען (געמיינט איז מאָרראַל'ס אַטענטאַט) וועלען זיך שטענדיג פאָרטזעצען, אַזוי לאַנג ווי די שפּאַניער וועלען אונטערשטיצען די פרייהייט צו לעזען, צו אונטעררירכטען און צו דיינקען, דען פון איהר וואַקסען אַרויס אַלע דיזע אַנטיסאָציאַלע מאָנסטערס".

* * *

דעם אייגענטליכען צוועק פון אַזעלכע נידערטרעכטיגע העצערייען קען מען אָנטאַפּען מיט די הענד. ס'איז געווען אַ שפּיעל פאַר פעררער'ס קאָפּ, וועלכעס די קלעריקאַלע רעאַקציאָן האָט אָנגעפיהרט, און די רעגירונג, וועלכע איז ניט מעהר ווי דער פאָליטישער אינסטרומענט פון דעם יעזואי־טיזם, האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו פערווירקליכען דיזען פּלאַן. מען האָט פעררער'ן טראַנספּאָרטירט נאָך מאַדריד, וואו ער איז געזעסען אַ יאָהר צייט אין אונטערזוכונג. די רעגירונג האָט איבערגעגעבען די אויס־אַרבייטונג פון דעם בעשולדיגונגס־אַקט צו דעם פּראָקוראָר בעסעררא דעל

טאָראָ, איינעם פֿון די פֿינסטערסטע רעאַקציאָנערן אין גאַנץ שפּאַניען. בעסעררא דעל טאָראָ איז אַ געוועזענער רעפּובליקאַנער, וועלכער איז שפּעטער אַריבער צו די קלעריקאַלען, און עס איז אַלגעמיין בעקאַנט, אַז די רעגענאַטען זיינען די גרוייזאַמסטע און ברוטאַלסטע פֿערפֿאָלגער פֿון זייערע אַמאָליגע פֿריינד.

וועהרענד די ערשטע פֿיער מאָנאַטען האָט מען קיין וואָרט ניט גע־הערט וועגען דעם אָנגאַנג פֿון דער אונטערזוכונג. די רעגירונג האָט ניט צוגעלאָזט קיין שום בעריכט אין דער פּרעסע, און ערשט אַם 3טען אָקטאָ־בער 1906 האָבען איינינע אויסגעקליבענע טאַגעס־צייטונגען געקענט איבערגעבען דעם פֿאָלגענדען קורצען בעריכט, וועלכער ענטהאַלט אין זיך די גאַנצע קאָמבינאַציאָן פֿון דער אָנקלאַגע:

„מאָרראַל און פֿעררער זיינען ביידע אָנגעטריבען געוואָרען פֿון דעם־זעלבען געדאַנק צו פֿערווירקליכען העכסט פֿערברעכערישע אידעען געגען דער סאָציאַלער אָרדנונג, און צו דיזען צוועק האָבען זיי זיך געהאָלפֿען איינער דעם אַנדערן. ביידע זיינען געווען אַנאַרכיסטען, די „מאָדערנע שולע" איז געגרינדעט געוואָרען אַלס אַן אַנאַרכיסטישע שולע, און פֿעררער האָט מאָרראַל'ן אויסגעהאַלטען, איהם געגעבען אַ צימער און איהם פֿערזאָרגט מיט די מאַטעריאַל און עקספּלאָזיוו־שטאָפֿען, וועלכע ער, מאָרראַל, האָט געדאַרפֿט, אום אויסצופֿיהרען זיין פֿערברעכען. פֿעררער האָט אויך מאָרראַל'ן געגעבען דעם ראַטה צו געהען צו כאָסע נאַקענס באַלד נאָך דעם אַטענ־טאַט. און נאַקענס איז געווען העכסט צופֿרידען צו בעהאַלטען מאָרראַל פֿאַר דער יוסטיץ, ווען ער האָט עס געפֿאָדערט פֿון איהם."

ווי מיר זעהען איז די פֿאַנטאַזיע פֿון סעניאָר בעסעררא דעל טאָראָ געווען זעהר אַ פֿרוכטבאַרע; פֿון דעסטוועגען האָט עס איהם ניט געלונגען אין צוועלף מאָנאַטען צייט אויסצוגעפֿינען דעם קלענסטען בעוויז פֿאַר די ריכטיגקייט פֿון זיין גרויסאַרטיגער קאָמבינאַציאָן. און דאָך האָט די רעגי־רונג אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו דערגרייכען איהר ציעל. דער ריכטער סאַנטיאַגאָ מאַטאַאַיקאָס האָט זאָגאַר געהאַט אַ געהיימע פֿערהאַנדלונג מיט צוויי מיטאַרבייטער פֿון דער טעגליכער צייטונג „על דיאַריאָ אוניווערסאַל", וואו ער האָט זיי ערקלערט, אַז מען וועט ערלויבען דער דאָזיגער צייטונג צו ברייגנען קורצע בעריכטען וועגען דעם אָנגאַנג פֿון דער אונטערזוכונג, נאָר מיט דער בעדינגונג, אַז זי וועט פֿערדאַמען פֿעררער'ן. די ביידע זשורנאַליסטען האָבען זאָפֿאָרט פֿערעפֿענטליכט דיזען טייפֿלישען פּלאַן אין די „עספּאַניאַ נואַעוואַ". די עהרען־מענער פֿון דער שפּאַנישער יוסטיץ האָבען זיך געווענדעט אויף אַ פֿאַלשע אַדרעסע.

* * *

פֿערער האָט שפּעטער אַליין פֿערעפֿענטליכט זיינע בעציהונגען צו מאַטעאָ מאָרראַל. דיזער העכסט אינטערעסאַנטער דאָקומענט, וועלכער ווידערלייגט מיט קלאָרע ווערטער די אַלע אונזיניגע בעהויפּטונגען פֿון דער אָנקלאַגע, האָט ניט בלויז אַ היסטאָרישען ווערטה, נאָר ער איז אויך פּסי־כאָלאָגיש פֿון דער גרעסטער וויכטיגקייט. דער פֿאָלגענדער אויספֿיהרליכער אויסצוג וועט דעם לעזער געבען די מעגליכקייט אַליין צו אורטהיילען.

„קורץ נאָך דער גרינדונג פֿון דער „מאָדערנער שולע" האָב איך דערזעהן אין אַ צייטונג אַנאָנסירט, אַז מען האָט פֿעררופֿען אַ פֿערזאַמלונג, אום צו גרינדען אַ פֿעראיין, וועמענס אויפֿגאַבע עס זאָל זיין אַרויסצוגעבען און צו פֿערשפּרייטען ראַציאָנאַליסטישע לעהר־ביכער פֿאַר וועלטליכע שולען. די איניציאַטאָרס פֿון דער פֿערזאַמלונג האָבען איינגעלאַדען אַלע, וועלכע פֿעראינטערעסירען זיך מיט דער גרינדונג פֿון וועלטליכע שולען, און דערפֿאַר בין איך אויך אַהינגעגאַנגען. איך בין אָנגעקומען נאָך איידער די פֿערזאַמלונג איז ערעפֿענט געוואָרען און האָב געפֿונען אַ צאָהל מענשען; איינינע פֿון זיי זיינען מיר געווען בעקאַנט, ווי צ. ב. ש. טהערעסאַ קלאַ־ראַמונט, כאַאימע פּעאיראָ און כואַן מיר אי מיר.*) איינער פֿון זיי האָט מיר פֿאָרגעשטעלט אַ יונגען מאַן, דעם זוהן פֿון אַ פֿאַבריקאַנט אין סאַ־באַדעלל, מיט'ן נאָמען מאָרראַל. ס'איז געווען דעם ערשטען מאָל, וואָס איך האָב דערהערט דיזען נאָמען.

„איך האָב ערקלערט אין דער פֿערזאַמלונג, אַז מיין שולע האָט איי־גענטליך דיזעלבע אויפֿגאַבע ווי דער פֿעראיין, וועלכע מען דיינקט דאָ צו גרינדען, און אַז איך בין שטענדיג פֿאַרטיג צו אונטערשטיצען אַזאַ פֿעראיין, אי מאָראַליש און אי פֿינאַנציעל. איך האָב אויך פֿערשפּראָכען צו פֿערווענ־דען אין מיין שולע אַלע לעהר־ביכער, וועלכע דער פֿעראיין וועט מיר פֿאָרשלאָגען אָדער אַליין אַרויסגעבען.

„שפּעטער מיט עטליכע טעג האָבען איך מאַטעאָ מאָרראַל דערזעהן דעם צווייטען מאָל אין מיין ביראָ. ער האָט געקויפֿט איינינע פֿון אונזערע לעהר־ביכער. מיר האָבען אויך דיזעס מאָל ניט פֿיעל גערעדט איינער מיט דעם אַנדערן. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט איבערגעלעזען די ביכער, איז ער ווידער געקומען צו מיר אַ בעגייסטערטער און מיר האָבען גערעדט צוזאַמען אַ לענגערע צייט. צולעצט האָט ער בעשטעלט אַ דוצענד ביכער פֿון יעדער אויסגאַבע און האָט זיי אַוועקגעשיקט צו זיינע פֿריינד אין סאַ־באַדעלל. ער האָט אויך אַבאָנירט אונזער „קאָרעספּאָנדענץ־בלאַט" פֿאַר עטליכע פּערזאָנען און מיר געגעבען די אַדרעסען פֿון זיינע בעקאַנטע.

*) דריי בעקאַנטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען.

„פון דאַמאָלסט אָן איז ניט אַריבער א וואָך, אַז מאָרראַל האָט נים בעזוכט די „מאָדערנע שולע.“ ער האָט שטענדיג געקויפט ביכער, און פון זיינע ווערטער האָב איך געקענט אַרויסנעהמען, אַז ער האָט איבעראַל פּראָפּאַגאַנדירט די ראַציאָנעלע מעטהאָדע פון ערציהונג. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מיר האָבען אַרויסגעגעבען אַ נייעס בוך, איז ער געווען פול מיט בעגייסטערונג, און איך האָב איהם געמוזט צוזאָגען, אַז איך וועל איהם צושיקען יעדע נייע אויסגאַבע באַלד ווי זי וועט נור ערשיינען, אָבוואָהל ער איז געקומען יעדען מאָנטאָג צו אונז אין דער שולע. ער האָט ליעב געהאַט איבערצולייענען די מאַנוסקריפּטען פאַר די נייע אויסגאַבען און האָט מיר עטליכע מאָל אָנגעבאָטען געלד פאַר דער פער-עפענטליכונג פון נייע שריפטען. ביי דיזער געלעגענהייט האָט ער מיר דערצעהלט, אַז זיין גאַנצער שטרעבען און אידעאַל איז צו ערציהען דאָס פאָלק און אַז עס גיט ניט פאַר איהם קיין גרעסערער פערגניגען ווי די פּראָפּאַגאַנדאַ. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער באַלד צוטרויען בעקומען צו מיר, דען ער האָט מיט מיר גערעדט פון אַלעם, וואָס האָט נור אַרויס-גערופען זיין האַס און פעראַכטונג. ער פלעגט מיר דערצעהלען פון דעם לעבען פון די פאַבריקאַנטען פון סאַבאַדעלל און טאַראַסאַ; ווי אַזוי זיי ברייינגען אויס אונגעהייערע סומען געלד פאַר שמוציגע פערגניגונגען, אַז זיי פערבריינגען זייערע ימים טובים אין באַרצעלאָנאַ און זוכען צו פער-פיהרען די טעכטער און שוועסטער פון זייערע אייגענע אַרבייטער. אויך אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, וואו ער איז געווען, האָט ער געזעהן די-זעלבע ערשיינונגען.

„מאָרראַל האָט פיעל געליטען, זעהענדיג, מיט וואָס פאַר אַ געדולד די אַרבייטער שלעפּען זיך מיט דעם יאָך פון די שרעקליכסטע בעדינגונגען און ווי זיי פערברייינגען זייער פרייע צייט אין די קאַפעס, אָנשטאָט זיך צו בילדען און אויסצוקעמפּפען פאַר זיך און זייערע פאַמיליען אַ בעסערן דאַזיין. ער האָט מיר אָפט דערצעהלט, אַז עס מאַכט איהם פיעל פערגניגען זיך דורכצוריידען מיט די אַרבייטער, זיי אויפצופאָדערן זיך צו אָרגאַניזירען און צו אַרבייטען פאַר זייער גייסטיגע אויסבילדונג. און ווי שרעקליך ער האָט געליטען, ווען ער האָט זיך אָפטמאָל בעגעגענט מיט דער ערגסטער אונ-וויסענהייט און גלייכגילטיגקייט! פון דעסטוועגען האָט ער קיינמאָל נים פערלאָרען דעם מוטה און האָט אונערמידליך געאַרבייט פאַר דער ראַציאָ-נעלער ערציהונג און דעם סינדיקאַליזם. צוויי זאַכען האָבען איהם אין יענער צייט שטאַרק בעשעפטיגט: ער האָט געוואָלט אויספיהרען, אַז זיין פאָטער זאָל שיקען זיין קליינע שוועסטער אין אונזער שולע, און אויסערדעם האָט

ער געוואָלט גרינדען אַ „מאָדערנע שולע" אין סאַבאַדעלל גופא. זיין ערשטער וואונש איז אין גיכען ערפילט געוואָרען; נאָר זיין פלאַן, צו גרינדען אַ פרייע שולע אין סאַבאַדעלל, איז ניט פערווירקליכט געוואָרען, אָבוואָהל זיין פאָטער האָט איהם פערשפּראָכען די נייטיגע סומע געלד, נאָר עס איז געווען אונמעגליך צו געפינען פּאַסיגע לעהרער.

„אונזערע געגענזייטיגע בעציהונגען זיינען געוואָרען אינטימער און פריינדשאַפטליכער פון טאָג צו טאָג. מאָרראַל האָט גענומען אַן אָנטהייל אין אַלע אונטערנעהמונגען פון אונזער שולע; איינמאָל האָט ער די שילער זאָגאַר געצייגט די פאַבריק פון זיין פאָטער און די פאַבריקען פון אַנדערע פריינד זיינע. דורך אונזער דאָזיגען בעזוך אין סאַבאַדעלל און דורך דעם, וואָס מאָרראַל'ס שוועסטער אַדעלינאַ איז געוואָרען איינע פון אונזערע שילערינען, בין איך נעהנטער בעקאַנט געוואָרען מיט מאָרראַל'ס פאָטער און זיינע ברידער, וועלכע פלעגען אָפט בעזוכען די „עסקועלאַ מאָדערנאַ".

„אין 1905 האָט מאָרראַל מיר דערצעהלט, ווי שווער עס קומט איהם אָן צו בעזיעגען די אונוויסענהייט פון די אַרבייטער אין סאַבאַדעלל. ער האָט מיר איבערגעגעבען, ווי ער אַליין האָט געדאַרפט אויפמונטערן די אַרבייטער פון זיין פאָטער'ס פאַבריק, אום זיי זאָלען אַרויסשטעלען זייערע גערעכטע פאָדערונגען און אַוועקמאַכען מיט די ערגסטע איבלען. פונדעסטוועגען האָט ער זיך ניט בעקלאָגט אויף זיין פאָטער, וועלכער איז אין דער ווירקליכקייט געווען איינער פון די הומאַנסטע פאַבריקאַנטען אין סאַבאַדעלל און וועלכער האָט זיך אָפטמאָל פערפיינדעט מיט די איבעריגע פאַבריקאַנטען, דערפאַר וואָס ער האָט נאָכגעגעבען די פאָדערונגען פון זיינע אַרבייטער. איין זאַך האָט מאָרראַל שטאַרק בעאונרוהיגט אין יענער צייט: זיין געוויסען האָט איהם מעהר ניט ערלויבט צו אַרבייטען אין דער פאַבריק פון זיין פאָטער און מיטצוהעלפען דורך זיין טהעטיגקייט צו פערמעהרען דעם רייכטהום פון איין זייט און דאָס עלענד פון דער אַנדערער זייט. פיהלענדיג מאָראַליש די גאַנצע אונגערעכטיגקייט פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, האָט ער זיך ניט געקענט בעשליסען צו פערברייינגען זיין גאַנצעס לעבען אין דער שטיקענדער אַטמאָספערע פון ריין פערזענליכע אינטערעסען, וועלכע האָבען איהם ניט ערלויבט אָבצוגעבען זיין גאַנצע צייט און קראַפט פאַר דער בילדונג און ערציהונג פון דער אַרבייטער-קלאַסע.

„איך קען דאָ ניט רעדען פון אַסך אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, וועלכע האָבען נאָך פערשטאַרקערט מיין איבערצייגונג, אַז מאַטעאָ מאָרראַל איז אַ נאָבעלער און אָפען-האַרציגער כאַראַקטער. וויסענדיג, ווי שטאַרק ער פעראינטערעסירט זיך פאַר אונזער טהעטיגקייט, האָב איך איהם צולעצט

פאָרגעשלאָגען, ער זאָל דירעקט מיטאַרבייטען אין דער „עסקועלא מאָדערנאַ" און פאָרלויפיג איבערנעהמען די אָבטהיילונג פון די דרוק־זאַכען. איך וואָלט דאַדורך געהאַט מעהר צייט, אום אויסצוגעפינען גוטע לעהרער פאַר אונזער שולע.

„ער האָט מיר זעהר געדאַנקט פאַר מיין פאָרשלאַג און צוגעזאָגט זיין הילף; נאָר פריהער האָט ער געוואָלט איבערנעהמען די פערטרעטונג פון איינגע אויסלענדישע געשעפטען, אום צו פערדינען אויף צו לעבען און אום צו געפינען די נייטיגע פרייע צייט צו רעפאָרמירען די צייטשריפט „על טראַבאַכאָ"*) אין סאַבאַדעלל אויף אַזאַ'ן אופן, אַז זי זאָל שטעהן אויף דער זעלבער שטופע, ווי די פּאַריזער „וואָאַ די פעפל", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון די פראַנצויזישע געווערקשאַפטען. עס איז געבליבען ביי אונז, אַז פון 1טען יאַנואַר אָן זאָל ער קומען יעדען טאָג פאַר איינגע שטונדען אין אונזער ביוראָ, אום זיך איינצואַרבייטען אין דער געשעפטס־פיהרונג און די דרוק־אַנגעלעגענהייטען.

„דערמיט האָבען מיר זיך געזעגענט און מאָרראַל איז ווידער אַוועק־געפאָהרען נאָך סאַבאַדעל. ווען ער האָט אונז ווידער בעזוכט קורץ פאַר דעם נייען יאָהר, האָט ער מיר דערצעהלט, אַז זיין פאָטער איז שטאַרק דאַגעגען, אַז ער, מאַטעאָ, זאָל פערלאָזען דאָס געשעפט, נאָר זעהענדיג, אַז ער האָט זיך געהאַלטען ביי זיין בעשלוס, האָט ער אידם געבעטען, ער זאָל כאָטש בלייבען ביי איהם אַזוי לאַנג, ביז ער וועט קענען מאַכען נייע אָראַנזשירונגען. מאַטעאָ האָט פערשטאַנען, אַז זיין פאָטער וויל נור געווינען צייט; נאָר זיין בעשלוס איז געווען פעסט; ער האָט געוואָלט אָבגעבען זיין גאַנצעם לעבען צו בעקעמפפען די אויסבייטונג פון דער אַרבייטער־קלאַסע.

„נאָך דעם 1טען יאַנואַר איז מאָרראַל געקומען צו אונז אַרבייטען. אין דער ערשטער צייט פלעגט ער נור קומען, ווען די פאָסט איז אָנגעקומען. ער האָט איבערגעלייענט די קאָרעספּאָנדענצען און בעזאָרגט די בעשטע־לונגען. שפּעטער איז ער פערבליבען לענגער; ער האָט געלעזען די קאָרעק־טורען און האָט איבערגענומען אַלע בעציהונגען מיט דעם דרוקער און פּאַפּיר־הענדלער. אין פערלויף פון אַ קורצע צייט האָט ער זיך אַזוי שטאַרק פעראינטערעסירט מיט זיין נייע בעשעפטיגונג און האָט ביי מיר אָבגענומען אַזוי פיעל אַרבייט, אַז מיר האָבען בעשלאָסען איהם איבערצוגעבען די גאַנצע דרוק־אָבטהיילונג. אַם 1טען יוני האָט געזאָלט שטאַטפינדען אַן

*) מאַטעאָ מאָרראַל איז געווען איינער פון די הויפּט־מיטאַרבייטער פון דער אַנאַרכיסטיש־סינדיקאַליסטישער צייטונג „על טראַבאַכאָ".

אַלגעמייגע אָברעכנונג; מאָרראַל האָט געוואָלט איינצאָהלען די גאַנצע סומע פאַר אַלע ביכער און שריפטען, וועלכע זיינען געווען פאַרהאַנען, אום ער זאָל אין דער צוקונפט גאַנץ זעלבסטשטענדיג קענען פערוואַלטען די פינאַנציעלע זייט פון אונזער אונטערנעהמונג. איך האָב זיך בלויז רעזער־ווירט דאָס רעכט פאַרצושלאָגען געוויסע ביכער און ניט אָנצונעהמען אַזעלכע, מיט וועלכע איך וועל ניט זיין איינפערשטאַנען. אַלעס אַנדערע האָבען מיר איבערגעלאָזט צו מאָרראַל; דען אונזער צוטרוי אין זיין אַבסאָלוטע עהר־ליכקייט איז געווען אונבעגרענעצט.

„מאָרראַל איז געווען העכסט צופרידען, אַז ער איז ענדליך געווען אַליין דער פערוואַלטער פון זיין אָבטהיילונג. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך איבערגענומען די דירעקציאָן פון דער צייטשריפט „על טראַבאַכאָ" אין סאַבאַדעלל; זיין פלאַן איז געווען צו מאַכען פון דער צייטונג איינעם פון די בעסטע אָרגאַנען פאַר דער אָרגאַניזאַציאָן און בילדונג פון די אַרבייטער.

„אין מאַנאַט מאַי האָט מיר מאָרראַל ערקלערט, אַז ער פיהלט זיך ניט געזונד און אַז ער וויל אַוועקפאָהרען פאַר אייניגע טעג צו ערהאָלען זיך. ער האָט ווירקליך אויסגעזעהן מיעד און קראַנק און איך האָב איהם אַליין געראַטהען זיך גוט צו ערהאָלען. אונזער קאַמעראַד באַטלאָרי האָט איבערגענומען זיין אַרבייט פאַר אַ קורצע צייט. דעם 20טען מאַי 1906 האָט ער אונז פערלאָזען, פערשפּרעכענדיג, אַז ער וועט זיין צוריק נאָך איידער דער מאָנאַט וועט זיך ענדיגען. ער האָט מיר ניט געזאָגט, וואוהין ער דיינקט צו פאָהרען, ווייל איך האָב דאָך געהאַט זיין אַדרעסע פון סאַבאַדעלל, אין פאַל, אַז איך וועל איהם דאַרפען שרייבען. ניט ערהאַל־טענדיג פון איהם קיין בריעף, האָב איך ערוואַרטעט, אַז ער וועט יעדען טאָג צוריק קומען.

„וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען האָבען מיך אין דערזעלבער צייט געצ־וואונגען צו פאָהרען נאָך פאַריז. פּלוצלינג האָב איך געלייענט אין די צייטונגען פון דעם אַטענטאַט אין מאַדריד. ווי באַלד עס איז געווען זיכער, אַז מאָרראַל און קיין אַנדערער איז געווען דער אַטענטעטער, האָב איך באַלד אָבגעלייגט מיין רייזע אויף שפּעטער. באַלד דערויף האָט מען מיך אַרעסטירט. — — — — — — — — — — — — — — —

„מאָרראַל'ס טהאַט האָט מיך שטאַרק איבעראַשט, דערפאַר וואָס איך האָב איהם אויסשליסליך געקענט אַלס אַ בעגייסטערטען אָנהייננער פון דער פרייער ערציהונג און פון סינדיקאַליזם; ד.ה. אַלס אַ מענשען, וועלכער האָט אַוועקגע־שטעלט זיין גאַנצע האָפנונג אויף די פּלאַנמעסיגע בעוועגונג פון די מאַסען.

„איך האָב נאָכגעדיינקט אַ לאַנגע צייט, אום אויסצוגעפינען וואָס פאַר

עס איז ניט אורזאַכע אין מאָרראַל'ס כאַראַקטער, וועלכע זאָל מיר ערקלע־רען, פֿאַר וואָס ער האָט פונקט בעגאַנגען אָט דיזען אַטענטאַט. איך דער־מאָהן זיך נאָך ווי היינט, ווי ער האָט מיר ערקלערט, אַז ער גלויבט ניט אין דער בעפֿרייאונג פֿון דער אַרבייטער־מאַסע, אַזוי לאַנג ווי די אַרבייטער וועלען ניט קומען צום בעוואוסטזיין פֿון זייער קראַפֿט דורך אַ פלאַנמעסיגע ערציהונג. אין 1902 האָט ער געזעהן די גענעראַלסטרייקס פֿון באַרצעלאָנאַ און סאַבאַדעלל. די אַרבייטער האָבען דאַמאַלסט די שטאָדט געהאַט אין זייערע הענד, און די פֿאַבריקאַנטען האָבען ווירקליך געגלויבט, אַז די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציאָן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, זעהענדיג, אַז עס קומט ניט קיין מיליטער. אָבער די מאַסען האָבען זיך בעגנוגענט מיט דער צושטערונג פֿון איינגע מאַגאַסטירען און הייזער און מיט אַ פּאָר פֿערבעסערונגען פֿון זייערע אַרבייטס־בעדינגונגען. אָט דערפֿאַר איז מאָרראַל געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער גענעראַלסטרייק וועט נור דאַן האָבען אַן ערפֿאָלג, ווען די אַרבייטער ויינען פֿריהער רעוואָלוציאָנער אָרגאַניזירט און ערצויגען געוואָרען, אום צו שאַפֿען אַ נייע פֿאָרם פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן.

איך דערמאָהן זיך נאָך אין אַסך אַנדערע בעמערקונגען פֿון איהם, וועלכע האָבען מיר בעוויזען, אַז ער איז אַ שטאַרקער אָנהייננער פֿון דעם פרינציפּ פֿון אָרגאַניזאַציאָן און אַז ער האָט ניט געהאַט קיין בעזונדערע סימפּאַטהיע פֿאַר אינדיווידועלע טעראָריסטישע אַקטען. זיין גאַנצע טהעִ־טיגקייט אין אונזער שולע, זיינע אַרטיקלען אין „על טראַבאַכאָ" האָבען דאָס בעוויזען. אָט דערפֿאַר איז עס געווען פֿאַר מיר אונמעגליך צו פֿער־שטעהן דעם מאָטיוו פֿון זיין טהאָט.

„איך האָב נור איין ערקלערונג: איינינע טעג, איידער ער איז אַוועק פֿון באַרצעלאָנאַ, איז ער ביי מיר געזעסען אין ביוראָ און האָט געלייענט די צייטונג „על ליבעראַל". פּלוצלינג האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט און האָט מיר פֿאָרגעלעזען אַ טעלעגראַמע פֿון מאַדריד, אַז אַ מאַרקיזע פֿון סקילאַטשע האָט בעצאָהלט 5.000 פעסעטאַס פֿאַר אַ נאָסילקע אין דעם טאָג פֿון דעם קעניג'ס חתונה.

„מיט אַ צאָרענדיגען בליק און בלייך פֿון האַס און אויפֿרעגונג האָט ער אויסגעשריען: „איז דאָס מעגליך, אין אַ צייט, ווען טויזענדער אַרבייטער שטאַרבען פֿון הונגער? אַך, אויף וואָס פֿאַר אַ נידעריגער שטופֿע שטעהט נאָך דאָס פֿאָלק!" מיט דיזע ווערטער האָט ער אַ וואָרף געטהאָן די צייִ־טונג און איז אַוועק.

„ווען איך האָב זיך שפּעטער דערמאָהנט אין אָט דיזער סצענע און אין זיין כאַראַקטעריסטישען האַס געגען דעם לוקסוס אין אַלגעמיין, בין

איך געווען איבערצייגט, אַז איך האָב אפשר געפֿונען דעם שליסעל צו דעם ראָזינגקרעטעניש. דאָס איז אויך געווען די מיינונג, וועלכע איך האָב אויסגע-דריקט פֿאַר דעם אונטערזוכונגס ריכטער פֿון באַרצעלאָנאַ.״

* * *

דאָס אַטענטאַט פֿון מאַטעאָ מאָרראַל האָט געמאַכט אַ מורא׳דיגען איינדרוק אויף די אַלגעמיינע עפֿענטליכע מיינונג. דער פֿאַקט, אַז דער קעניג איז נאָך געווען אַזוי יונג און אַז מאָרראַל האָט זיך פּונקט אויסגע-קליבען דעם טאָג פֿון אַלפֿאָנזאָ׳ס חתונה פֿאַר זיין טהאַט, האָט דער ביר-גערליכער פּרעסע געגעבען די מעגליכקייט שטאַרק צו ווירקען אויף די סענטימענטאַלע אינסטינקטען פֿון איהרע לעזער און אָנצופֿיהרען אַ ווילדען קאַמפּף געגען די „אַנאַרכיסטישע מערדערס און קאָנספּיראַטאָרס״. מאָרראַל איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרען אַלס אַ „בלוט-דורשטיגער מאָנסטער״, אַ „מענ-שליכע בעסטיע״, און די צאָהל פֿון די יעניגע, וועלכע האָבען געזוכט אַ טיעפֿערע ערקלערונג פֿאַר די בלוטיגע טהאַט, איז געווען זעהר אַ קליינע. און דאָך איז מאָרראַל ניט בלויז געווען אַ הויך אינטעליגענטער יונגער מאַן, נאָר אויך אַ מענש מיט טיעפֿע און עדעלע מענשליכע געפֿיהלען, אַן אויי-סערגעוועהנליך געטרייער כאַראַקטער, און אַלע די, וואָס זיינען געהנטער בעקאַנט געווען מיט איהם, האָבען נור איין מיינונג וועגען דעם. פֿעררער׳ס אַרטיקעל איבער מאָרראַל ציינט אונז דעם אַטענטעטער פֿון דער קאַליע מאַיאָר אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט, און טהערעסאַ קלאַרמונט, איינע פֿון יענע מוטהיגע און אינטעליגענטע פֿרויען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט אַ לעבען פֿול מיט ליידען און שמערצען פֿאַר דער בעפֿרייאונג פֿון׳ם שפּאַנישען פֿאָלק, האָט עפֿענטליך ערקלערט*), אַז מאַטעאָ מאָרראַל, וועמען זי האָט געקענט פֿון קינדהייט אָן, איז געווען איינער פֿון די בעסטע און רייגסטע כאַראַק-טערע, מיט וועלכע זי האָט זיך ווען בעגעגנעט.

אַזעלכע כאַראַקטערע ווי מאַטעאָ מאָרראַל זיינען סאָציאַלע פֿענאָמענען, וועלכע לאָזען זיך נור ערקלערען דורך די מאַטעריעלע און גייסטיגע אומ-שטענדען, פֿון וועלכע זיי וואַקסען ארויס. דער פֿאַקט אַליין, אַז אַ יונגער מאַן, וועלכער האָט גענאָסען אַן אויסגעצייכענטע ערציהונג, דער זוהן פֿון רייכע עלטערן און אין דערזעלבער צייט אַ ריינער, אידעאַלער כאַראַקטער זאָל אויסקלערען און בענעהן אַ טהאַט מיט אַזעלכע מורא׳דיגע קאָנזעק-ווענצען, אַט דיזער פֿאַקט אַליין שטעלט פֿאַר מיט זיך אַ שרעקליכען פּראָב-

---

*) Buena Semilla, 1. Julio 1906; Mateo Morral por Teresa Claramunt.

לעם. אין איטאַליען האָבען מיר געזעהן אַזעלכע ערשיינונגען אין דער צייט, ווען די איטאַליענישע יונגענד האָט געקעמפּפֿט פֿאַר די נאַציאָנאַלע בעפֿרייאונג פֿון׳ם לאַנד, אין יענער בלוטיגער פּעריאָדע, ווען הונדערטער און הונדערטער יונגע העלדען זיינען געשטאָרבען אויף דעם עשאַפֿאָט און אין די קאַזעמאַטען פֿון די עסטרייכישע פֿעסטונגען. אויך דער קאַמפּף נעגען דעם צאַריזם אין רוסלאַנד האָט ענטוויקעלט עהנליכע ערשיינונגען. אָבער אין קיין לאַנד אין גאַנץ אייראָפּאַ האָט די פֿרייהייטליכע בעוועגונג נים איבערגעלעבט אַזעלכע שרעקליכע און ווילדע פֿערפֿאָלגונגען ווי אין שפּאַניען. די גרויזאַמע פֿערברעכען פֿון דער קלעריקאַלער רעאַקציאָן אין שפּאַניען געפֿינען ניט מעהר איהר גלייכען אין דער גאַנצער מאָדערנער געשיכטע, און אַזעלכע מענער ווי אָטעראָ, פֿראַנסיסקאָ רואיס, פּאַליאַס, אַנדרושיאָלילאָ, סעמפּאַו, אַרטאַל און מאָרראַל קען מען נור פֿערשטעהן, ווען מען זעהט אין זייערע טהאַטען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון אַ גרויזאַמען און בלוטיגען דעספּאָטיזם, וועלכער שרעקט זיך ניט אָב פֿאַר קיין שום פֿערברעכען, אום צו דערשטיקען יעדען פֿונק פֿון פֿרייהייט און אויפֿקלערונג. די שענדליכע ערמאָרדונג פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער איז נור געווען איין אַקט אין יענער מורא׳דיגער טראַגעדיע פֿון בלוט און טרערען, און עס איז נויטווענדיג צו בעקענען דעם לעזער מיט דער בלוטיגער פֿערברעכער־פּאָליטיק פֿון דעם שפּאַנישען קלעריקאַליזם נעגען דער מאָדערנער פֿרייהייטס־בעוועגונג, כדי ער זאָל אַליין קענען אויסגעפֿינען די אייגענטליכע אורזאַכען פֿון אַזעלכע אַקטען ווי דאָס אַטענטאַט אויף דעם שפּאַנישען קעניג אין דער קאַליע מאַיאָר.

## X.

# א פעריאדע פון בלוט און טרערען.

אין איינעם פון די פריהערדיגע קאפיטלען האבען מיר געציינט, אז דער כאראקטער פון דער ערשטער סאציאליסטישער בעוועגונג אין שפאניען איז געווען א ריין פריעדליכער. ערשט שפעטער ווען די קלעריקאלע מאנארכיע האט אנגעהויבען אונטערדריקען יעדען פרידליכען פערזוך פון די ארבייטער אויף דעם ברוטאלסטען אופן, האבען זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט רעוואלוציאנערע טענדענצען אין דער שפאנישער ארבייטער-בעוועגונג. אין 1874, קורץ נאך דעם אונטערגאנג פון דער שפאנישער רעפובליק, האט די רעגירונג פון אלפאנזא דעם 12טען אונטערדריקט אלע ארגאניזאציאנען פון די ארבייטער. די גאנצע ארבייטער־פרעסע, אלע פרייע שולען, אלע געווערקשאפטען א. ז. וו. זיינען מיט איין קלאפ פערניכטעט געווארען. א בעוועגונג, וועלכע האט פעראייניגט אין איהרע רייהען אן ערך 100.000 ארגאניזירטע מיטגלידער, איז מיט איין מאל אונטערדריקט געווארען דורך ברוטאלע אויסנאהמס-געזעצע, און אזוי האט זיך אנגעפאנגען יענע לאנגע פעריאדע פון בלוט און טרערען, וועלכע האט געפאדערט אזוי פיעל אפפער.

די רעאקציאנערען האבען זיך איינגערעדט, אז עס וועט זיי געלינגען אויסצוראטען די אנארכיסטישע ארבייטער־בעוועגונג; אבער זיי האבען געהאט א גרויסען טעות. הונדערטער און הונדערטער איבערגעבענע קאמעראדען זיינען פערשיקט געווארען נאך די מערדערישע שטראף־קאלאניען פון אפריקא, טויזענדער האט מען בעגראבען לעבעדיגערהייט אין די געפענגניסע, אנדערע האבען אין גאנצען פערלאזען די היימאט; אבער די בעוועגונג האט זיך ענטוויקעלט שטילערהייט, זי האט בעדעקט דאס לאנד מיט א נעץ פון געהיימע גרופען און האט ארויסגעגעבען איהרע געהיימע צייטונגען אין אונטעראירדישע דרוקערייען, ווי צ. ב. ש. „לאס רעפרעסאליאס" (די געגען־אקטען), „על ארדען" (די ארדנונג), „לא רעוואלוסיאן פאפולאר" (די פאלקס־רעוואלוציאן), „על מוניסיפא ליברע" (די פרייע

קאָמונע), „על מאָוויִמיענטאָ סאָסיאַל" (די סאָציאַלע בעוועגונג) א. ז. וו. אַ גאַנצע רייהע פֿון רעוואָלוציאָנערע און טעראָריסטישע אַקטען איז געווען דער ענטפֿער אויף די באַרבאַרישע און גרויזאַמע אונטערדריקונג פֿון יעדען פֿרייען געדאַנק.

אין 1881, אַכטצעהן מאָנאַטען נאָך דעם אַטענטאַט פֿון דעם בעקער-אַרבייטער אָטעראָ אויף אַלפֿאָנזאָ דעם 12טען, האָבען די אויסנאַהמע-געזעצע געגען דער שפּאַנישער אַרבייטער-בעוועגונג פֿערלאָרען זייער לעגאַלע קראַפֿט און עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ פֿרייערע פעריאָדע. אין דעמזעלבען יאָהר האָט שטאַטגעפֿונען דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער-קאָנגרעס פֿון באַרצעלאָנאַ און אין פֿערלויף פֿון וויניגע וואָכען צייט איז די עפֿענטליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַלטער „אינטערנאַציאָנאַלע" ווידער אויפֿגעשטאַנען תחית המתים אונטער דעם נאָמען „פֿעדעראַסיאָן דע טראַבאַכאַדאָרעס דע לאַ רעכיאָן עספּאַניאָלאַ" (שפּאַנישע אַרבייטער-פֿעדעראַסיאָן).

אין דעם ערשטען מאַניפֿעסט איהרען האָט די פֿעדעראַציאָן ערקלערט: „אונזער אָרגאַניזאַציאָן איז אַ ריין עקאָנאָמישע; זי אונטערשיידעט זיך פֿון אַלע בורזשואַזע פּאָליטישע קערפּערשאַפֿטען און אויך פֿון די פּאָליטישע אַרבייטער-פּאַרטייען, וועלכע שטרעבען צו פֿערכאַפּען די פּאָליטישע מאַכט. מיר ווילען די איצטיגע פּאָליטישע און יוריסטישע פֿאָרמען פֿון'ם שטאַאַט אויף אַזוי פֿיעל בעשריינקען, אַז עס זאָל מעהר ניט איבערבלייבען פֿון זיי ווי עטליכע ריין עקאָנאָמישע פֿונקציאָנען. אויף דעם פּלאַץ פֿון דעם היינטיגען שטאַאַט ווילען מיר איינפֿיהרען די פֿרייע פֿעדעראַציאָן פֿון די פֿרייע גרופּען, וועלכע בעשטעהען פֿון פֿרייע פּראָדוצירער. דערפֿאַר זיינען מיר נעגנער פֿון יעדער פּאַרלאַמענטאַרישער פּאָליטיק און איבערצייגטע אָנהיינער פֿון'ם עקאָנאָמישען קאַמפּף פֿאַר דער צושטעהרונג פֿון אַלע פּריווילעגיעס און מאָנאָפּאָלען פֿון דער איצטיגער אונגערעכטער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן".

די אַנאַרכיסטישע פּרעסע איז ווידער ערשינען אין דער עפֿענטליכקייט. אין אַלע בעדייטענדע שטעדט זיינען אַרויס אַנאַרכיסטישע צייטונגען, און אין מאַדריד גופא האָט סעררא[נ]אָ אי אָטעאיסאַ אַרויסגעגעבען די וואָכענשריפֿט „לאַ רעוויסטאַ סאָסיאַל", וועלכע איז ערשינען אין 20.000 עקזעמפּלאַרען.

אויף דעם קאָנגרעס אין סעוועליאַ, וועלכער האָט שטאַטגעפֿונען אין 1882, זיינען ערשינען 250 דעלעגאַטען, וועלכע האָבען פֿערטרעטען 218 לאָקאַלע פֿעדעראַציאָנען מיט 70.000 מיטגלידער. אַלע פֿערפֿאָלגונגען זיינען אַלזאָ געווען אומזיסט; די אויסנאַהמע-געזעצע, וועלכע האָבען דערשטיקט

פֿאַר זיעבען יאָהר צייט יעדען סימן פֿון אַן עפֿענטליכער בעוועגונג, זיינען ניט אימשטאַנד געווען צו פֿערקלענערן די צאָהל פֿון די אָרגאַניזירטע אַר־בייטער, און נאָך פֿיעל וויינינגער האָט עס זיי געלונגען אָבצושוואַכען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פֿון דער בעוועגונג און צו געבען איהר אַן אַנדער ריכטונג.

דיזער פֿאַקט האָט אַרויסגערופֿען אַ ווילדען האַס ביי די פֿאַנאַטיש־סטע אָנהייגנגער פֿון דער רעאַקציאָן, אַ האַס מיט מורא׳דיגע קאָנזעקווענצען פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער־בעוועגונג. אין אַנדאַלוזיען האָט זיך די בעוועגונג אין יענער צייט ענטוויקעלט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער שנעל־קייט. קאַטאַלאָניען און אַנדאַלוזיען זיינען שטענדיג געווען די רעוואָלו־ציאָנערסטע טהיילען פֿון גאַנץ שפּאַניען. די אינדוסטריע־אַרבייטער פֿון קאַטאַלאָניען און די פֿעלד-אַרבייטער פֿון אַנדאַלוזיען זיינען אימער פֿער-בונדען געווען איינע מיט די אַנדערע דורך דיזעלבע אַנאַרכיסטישע פּרינ־ציפּען און מעטהאָדען. אין 1882, באַלד נאָך דעם קאָנגרעס אין סעווילאַ, האָט שטאַטגעפֿונען דער קאָנגרעס פֿון די שפּאַנישע פֿעלד־אַרבייטער, וואו עס זיינען געווען פֿערטראָטען 105 סעקציאָנען מיט 20.916 מיטגלידער. אַזוי ווי איבעראַל איז אויך די לאַגע פֿון דעם שפּאַנישען פֿעלד־אַרבייטער זעהר אַ שלעכטע און ער אַרבייט אונטער פֿיעל ערגערע בעדינגונגען ווי דער פֿאַבריק־אַרבייטער און האַנד־ווערקער. די גאַנצע ערד פֿון דער רייכער און פֿרוכטבאַרער פּראָווינץ אַנדאַלוזיען בעלאַנגט צו אַ הייפֿעל גרויסע גרונד-בעזיצער, וועלכע אונטערדריקען די אַרבייטער אויף דעם ערגסטען אופֿן. די פֿאָלגע איז אַ שטענדיגער קאַמפּף פֿון די אַרבייטער געגען די ברו־טאַלע אויסבייטונגס־אינסטינקטען פֿון די גרונד־בעזיצער. די צייט פֿון 1880 ביז 1883 איז געווען אַ פּעריאָדע פֿון אַ סך קלענערע און גרעסערע סטרייקס, און דער דעספּאָטיזם פֿון די אייגענטהימער און זשאַנדאַרמען האָט דיזע בעוועגונגען זעהר אָפֿט געגעבען אַ רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער. דער איינציגער וואונש פֿון די רייכע גרונד־בעזיצער איז געווען דער, צו פֿער־ניכטען די אָרגאַניזאַציאָן פֿון די פֿעלד־אַרבייטער, און אום צו דערגרייכען דיזען צוועק האָט מען שטילערהייט אָרגאַניזירט אַ געפֿעהרליכע קאָנספּי־ראַציע געגען די אַרבייטער. אין מאָנאַט דעצעמבער 1882 האָט דער פֿעלד-אַרבייטער מאַנועל גאַגאָ דער׳הרג׳ט איינעם פֿון זיינע פֿערוואַנדטע אין אַ געשלעג. ביידע זיינען צופֿעליגערווייזע געווען מיטגלידער פֿון דער פֿעלד־אַרבייטער-אָרגאַניזאַציאָן. דער מאָרד האָט שטאַטגעפֿונען אין דער אַנוועזענ-הייט פֿון אַ דריטען אַרבייטער. גאַגאָ איז באַלד אַרעסטירט געוואָרען און די גאַנצע אַפֿערע איז אין גיכען אויפֿגעקלערט געווען. אָבער די אויטאָריטעטען

פֿון דער שטאָדט בערעס זיינען ניט צופֿרידען געווען מיט דעם; מען האָט געמאַכט פֿון אַ ריין פּערזענליכער האַנדלונג אַן אָרגאַניזירטעס פֿערברעכען. דער זשאַנדאַרמעריע־אָפֿיציר טאָמאַ פּערדעס מאָנפֿאָרטע האָט „ענטדעקט" אין אַ פֿעלד אונטער אַ שטיין די „סטאַטוטען" פֿון אַ געהיימער געזעלשאַפֿט מיט דעם נאָמען „לאַ מאַנאָ נעגראַ" (די שוואַרצע האַנד). אין דיזע סטאַ־טוטען איז ערקלערט געוואָרען, אַז דאָס ציעל פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ" איז צו ערמאָרדען די גרונד־בעזיצער און די פֿערטרעטער פֿון דער רעגירונג, צו פֿערברענען זייערע הייזער און פֿעלדער און אָנצוּאַווענדען יעדען טעראָ־ריסטישען מיטעל געגען די אונטערדריקונג פֿון׳ם פֿאָלק. די דאָזיגע „סטאַ־טוטען" זיינען באַלד פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע און מען האָט נור גערעדט פֿון די פֿערברעכען און מערדערייען פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ".

אין דערזעלבער צייט האָט מען ערקלערט, אַז גאַגאָ האָט בעגאַנגען דעם מאָרד אין נאָמען פֿון דער געהיימער אָרגאַניזאַציאָן און באַלד דערויף זיינען אַרעסטירט געוואָרען אַן ערך הונדערט אַרבייטער, אַלע מיטגלידער פֿון דער פֿעלד־אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָן. פֿיעלע פֿון דיזע אונגליקליכע האָט מען געמאַטערט אויף אַ מורא׳דיגען אופֿן; מען האָט אָנגעווענדעט געגען זיי אַלע מיטלען פֿון דער אינקוויזיציאָן און אונטער די שרעקליכע שמערצען האָבען די מייסטע פֿון זיי אַלעס צוגעגעבען, וואָס מען האָט נאָר געפֿאָ־דערט פֿון זיי. דער גאַנצער פּראָצעס איז געווען אַ שענדליכע קאָמעדיע; פֿון דעסטוועגען האָט דער פּראָקוראָר געפֿאָדערט דעם טויט פֿון פֿופֿצעהן מענשען. די ענדע איז געווען, אַז זיעבען פֿון די אונגליקליכע זיינען גאַראָ־טירט געוואָרען, אַן אַנדערן האָט מען אַזוי שרעקליך געמאַטערט, אַז ער איז אַראָב פֿון זינען און זעקס זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגע קאַטאָרגע.

צווישען די זיעבען מענער, וועלכע זיינען אונשולדיגערווייזע ערמאָרדעט געוואָרען, זיינען אויך געווען דער לעהרער כואַן רואיס, דער סעקרעטאַר פֿון דער „אוניאָן דע טראַבאַכאַדאָרעס דעל קאַמפּאָ" (סינדיקאַט פֿון די פֿעלד־אַרבייטער) און פֿ. קאָרבאַטשאָ, דער פּרעזידענט פֿון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציאָן.

באַלד נאָך דיזען פּראָצעס האָט נאָך שטאַטגעפֿונען אַ גאַנצע סעריע פֿון אַנדערע פּראָצעסען געגען „מיטגלידער" פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ" און יעדעסמאָל האָט מען די אָנגעקלאָגטע געמאַטערט אויף דעם שרעקליכסטען אופֿן, כדי זיי זאָלען מודה זיין געוויסע פֿערברעכען, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל ניט בעגאַנגען. דער איינציגער צוועק פֿון דיזע גרוילטהאַטען איז

געווען צו פֿערניכטען די געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון די פֿעלד־אַרבייטער. דער גובערנאַטאָר פֿון דער פּראָווינץ כערעס־קאַדיס האָט אין יענער צייט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכע ער האָט אויס־דריקליך ערקלערט, אַז „פֿאַר אַלע טעראָריסטישע אַקטען, וועלכע וועלען פֿאָרקומען אין דער אויבען דערמאָהנטער פּראָווינץ, וועט מען פֿעראַנט־וואָרטליך מאַכען די מיטגלידער פֿון דעם לאָקאַל־קאָמיטע פֿון דער „פֿעדעראַסיאָן דע טראַבאַכאַדאָרעס”, אויב די פּאָליציי וועט ניט אויסגע־פֿינען די שולדיגע.” און מען האָט עס געטהאָן. פֿון דעסטוועגען האָבען די פּאָליציי און די איבעריגע רעגירונגס־אָרגאַנען אַזוי קלוג געאַרבייט, אַז פֿאַר אַ לאַנגע צייט האָבען זאָגאַר פֿיעלע אַנאַרכיסטען אין אַנדערע טהיילען פֿון שפּאַניען געגלויבט, אַז עס האָט ווירקליך עקזיסטירט אַ געהיימע געזעל־שאַפֿט פֿון די פֿעלד־אַרבייטער אין אַנדאַלוזיען מיט דעם נאָמען „מאַנאָ נעגראַ.” ערשט מיט צוואַנציג יאָהר שפּעטער האָט מען אויסגעפֿונען די וואַהרהייט. די אַנאַרכיסטישע צייטונג „טיעראַ אי ליבערטאַד” איז אימ־שטאַנד געווען צו פֿערעפֿענטליכען עטליכע בריעף פֿון איינִיגע פֿון די פֿער-אורטהיילטע אָפּפֿער פֿון יענער שרעקליכער פּעריאָדע, וועלכע האָבען נאָך אַלס געלעבט אין די שטראָף־קאָלאָניען פֿון אַפֿריקאַ. אַ שטורם פֿון צאָרן און עמפּעהרונג האָט זיך דאַן אויפֿגעהויבען אין גאַנץ שפּאַניען און אין אויסלאַנד. די רעגירונג איז ניט געווען אימשטאַנד צו ווידערלייגען די מורא׳-דיגע בעשולדיגונגען און מיט אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מען בעפֿרייט די לעצטע אָפּפֿער פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ” פּעריאָדע, וועלכע האָבען אי־בערגעלעבט די אונמענשליכע מאַטערניסען און פֿערפֿאָלגונגען פֿון זייערע היינקער.

* * *

אין מאָנאַט פֿעברואַר 1888 זיינען 15,000 בערג-אַרבייטער פֿון ריאָ טינטאָ אַרויס אין סטרייק. די מינען־בעזיצער האָבען באַלד געפֿאָדערט מיליטער, און אין אַ קורצע צייט איז די גאַנצע געגענד איבערפֿלייצט גע-ווען מיט סאָלדאַטען און זשאַנדאַרמען. די סטרייקערס האָבען בעשלאָסען צו מאַרשירען צום פּאַלאַסט פֿון גובערנאַטאָר און צו פֿאָדערן פֿון איהם, ער זאָל צוריקציהען די מיליטער. ווען די אונבעוואַפֿנעטע מאַסע איז אָנגע־קומען ביים פּאַלאַסט, האָבען די סאָלדאַטען פֿון דעם רעאַקציאָנערען פּאָלק פּאַוויאַ אָבגעפֿייערט אַ מערדערישע סאַלווע אויף די אַרבייטער. 57 סטריי־קערס זיינען באַלד געטויטעט געוואָרען אויף׳ן פּלאַץ, און אַן ערך 200 זיינען מעהר אָדער ווייניגער שווער פֿערוואונדעט געוואָרען. דיזעס שווערער־ליכע בלוט־באָד האָט געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק אויף די גאַנצע

שפּאַנישע אַרבייטער־בעפֿעלקערונג. דער האַס און צאָרן געגען די פֿערראָכער פֿון דיזען בלוטיגען פֿערברעכען איז געווען אונבעשרייבליך און אַ גרויסע צאָהל פֿון טעראָריסטישע אַקטען איז געווען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגע.

די פּעריאָדע פֿון 1888 ביז 1897 איז געווען אַ צייט פֿון שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען, הויפּטזעכליך אין דיביידע פּראָווינצען אַנדאַלוזיען און קאַטאַלאָניען. אַם 1טען מאַי 1890 האָט די אייראָפּעאישע אַרבייטער־קלאַסע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ טהייל פֿון איהר, פֿערזוכט צו פֿערווירקליכען דעם בעריהמטען בעשלוס פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּאַריזער קאָנגרעס אין 1889, און אין קיין לאַנד אין דער וועלט איז דער אָבקלאַנג פֿון דעם דאָזיגען בעשלוס ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי אין שפּאַניען. פּיעלע טויזענדער אַרבייטער האָבען פֿערלאָזען די פֿאַבריקען און פֿעלדער און אין די גרויסע שטעדט פֿון קאַטאַלאָניען איז דער שטילשטאַנד געווען אַ פֿאָלשטענדיגער. דער איינדרוק פֿון דיזער מעכטיגער בעוועגונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די רעגירונג האָט אויסגעמידען יעדע געלעגענהייט אַרויסצורופֿען צוזאַמענשטויסונגען מיט די אַרבייטער. דערפֿאַר אָבער איז דער 1טער מאַי 1891 געווען אַ בלוטיגער טאָג. דער אַנאַרכיסטישער געווערקשאַפֿטס־בונד „פֿעדעראַסיאָן דע רעסיסטענסיאַ אַל קאַפּיטאַל” האָט בעשלאָסען אויסצוקעמפֿפֿען דעם אַכט שטונדען אַרבייטס-טאָג און די רעגירונג האָט געמאַכט פּיעבערהאַפֿטע פֿאָרבערייטונגען. אין אַלע טהיילען פֿון שפּאַניען, איבערהויפּט אין קאַטאַלאָניען און אַנדאַלוזיען, האָבען שטאַטגעפֿונען בלוטיגע קעמפֿפֿע. אין באַרצעלאָנאַ האָט שטאַטגעפֿונען אַן אמת'ע גאַסען־שלאַכט און פּיעלע אַנאַרכיסטען זיינען דערשאָסען און אַרעסטירט געוואָרען.

נאָר אַם שרעקליכסטען זיינען די פֿערפֿאָלגונגען געווען אין אַנדאַלוזיען, דעם קלאַסישען לאַנד פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ” און אַנדערע פּאָליציי־קאָנספּיראַציעס. צום טראָץ פֿון די בלוטיגע פּאַסירונגען פֿון 1881, 1882 און 1883 האָט זיך די אַנאַרכיסטישע אַרבייטער־בעוועגונג אין אַנדאַלוזיען פֿון 1886 אָן ווידער זעהר שטאַרק ענטוויקעלט. אין דיזען יאָהר איז אַלפֿאָנזאָ דער 12טער געשטאָרבען, און די אַלגעמיינע אַמנעסטיע, וועלכע איז באַלד נאָך זיין טויט פּראָקלאַמירט געוואָרען, האָט איינעם פֿון די פּאָפּולערסטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען, פֿערמין סאַלוואָטשעאַ, געגעבען די מעגליכקייט צוריק צו קומען נאָך שפּאַניען. סאַלוואָטשעאַ איז געווען איינע פֿון די וואונדערבאַרסטע געשטאַלטען אין דער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע פֿון שפּאַניען. דאָס לעבען פֿון דיזען מאַן ערשיינט אונז ווי אַ פֿאַנטאַסטישער ראָמאַן פֿול מיט קעמפֿפֿע, ליידען, פֿערפֿאָלגונגען און

אויסערגעוועהנליכע פאַסירונגען. סאַלוואָטשעאַ איז געוועזן דער זוהן פֿון אַ רייכען קויפֿמאַן אין דער שטאָדט קאַדיס, און דער טויט פֿון זיינע עלטערן האָט איהם פֿערשאַפֿט אַ גרויסען פֿערמעגען פֿון עטליכע מיליאָן פעסעטאַס. אָבער דיזער ריינער און אידעאַלער כאַראַקטער האָט פֿערווענדעט אַלעס, וואָס ער האָט נור פֿערמאָגט פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. אין זיין יוגענד איז ער געוועזן אַ גליהענדער אָנהיינגער פֿון דער קאָמוניסטישער רעפובליק און האָט גענומען אַן אַקטיווען אָנטהייל אין אַלע רעפובליקאַנישע פֿערשווערונגען אין דער פראָווינץ אַנדאַלוזיען. מעהר ווי איינמאָל האָט ער איינגעשטעלט זיין לעבען און פֿרייהייט אין די בלוטיגע קעמפֿפֿע מיט דער קלעריקאַלער און מאָנאַרכיסטישער רעאַקציאָן און ער האָט איבערגעטראָגען אַלע ליידען און פֿערפֿאָלגונגען מיט אַ העלדישער ענערגיע. דער נאָמען פֿון דיזען מאַן איז געוועזן אַ פראָגראַם פֿאַר דאָס פֿאָלק פֿון אַנדאַלוזיען, די לעבעדיגע פֿערקערפערונג פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע האָפֿנונגען און שטרעבונגען פֿון די מאַסען. אין 1871 האָט מען איהם געוועהלט אַלס בירגערמייסטער פֿון זיין געבורטס־שטאָדט קאַדיס. אין 1873, ווען די קאָמונאַליסטישע רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען אין שפאַניען, איז סאַלוואָטשעאַ געוועזן דער מיליטערישער פֿיהרער פֿון די פֿעדעראַליסטען אין קאַדיס. נאָך דער נידערלאַגע פֿון די רעבעלען האָט ער זיך פֿרייוויליג איבערגעגעבען צו זיינע געגנער, אום צו ראַטעווען זיינע קאַמעראַדען. מען האָט איהם פֿעראורטהיילט צו אייביגער קאַטאָרגע אין איינע פֿון די שפאַנישע שטראָף־קאָלאָניען אין אַפֿריקאַ. אין 1884 האָט זיך איהם איינגעגעבען צו ענטלויפֿען. די שטאָדט פֿערוואַלטונג פֿון קאַדיס האָט שוין פֿריהער אויסגעפֿיהרט ביי דער רעגירונג, אַז מען זאָל „בעגנאַדיגען" איהר געוועזענעם בירגערמייסטער; אָבער סאַלוואָטשעאַ האָט צוריסען דעם בעגנאַדיגונגס-דאָקומענט און האָט ערקלערט, אַז ער וועט נור אָננעהמען די פֿרייהייט, ווען מען וועט אַמנעסטירען אַלע זיינע קאַמעראַדען, אָדער ווען עס וועט איהם געלינגען צו בעפֿרייען זיך דורך זיין אייגענע קראַפֿט. די צייט פֿון 1884 ביז 1886 האָט סאַלוואָטשעאַ פֿערבראַכט אין דער שטאָדט טאַנזשער אין מאַראָקאָ. ווען די אַלגעמיינע אַמנעסטיע האָט איהם אין 1886 ווידער ערלויבט צוריק צו קומען נאָך שפאַניען, איז ער עמפֿאַנגען געוואָרען פֿון דער בעפֿעלקערונג אין קאַדיס מיט אַן אונבעשרייבליכער בעגייסטערונג. דיזעס מאָל איז דער גרויסער רעוואָלוציאָנער צוריקגעקומען אַלס אַנאַרכיסט. די שריפֿטען פֿון באַקונין און קראָפאָטקין, וועלכע ער האָט פֿלייסיג שטודירט אין דער געפֿאַנגענשאַפֿט, האָבען איהם געפֿיהרט צום אַנאַרכיזם. באַלד ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געגרינדעט די

אַנאַרכיסטישע צייטשריפֿט „על סאָסיאַליזמאָ“ אין קאַדיס, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען איינפֿלוס אויף די פֿעלד־אַרבייטער פֿון אַנדאַלוזיען. דורך דעם מעכטיגען איינפֿלוס פֿון סאַלוואָטשעאַ'ס פּערזענליכקייט, האָט זיך די בעוועגונג ענטוויקעלט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער קראַפֿט. די רעגירונג האָט זיך דערשראָקען פֿאַר דיזער בעוועגונג און זי האָט באַלד ווידער אָנגעווענדעט איהרע אַלטע מיטלען, אום צו ברעכען דעם איינפֿלוס פֿון דער אַנאַרכיסטישער און סינדיקאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ. ביי יעדער פּאַסיגער און ניט פּאַסיגער געלעגענהייט האָבען שטאַטגעפֿונען מאַסען אַרעסטירונגען אין אַלע טהיילען פֿון אַנדאַלוזיען. מען האָט פֿערמאַכט די לאָקאַלען פֿון די אַרבייטער, די פֿרייע שולען און סינדיקאַטען און אונטערדריקט די אַנאַרכיסטישע פּרעסע. סאַלוואָטשעאַ'ס לעבען אין יענער צייט איז געווען איין איינציגער פּראָצעס; קוים וואָס עס האָט זיך געענדיגט איין פּראָצעס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ נייער און יעדער פּראָצעס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציע און אַ נייער אַגיטאַציאָנס־מיטעל פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ.

אַם 1טען מאַי 1890 האָבען סאַלוואָטשעאַ און זיינע פֿריינדע אָרגאַניזירט געוואַלטיגע רעוואָלוציאָנערע דעמאָנסטראַציאָנען פֿון די פֿעלד־אַרבייטער אין אַנדאַלוזיען. כדי דיזע דעמאָנסטראַציעס זאָלען זיך ניט נאָך אַמאָל ווידערהאָלען, האָט די פּאָליציי קורץ בעפֿאָר דעם 1טען מאַי 1891 אַרעסטירט סאַלוואָטשעאַ און אַסך פֿון זיינע קאַמעראַדען, אָבער זי האָט דערמיט דערגרייכט פּונקט דעם געגענהייל פֿון דעם, וואָס זי האָט געוואָלט אויספֿיהרען. איצטער האָט מען אָנגעהויבען אַרבייטען מיט אַנדערע מיטלען. באַלד נאָך דעם 1טען מאַי האָבען שטאַטגעפֿונען צוויי עקספּלאָזיאָנען אין דער שטאָדט קאַדיס. די איינע האָט געטויטעט אַן אַרבייטער, די אַנדערע האָט פֿערוואונדעט פֿיער יונגע לייט. די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט זאָפֿאָרט בעשולדיגט די אַנאַרכיסטען. סאַלוואָטשעאַ'ס צייטונג „על סאָסיאַליסמאָ“ האָט באַלד ערקלערט, אַז דיזע „אַטענטאַטען“ אויף אונשולדיגע מענשען זיינען די אַרבייט פֿון דער פּאָליציי. באַלד דערנאָך איז אַ גאַנצע מחנה פֿון פּאָליציסטען און שפּיאָנען אַריינגעדרונגען אין דער רעדאַקציאָן פֿון דער צייטונג, און מען האָט דאָרט „ענטדעקט“ צוויי באָמבען. יעדער מענש האָט געוואוסט, אַז די פּאָליציי האָט געפֿונען די באָמבען, וויל איהרע שפּיאָנען האָבען זיי אַליין אַוועקגעלייגט; פֿון דעסטוועגען האָט מען באַלד אַרעסטירט אַ גרויסע צאָהל אַנאַרכיסטען און שפּעטער מיט צוויי וואָכען איז אויך סאַלוואָטשעאַ ווידער אַרעסטירט געוואָרען. עהנליכע ערייגניסע האָבען שטאַטגעפֿונען אין דער שטאָדט כערעס דע לאַ פֿראָנטעראַ, וועלכע

איז שטענדיג געווען אַ צענטער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין אַנדאַלוזיען. דאָרטען האָט מען אין אויגוסט 1891 אַרעסטירט 157 אַנאַר-כיסטען, בעשולדיגענדיג זיי, אַז זיי בעלאַנגען צו אַ געהיימער טעראָריס-טישער אָרגאַניזאַציאָן.

דיזע שענדליכע פֿערפֿאָלגונגען האָבען אַרויסגערופֿען אַ ביטערען האַס צווישען די פֿעלד-אַרבייטער, וועלכער איז נאָך פֿערגרעסערט געוואָרען דורך אַ גרויסען עקאָנאָמישען קריזיס אין יענער צייט, פֿון וועלכען די אַרבייטער האָבען זעהר שטאַרק געליטען. זעהענדיג, אַז די פּאָליציי אונטערדריקט די עלעמענטאַרסטע רעכטע פֿון די אַרבייטער אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן, אָניוועגדענדיג די פֿערברעכערישסטע מיטלען, אום צו דערגרייכען איהר צוועק, האָבען עטליכע הונדערט פֿעלד-אַרבייטער בעשלאָסען צו בעפֿרייען זייערע געפֿאַנגענע קאַמעראַדען אין כערעס מיט געוואַלט. אין דער נאַכט פֿון 8טען יאַנואַר 1892 האָבען אַן ערך 500 אַרבייטער געמאַכט אַן אָנפֿאַל אויף די שטאָדט. מיט דעם געשריי: „עס לעבע די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן! עס לעבע די אַנאַרכיע!" זיינען זיי פּלוצלינג אַריינגעדרונגען אין כערעס. ביי די צוזאַמענשטויסונגען זיינען געטויטעט געוואָרען צוויי גרונד-בעזיצער און איין אַרבייטער. די סאָלדאַטען, ניט וויסענדיג ווי גרויס עס איז די צאָהל פֿון די רעבעלען, האָבען זיך צוערשט צוריקגעהאַלטען; פֿון דעסטוועגען האָבען די שלעכט בעוואַפֿענטע אַרבייטער נאָר געקענט אויספֿיהרען אַ טהייל פֿון זייער פּלאַן און איידער עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער טאָג, האָבען זיי זיך שטילערהייט צוריקגעצויגען. קיינער פֿון זיי איז ניט אַרעסטירט געוואָרען.

די ראַכע פֿון די גרונד-בעזיצער און די אָרגאַנען פֿון דער רעגירונג איז געווען אַ שרעקליכע. מען האָט באַלד אַרעסטירט אַ גרעסערע צאָהל פֿון גאַנץ אונשולדיגע אַרבייטער, און אין די צעלען פֿון דעם געפֿענגניס אין כערעס האָבען זיך אָבגעשפּיעלט דיזעלבע שוידערליכע סצענען ווי אין דער צייט פֿון דער „מאַנאָ נעגראַ" קאָנספּיראַציע און ווי שפּעטער אין די קאַזעמאַטען פֿון דער פֿערשאָלטענער פֿעסטונג מאָנטכואיטש. די אונגליקליכע געפֿאַנגענע האָבען געמוזט איבערטראָגען די בעסטיאַלע און אונמענשליכע גרויזאַמקייטען פֿון אַ נייער אינקוויזיציאָן; מען האָט זיי געמאַטערט אויף דעם שרעקליכסטען אופֿן, אום אַרויסצורייסען פֿון זיי אַלעם דאָס, וואָס די היינקער האָבען נור געפֿונען פֿאַר נייטיג.

אייניגע פֿון די געמאַטערטע זיינען געבליבען שטאַרק, טראָץ די שרעקליכע ליידען, וועלכע זיי האָבען דורכגעמאַכט; די היינקער האָבען פֿון זיי ניט געקענט אַרויסבעקומען אַ וואָרט. אָבער אַנדערע פֿון זיי זיינען ניט אימשטאַנד געווען איבערצוטראָגען די מורא'דיגע שמערצען און זיי

האָבען צולעצט צוגעגעבען אַלצדינג, וואָס די אינקוויזיטאָרען האָבען געפֿאָדערט. פֿעליקס גראַוואַלאָ, איינער פֿון די אַרעסטירטע, האָט ערקלערט, אַז די אַנאַרכיסטען קאַראָ און בוסיקי האָבען ערמאָרדעט די צוויי גרונד־בעזיצער; אַז די גענאָסען לאַמעלאַ און לעבריכאַנאָ האָבען אָנגעפֿיהרט די רעבעלען און אַז צוויי אַנדערע זיינען געווען די געהיימע פֿערמיטלער צווישען פֿערמין סאַלוואָטשעאַ און די פֿיהרער פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין כערעס. אייניגע פֿון די בעשולדיגטע זיינען געצוואונגען געוואָרען דורך שוידערליכע מאַטערניסען צו בעשטעטיגען גראַוואַלאָ'ס ערקלערונג. די ענדע איז געווען, אַז פֿיער פֿון די אָנגעקלאָגטע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט און פֿיער אַנדערע צו אייביגער קאַטאָרגע.

אַם 10טען פֿעברואַר 1892 זיינען די גענאָסען בוסיקי, לאַמעלאַ, סאַרסועלאַ און לעבריכאַנאָ געשטאָרבען אויף דער גאַראָטע. זיצענדיג אויף דער גאַראָטע, האָט סאַרסועלאַ אויסגעשריען מיט אַ שטאַרקער שטימע: „פֿאָלק פֿון כערעס! זאָל קיינער ניט זאָגען, אַז מיר זיינען געשטאָרבען ווי פֿייגלינגע! איך האָף, אַז איהר וועט נעהמען ראַכע פֿאַר אונז פֿון דיזער נייער אינקוויזיציאָן!" קאַראָ, איינער פֿון די, וועלכע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגער קאַטאָרגע, איז געשטאָרבען דעם טאָג נאָך דער הינריכטונג פֿון זיינע פֿיער קאַמעראַדען; מען האָט איהם אַזוי שרעקליך געמאַטערט, אַז זיין קערפער איז שוין מעהר ניט אימשטאַנד געווען צו ערהאָלען זיך פֿון די מורא'דיגע ליידען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט.

דאָס איז געווען דער ערשטער פראָצעס. דער פראָצעס פֿון די איבעריגע אָנגעקלאָגטע האָט ערשט שטאַטגעפֿונען מיט אַ יאָהר שפעטער, ווען דאָס קריעגס־געריכט איז זיך צום צווייטען מאָל צונויפֿגעקומען. וועהרענד דיזער צייט זיינען די געפֿאַנגענע בעהאַנדעלט געוואָרען אויף דעם גרויזאַמסטען אופן. וואָס פֿאַר מיטעל די היינקער האָבען אָנגעווענדעט, אום צו פֿעראורטהיילען די אונגליקליכע, איז בעוויזען געוואָרען דורך אַ בריעף פֿון מאַנועל דיאַס קאַבאַליעראָ,*) איינעם פֿון די אָנגעקלאָגטע. לויט דעם דאָזיגען בריעף איז דער מיליטער־ריכטער סיפריאַנאָ אַלבאַ געגאַנגען צו דער פֿרוי פֿון דיאַס קאַבאַליעראָ און האָט איהר געזאָגט, אַז איהר מאַן וועט בעפֿרייט ווערען, אויב זי וועט ערקלערען, אַז סאַלוואָטשעאָ האָט גראַוואַלאָ'ן געגעבען אַ בריעף פֿאַר איהם און אַז ער, דיאַס קאַבאַליעראָ, האָט אויפֿגעפֿאָדערט די רעבעלען פֿון כערעס צו צושטערען די טעלעגראַפֿישע פֿערבינדונגען. אין דערזעלבער צייט האָט דער אינקוויזיטאָר ערקלערט, אַז

*) Los Sucesos de Jerez, Barcelona 1893.

אויב זי וועט ניט ערפילען זיין וואונש, וועט מען איהר מאַן מאַטערן פון דאָס ניי. עס פערשטעהט זיך, אַז די אונגליקליכע פרוי האָט ערקלערט אַלעס, וואָס מען האָט נור געפאָדערט פון איהר, אום צו ראַטעווען איהר מאַן. פאַר'ן געריכט האָט דער הויפט־עדות, גראַוואַלאָ, ערקלערט, אַז אַלע בעשולדיגונגען זיינע זיינען געווען פאַלש און אַז מען האָט אָנגעווענדעט געגען איהם די שוידערליכסטע מיטלען פון דער אינקוויזיציאָן, אום אַרויס-צוּרייסען פון איהם די ערקלערונגען, וועלכע זיינע ריכטער האָבען געפאָדערט. נאָר זיינע ווערטער האָבען ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף די היינקער.

די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דיזען צווייטען פראָצעס איז געווען פטור צו ווערען פאַר אַ לאַנגע צייט פון פערמין סאַלוואָטשעאַ, דעם אונערמיד־ליכען און העלדישען פראָפּאַגאַנדיסט. סאַלוואָטשעאַ איז אַרעסטירט געוואָרען אין קאָדיס ניין מאָנאַטען בעפאָר דעם אויפשטאַנד אין כערעס; ער איז די גאַנצע צייט געזעסען אין געפענגניס און פאַלגליך האָט ער ניט געקענט נעהמען קיין אָנטהייל אין דעם אויפשטאַנד. אָבער ביי שפּאַנישע מיליטער־ריכטער שפּיעלען אַזעלכע קלייניגקייטען קיין ראָלע ניט. מען האָט איינפאַך ערקלערט, אַז סאַלוואָטשעאַ האָט אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד, זיצענדיג אין געפענגניס פון קאָדיס. אין קאָדיס גופא וואָלט זיך טאַקע ניט געפונען קיין ריכטער, וועלכער זאָל אָננעהמען אַזאַ אָנקלאַגע, דערפאַר האָט מען סאַלוואָטשעאַ געבראַכט פאַר די היינקער פון כערעס. סאַלוואָטשעאַ האָט געוואוסט, וואָס ער האָט צו ערוואַרטען, און ווען דער פּרעזידענט פון געריכט האָט געזאָגט צו איהם: „איהר זייט פערפליכטעט מיר צו זאָגען דעם אמת אויף אַלע פראַגען, וועלכע איך געה אייך שטעלען", האָט דער גרויסער רעבעל איהם געענטפערט מיט אַ שטאָלצער פעראַכטונג: „דיזער פּראָצעס איז ניט מעהר ווי אַ נידערטרעכטיגע קאָמעדיע און איך בין שוין פעראורטהיילט געווען, נאָך איידער איהר האָט מיך געצוואונגען צו ערשיי־נען פאַר אייך, פאָלגליך האָב איך אייך איבערהויפּט ניט וואָס צו ענטפערן."

דער סוף איז געווען, אַז צעהן פון די אָנגעקלאָגטע זיינען פעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגער קאַטאָרגע, זעקס פון זיי האָבען געקראָגען 15 יאָהר און סאַלוואָטשעאַ 12 יאָהר קאַטאָרגע.

יעדער האָט געוואוסט, אַז די אָפּפער פון דיזע ביידע בלוטיגע פּראָ־צעסען זיינען געווען אונשולדיג. זייער איינציגעס פערברעכען איז געווען, וואָס זיי האָבען בעלאַנגט צו דער אָרגאַניזאַציאָן פון די פעלד־אַרבייטער און אַז זיי זיינען געווען אָנהיינגער און פּראָפּאַגאַנדיסטען פון'ם אַנאַרכיזם.

* * *

דאָס שווידערליכע יוסטיץ־פערברעכען פון כערעס דע לאַ פראָנטעראַ האָט געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף דער שפּאַנישער אַרבייטער־בעוועגונג. די בריעף פון די געמאַטערטע, וועלכע זיינען פערעפענטליכט געוואָרען אין דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער־פּרעסע, האָבען אַרויסגערופען אַן אַלגעמיינעם געפיהל פון האַס און ראַכע געגען די אינקוויזיטאָרען און עס איז געוועזן אונפערמיידליך, אַז דיזע שטימונג האָט געמוזט געפינען אַ בלוטיגען אויסדרוק.

אַם 24טען סעפּטעמבער 1893 האָט דער אַנאַרכיסט פּאַולינאָ פּאַליאַס אויף דער גראַן וויאַ אין באַרצעלאָנאַ געשליידערט צוויי באָמבען אויף דעם גענעראַל מאַרטינעס קאַמפּאָס, דעם שפּאַנישען גאַליפע און איינעם פון די אַם מייסטען פערהאַסטע רעאַקציאָנערען אין שפּאַניען. מאַרטינעס קאַמפּאָס איז נור לייכט פערוואונדעט געוואָרען. עס וואָלט געוועזן אַ קלייניגקייט פאַר דעם אַטענטעטער צו בענוצען זיך מיט דעם אַלגעמיינעם פּאַניק און צו אַנטלויפען; אָבער פּאַליאַס איז געבליבען שטעהן אויף׳ן פּלאַץ, האָט זיין היטעל געוואָרפען אין דער לופטען און געשריען: „איך האָב עס געטהאָן! עס לעבע די אַנאַרכיע!״ דאָס קריעגס־געריכט האָט פּאַליאַס פערורטהיילט צום טויט. ער האָט אויסגעהערט זיין אורטהייל מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען און האָט עטליכע מאָל ערקלערט, אַז ער אַליין האָט בעגאַנגען זיין טהאַט און אַז קיין אַנדערער האָט ניט געוואוסט דערפון. אויף דעם וועג צום טויט האָט ער געזונגען דאָס הערליכע קאַמפּף־ליעד פון די שפּאַנישע אַנאַרכיסטען, און שטעהענדיג פאַר די ביקסען פון די זעלנער, האָט ער נאָך אויסגעשריען: „די ראַכע וועט זיין אַ שרעקליכע!״ דיזע ווערטער האָבען זיך באַלד דערוויזען ערפילט אויף אַ מורא׳דיגען אופן.

די רעגירונג האָט זיך ניט בענוגענט מיט דעם טויט פון פּאַליאַס. צעהנדליגע אַנאַרכיסטען זיינען אַרעסטירט געוואָרען און די היינקער האָבען זיי געמאַטערט אויף דעמזעלבען גרויזאַמען שטייגער ווי די אונשולדיגע אָפּפער פון כערעס. צווישען דיזע אונגליקליכע איז אויך געוועזן דער אַנאַרכיסט סאַנטיאַגאָ סאַלוואַדאָר, אַ פערזענליכער פריינד פון פּאַולינאָ פּאַליאַס. די גרויזאַמע און באַרבאַרישע מאַטערנישען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט אין די קאַזעמאַטען פון מאָנטכואיטש, האָבען ענטוויקעלט אין דעם האַרץ פון דעם אונגליקליכען גרויזאַמע און באַרבאַרישע געפיהלען, און אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי ער האָט פערלאָזען דאָס געפענגניס, האָט ער אַראָבגעשליידערט פון דער גאַלעריע פון׳ם ליסעאָ־טהעאַטער אין באַרצעלאָנאַ צוויי באָמבען אין דעם אונטערשטען צושויער־רוים, וועלכע האָבען געטויטעט און פערוואונדעט אַ גרעסערע צאָהל מענשען. די פאָלגען פון דיזען ווילדען אַקט

זיינען געווען שרעקליך. די פֿערטרעטער פֿון דער רעגירונג, דער גענעראַל ווייֿלער און דער גובערנאַטאָר לאַראָקאַ, האָבען באַלד פּראָקלאַמירט דעם קריעגס־צושטאַנד. אַלע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען זיינען צושטעהרט געוואָרען; די אַנאַרכיסטישע און סינדיקאַליסטישע פּרעסע איז אונטערדריקט געוואָרען און די צאָהל פֿון די אַרעסטירטע אַנאַרכיסטען איז געווען אַ גרויסע. דיזע אונגליקליכע, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין שום בעציהונג מיט דעם אַטענטאַט אין ליסעאָ־טהעאַטער, זיינען געמאַטערט געוואָרען אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן. מען האָט זיי געשפּאַלטען די ציינגער, פֿערקריפּעלט די געשלעכטס־טהיילען און זיי ניט געגעבען קיין וואַסער צום טרינקען, אום אַרויסצורייסען פֿון זיי דעם „אמת". איינער פֿון די אונגליקליכע, דער אַנאַרכיסט באָרראַס איז בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, דריי אַנדערע, בערניטש, אַלקאָי און נאַכער זיינען געשטאָרבען אונטער די הענד פֿון זייערע היינקער. כאָסע קאָדינאַ, אַ יונגער אַנאַרכיסט, כמעט נאָך אַ קינד, האָט ענדליך צוגעגעבען אונטער די שוידערליכסטע שמערצען, אַז ער האָט געוואָרפֿען די באָמבען און אַז ער האָט דערמיט אויסגעפֿיהרט דעם בעשלוס פֿון אַ געהיימער אָרגאַניזאַציאָן. קאָדינאַ און זיינע אונגליקליכע קאַמעראַדען האָבען גראַד געזאָלט ערשיינען פֿאַר'ן קריעגס־געריכט, ווען די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אין אַראַגאָן דעם ווירקליכען אַטענטעטער סאַנטיאַגאָ סאַלוואַדאָר. דאָס איז געווען ניין מאָנאַטען נאָך דעם אַטענטאַט. סאַלוואַדאָר האָט בעוויזען, אַז ער האָט ניט געהאַט קיינעם, וואָס האָט איהם געהאָלפֿען, אָדער וואָס האָט אפילו געוואוסט פֿון זיין פּלאַן; נאָר די היינקער האָבען פֿון דעסטוועגען ניט אַרויסגעלאָזט זייערע אונשולדיגע אָפּפֿער פֿון זייערע מערדערישע הענד. זיי האָבען איינפֿאַך געמאַכט אַ נייען פּראָצעס און דיזעלבע אונגליקליכע, וועלכע זיינען פֿריהער פֿון די אינקוויזיטאָרען דורך די ערגסטע און שענדליכסטע מאַטערנישען געצוואונגען געוואָרען זיך מודה צו זיין, אַז זיי האָבען אָרגאַניזירט און אויסגעפֿיהרט דעם אַטענטאַט אין ליסעאָ־טהעאַטער, זיינען איצט דורך דיזעלבע מיטלען געצוואונגען געוואָרען צו ערקלערען, אַז זיי האָבען גענומען אַן אָנטהייל אין דעם אַטענטאַט פֿון פּאַולינאָ פּאַליאַס אויף מאַרטינעס קאַמפּאָס.*) און וואָס איז געווען די ענדע פֿון דיזער בלוטיגער טראַגעדיע? זעקס פֿון די אָנגעקלאָגטע, די אַנאַרכיסטען סערסועלאַ, אַרטשס, סאַבאַט, קאָדינאַ, בערנאַט און סאָגאַס זיינען דערשאָסען געוואָרען; די פֿיער איבעריגע: מיראַליעס, מיר, קאַרבאָנעלל און ווילִיאַרוביאַס זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אייביגער קאַטאָרגע אין אַפֿריקאַ.

*) J. Montseny, El Proceso de un gran Crimen La Coruna 1895.

ווען די איינצעלהייטען פֿון דיזען בלוטיגען יוסטיץ־פֿערברעכען זיינען בעקאַנט געוואָרען, האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ שטורם פֿון האַס און פֿערצווייפֿלונג ביי דער אָרבייטער־בעפֿעלקערונג פֿון באַרצעלאָנאַ. דער אַרבייטער ראַמאָן מורולל האָט פֿערזוכט צו דערשיסען דעם היינקער לאַראָקאַ, דעם גובערנאַטאָר פֿון באַרצעלאָנאַ, אָבער ער האָט איהם נור לייכט פֿערוואונדעט אין פנים. מורולל איז באַלד אַרעסטירט געוואָרען צוזאַמען מיט נאָך צוויי אַרבייטער, וועלכע זיינען צופֿעליגערווייזע בעקאַנט געווען מיט איהם. מען האָט די דריי מענער געמאַטערט אויף אַזאַ שרעקליכען אופן, אַז איינער פֿון זיי איז באַלד נאָך זיין בעפֿרייאונג געשטאָרבען. מורולל גופא איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו 17 יאָהר קאַטאָרגע.

כאַראַקטעריסטיש איז געווען דער סוף פֿון סאַנטיאַגאָ סאַלוואַדאָר, דעם אייגענטליכען און איינציגען פֿעראורזאַכער פֿון דעם אַטענטאַט אין׳ם ליסעאָ־טהעאַטער. באַלד נאָך זיין אַרעסטירונג האָט ער ערקלערט די גלחים פֿון געפֿענגנים, אַז ער האָט שטאַרק חרטה אויף זיינע שרעקליכע פֿערברעכען און אַז ער ווינשט פֿון טיעפֿען האַרצען, די מוטער קירכע זאָל איהם צוריק אויפֿנעהמען אין איהר הייליגען שויס, כדי ער זאָל קענען שטאַרבען אַזוי ווי אַ פֿרומער קאַטהאָליק.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען די צופֿרידענהייט פֿון די יעזואיטען. די קלעריקאַלע פרעסע האָט אויסגעמאָלט דעם נס אין די גלענצענסטע קאָלירען. אין די בריעף, וועלכע דער יעזואיט גאָבערנאַ האָט פֿערעפֿענטליכט אין דער קלעריקאַלער צייטונג „דיאַראָ דע באַרסעלאָנאַ", האָט ער אָנגערופֿען דעם טעראָריסט „אונזער טהייערער סאַלוואַדאָר". אָבער דער טריאומפף פֿון די אינקוויזיטאָרען האָט זיך געענדיגט מיט אַ ביטערער ענטוישונג. אויף דעם וועג צום עשאַפֿאָט האָט סאַלוואַדאָר פלוצלינג אַראָבגעוואָרפֿען די מאַסקע. ער האָט אַ שפיי געטהאָן אויף דעם צלם פֿון דעם יעזואיט, וועלכער האָט איהם בעגלייט צום טויט און ערקלערט מיט אַ הויכער שטימע, אַז ער האָט נור געשפיעלט אַ קאָמעדיע מיט זיינע היינקער, אום אויסצומיידען די שרעקליכע גרויזאַמקייטען פֿון דער אינקוויזיציאָן. און עס האָט זיך איהם טאַקע איינגעגעבען. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „נידער מיט דער אינקוויזיציאָן! נידער מיט אַלע רעליגיאָנען!"

*

* *

פֿון דיזע שוידערליכע פֿערברעכען פֿון די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרען האָט מען אין אויסלאַנד כמעט קיין זאַך ניט געוואוסט. אייניגע אַנאַרכיסטישע בלעטער אין די ראָמאַנישע לענדער האָבען געבראַכט עטליכע קורצע בעריכטען, אָבער די אַלגעמיינע פרעסע איז געבליבען שטום.

אין שפאַניען גופא זיינען אפילו די שרעקליכסטע פערפאָלגונגען ניט אימשטאַנד געווען צו דערשטיקען די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג. באַלד נאָך דער שענדליכער ערמאָרדונג פון די זעקס אַנאַרכיסטען אין באַרצעלאָנאַ, האָבען זיך די גרופען ווידער רעאָרגאַניזירט און אין באַרצעלאָנאַ, מאַדריד, לאַ קאָרוניאַ א. ז. וו. האָבען ווידער אָנגעהויבען ערשיינען אַנאַרכיסטישע צייטונגען און בראָשורען.

די אַלגעמיינע לאַגע אין שפאַניען איז אין יענער צייט געווען זעהר אַ קריטישע. די בלוטיגע טיראַניי פון דעם פינסטערן הייגקער קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ האָט אַרויסגערופען אַ טיפע אונצופרידענהייט ניט בלויז ביי דער אַרבייטער־קלאַסע, נאָר אויך אין׳ם לאַגער פון די רעפובליקאַנער און דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. קאַנאָוואַס איז געווען דער אייגענטליכער פעראַנטוואָרטליכער פון דער שרעקליכער מלחמה אין קובאַ, וועלכע האָט איינגעשלונגען די יונגע לעבענס פון 300.000 שפאַנישע סאָלדאַטען און רואינירט דאָס לאַנד דורך אונגעהייערע אָבגאַבען. די פאָלגע פון דיזען מוראָ׳דיגען צושטאַנד זיינען געווען אַ גאַנצע רייהע פון אויפשטענדע און בעוואַפענטע רעוואָלטען אין אַלע טהיילען פון שפאַניען. דאָס פאָלק האָט געשטורמט די ברויט־מאַגאַזינען, פערברענט די צאָל־הייזער א. ז. וו. אין פיעלע שטעדט האָבען שטאַטגעפונען בלוטיגע שלאַכטען צווישען דער מאַסע און די מיליטער; אָבער די רעגירונג איז שטענדיג אימשטאַנד געווען צו אונטערדריקען די אונרוהען, צוליעב זייער ספאָנטאַנען און לאָקאַלען כאַראַקטער.

דער דיקטאַטאָר קאַנאָוואַס וואָלט שוין אין יענער צייט בעקומען דעם לוין פאַר זיינע בלוטיגע פערברעכען און נור אַ צופאַל האָט איהם דאַמאָלסט געראַטעוועט. דער אַנאַרכיסט פראַנסיסקאָ רואיס האָט איהם נעמליך ערוואַרטעט (1895) פאַר דעם רעגירונגס־פאַלאַסט מיט אַ באָמבע אין קעשענע; אָבער די באָמבע האָט געפלאַצט אין דער האַנד פון דעם אַטענטעטער און האָט איהם אַליין צוריסען.

* * *

אַם 7טען יוני 1896 האָט אַן אונבעקאַנטער געשליידערט אַ באָמבע אין אַ רעליגיעזע פראָצעסיאָן, וועלכע האָט דורכמאַרשירט די קאַליע דע קאָמביאָס נועוואַס אין באַרצעלאָנאַ. 6 פערזאָנען זיינען געטויטעט געוואָרען און 41 פערוואונדעט. קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער עס איז געווען דער פעראַנטוואָרטליכער פון דיזען ווילדען און וואַהנזיניגען אַקט; אָבער די פאָליציי האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט. די גאַנצע אַנאַרכיסטישע פרעסע אין שפאַניען האָט איינשטימיג ערקלערט, אַז די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג

האָט קיין שום בעציהונג צו דיזען אונזיניגען און גרויזאַמען אַקט, נאָר ווער האָט זיך צוגעהערט צו אַזעלכע ווערטער. מען האָט באַלד פּראָקלאַמירט דעם קריעגס-צושטאַנד; 380 מענשען, מייסטענטהיילס אַנאַרכיסטען, נאָר אויך רעפּובליקאַנער און פריידיינקער זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין גאַנץ קאַטאַלאָניען. אַ העלפט פון די אַרעסטירטע האָט מען פערשפּאַרט אין דעם אונטערשטען רוים פון אַ קריעגס-שיף, די איבעריגע אין די פייכטע קאַזעמאַטען פון מאָנטכואיטש. צווישען די געפאַנגענע זיינען געווען מענער און פרויען פון די פערשידענסטע סאָרטען: לעהרער פון פרייע שולען, אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען, סינדיקאַליסטען, מיטגלידער פון פריידיינקער-פעראיינען, רעפּובליקאַנער א. ז. וו. קיינער פון דיזע אונגליקליכע האָט ניט געהאַט די קלענסטע בעציהונגען צו דעם אַטענטאַט, קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער עס איז געווען דער פעראורזאַכער פון דיזען אַקט.*) די רעגירונג, האָט אַליין געוואוסט, אַז דיזע מענער זיינען אונשולדיג, אָבער זי האָט זיך בענוצט מיט דער טהייערער געלעגענהייט, אום זיך אָבצורעכענען מיט די פרייהייטליכע עלעמענטען.

איינינע מאָנאַטען זיינען אַריבער און מען האָט קיין זאַך ניט געהערט פון די געפאַנגענע. די ראַדיקאַלע פּרעסע איז געווען אונטערדריקט און די ווייניגע בלעטער, וועלכע זיינען נאָך ערשינען אויסער דער קלעריקאַלער פּרעסע, האָבען געמוזט שווייגען, אום ניט צו ריזיקירען זייער אונטערדריקונג. אָבער פּלוצלינג זיינען אין דער פראַנצויזישער פּרעסע ערשינען איינינע שרעקליכע בריעף. איינינע זיינען געשריבען געווען פון געפענגנים-וועכטער, אַנדערע פון די געפאַנגענע נופא. דער אינהאַלט פון דיזע מורא'דיגע בריעף איז געווען צו שוידערליך, צו אונגלויבליך; אָבער באַלד זיינען ערשינען נאָך אַנדערע דאָקומענטען, וועלכע האָבען קלאָר און דייטליך בעוויזען, אַז די בלוטיגע שאָטענס פון טאָרקוועמאַדאַ און עסקאָבאַר זיינען ווידער אויפגעשטאַנען תחית המתים אין די קאַזעמאַטען פון מאָנטכואיטש. אונטער דער לייטונג פון דעם זשאַנדאַרמען-אָפיציר נאַרסיסאָ פּאָרטאַס האָט מען די אונגליקליכע אָפּפער געמאַטערט אויף דעם שרעקליכסטען אופן, אום אַרויסצורייסען פון זיי די בעשטעטיגונג פון אַ פערברעכען, פון וועלכען קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט. מען האָט זיי אויסגעריסען די נעגעל פון די הענד און פיס; מען האָט געברענט זייערע קערפּערס מיט גליהענדע שטיקער אייזען; מען

*) דער ווירקליכער אַטענטעטער איז געווען אַ פראַנצויז מיט'ן נאָמען פראַנסאָאַ זשיראָל, וועלכער איז מיט עטליכע יאָהר שפּעטער געשטאָרבען אין אַמעריקאַ.

האָט צוזאַמענגעדריקט זייערע געשלעכטס-טהיילען, ביז וואַנען די הויט האָט געפּלאַצט און די אונגליק־ליכע האָבען פערלאָרען זייער מענליכקייט; מען האָט זיי אָנגעטהאָן אַן אייזערנע היטעל אויף׳ן קאָפּ און געלאָזט דורכגעהן אַ שטאַרקען עלעקטרישען שטראָם.

איינער פון די וועלכער האָט געשריבען אַ בריעף צו האַנרי ראָשפאָר*), אין וועלכען ער האָט אָנגעגעבען די נעמען פון די אינקוויזיטאָרען און די בעזונדערע אַרבייט פון יעדען ווי פאָלגט:

„כאָסע מאַיאַנס האָט די אויפגאַבע אָנצוטהון די געפאַנגענע יענע אינסטרומענטען, וועלכע זיינען בעשטימט צוזאַמענצודריקען דעם קאָפּ און אַרויסצוקוועטשען די אונטערע געשלעכטס-טהיילען. ער הייסט אויך די איבעריגע וועכטער שמייסען די געפאַנגענע מיט בייטשען, אום זיי צו צווינגען שטענדיג צו לויפען אַהין און צוריק אין זייערע צעלען אָהן שלאָף, אָהן עסען, אָהן טרינקען.

„מאַנועל קאַררעראַס האָט די אויפגאַבע אַריינצושטעקען גליהענדע שטיקלאַך אייזען אין די קערפּערס פון די געפאַנגענע.

„איטורסיאָ עסטאַרקי פערקריפּעלט די געשלעכטס-טהיילען פון די געפאַנגענע מיט שאַרפע שטיקלאַך האָלץ און גיטאַרען-סטרונעס. די נעמען פון די איבעריגע היינקער זיינען פעליקס קאַררען, ראַפאַעל מאַיאַנס, סירילאָ רואיס, לעאָן לאָגעס און באָטאַס".

עלף פון די אונגליקליכע זיינען געשטאָרבען אונטער די הענד פון זייערע היינקער. מען האָט זייערע טויטע קערפּערס אַריינגעפּאַקט אין זעק און זיי אַריינגעוואָרפען אין ים. איינינע אַנדערע האָבען ערקלערט אונטער די שווידערליכסטע שמערצען, אַז זיי זיינען שולדיג. אָבער ווען מען האָט זיי ענדליך געשטעלט פאַר׳ן קריעגס-געריכט, האָבען זיי צוריקגענומען זייערע ערקלערונגען, זיי האָבען אַראָבגעריסען זייערע קליידער און געצייגט די ריכטער זייערע שרעקליכע וואונדען. איינער פון זיי, לואיס מאַס, איז אַראָב פון זינען. דער אָנבליק פון די אונגליקליכע איז געווען אַזוי שרעקליך, אַז איינינע פון די אָפיצירען האָבען בעליידיגט די היינקער אויף דעם ערגסטען אופן און זיינען אַרויסגעטראָטען פון דער אַרמעע. פון דעסטוועגען האָט דער פּראָקוראָר ענריקאָ מאַרסאָ געזאָגט מיט אַ טייפלישען ציניזם: „איך פערמאַך מיינע אויגען פאַר דער פערנונפט און פאָדער דעם טויט פאַר 28 אָנגעקלאָגטע." פאַר אַלע איבעריגע האָט

---

*) L'Intransigeant 21 Decembre 1896.

דיזער בלוט־הונד, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבען אין אַ דול־הויז, גע־פּאָדערט אייביגע קאַטאָרגע.

דער סוף פון דיזער גרוישאַמער יוסטיץ־קאָמעדיע איז געווען, אַז דאָס געריכט האָט אַכט פון די אָנגעקלאָגטע פעראורטהיילט צום טויט. 40 האָבען בעקומען יעדער צו 20 יאָהר און 27 יעדער צו 8 יאָהר קאַטאָרגע; צוזאַמען הייסט עס 8 טויטעס־אורטהיילען און 1016 יאָהר קאַטאָרגע.

איינגע טעג נאָך דיזען שוידערליכען אורטהייל האָבען די צייטונגען בעריכטעט, אַז איינער פון די מיליטער־ריכטער, דער אָפיציר כואַן מאַראַלעס, האָט בעגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער מענש איז ביי איהם דאָך שטאַרקער געווען איידער די בעסטיע, און זיין געוויסען האָט איהם ניט ערלויבט לענגער צו לעבען.

דעם 4טען מאַי 1897 האָט מען דערשאָסען די אַנאַרכיסטען טאָמאַס אַשערי, לואיס מאַס, כאָסע מאָלאַס, כואַן אַלסינאַ און כאָסע נאָגעס. פאַר די אונגליקליכע אָפּפער פון דער אינקוויזיציאָן איז דער טויט געווען אַן ערלייזונג. זיי האָבען בעגריסט די קוילען פון די זעלנער מיט די ווערטער „נידער מיט די מערדער! נידער מיט די אינקוויזיטאָרען! עס לעבע די אַנאַרכיע!“ נאָגעס האָט אַליין קאָמאַנדירט „פייער!“

דער איינדרוק פון דיזען שענדליכען יוסטיץ־מאָרד איז געווען אַ געוואַלטיגער. אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ האָבען שטאַטגעפונען ריעזיגע פּראָטעסט־פערזאַמלונגען און די פּרעסע, איבערהויפּט די פראַנצויזישע, האָט געבראַנדמאַרקט די שפּאַנישע היינקער מיט גליהענדע ווערטער. דער נאָמען פון דער פערשאָלטענער פעסטונג מאָנטכואיטש, וועלכע האָט שוין געזעהן אַזוי פיעל מענשליכע ליידען און שמערצען, אַזוי פיעל בלוט און טרערען, האָט געשוועבט אויף אַלע ליפּען ווי אַ פינסטערע דראָהונג פון אַ ווילדער, באַרבאַרישער פערגאַנגענהייט, וועלכע האָט פּלוצלינג בעוויזען דער וועלט, אַז זי איז נאָך אַלץ ניט טויט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז גאַנץ אייראָפּאַ, די גאַנצע וועלט האָט זיך דערוואוסט פון די שוידערליכע פערברעכען פון דער מאָדערנער שפּאַנישער אינקוויזיציאָן; און דאָך איז די בלוטיגע טראַגעדיע פון מאָנטכואיטש מעהר ניט געווען ווי אַן איינצעלנער אַקט אין דער גרויסער און אַלגעמיינער טראַגעדיע, וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך די מערטירער־געשיכטע פון דער שפּאַנישער פרייהייטס־בעוועגונג.

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די איינצעלהייטען פון יענער געוואַלטיגער פּראָטעסט־בעוועגונג, וועלכע די טראַגעדיע פון מאָנטכואיטש האָט אַרויסגערופען אין גאַנץ אייראָפּאַ. אונטער דעם מאָראַלישען איינפלוס פון דער דאָזיגער בעוועגונג האָט אויך די ראַדיקאַלע און רעפּובליקאַנישע

פרעסע אין שפּאַניען גופא ווידער אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און אויפֿגענומען דעם קאַמפּף מיט די היינקער, צום טראָץ דעם נייען באַרבאַרישען געזעץ געגען די אַנאַרכיסטען, וועלכעס האָט דער רעגירונג זאָגאַר געגעבען די מעגליכקייט אַרויסצושיקען שפּאַנישע בירגער פֿון לאַנד, אויב זיי זיינען גע- ווען פֿערדעכטיג צו זיין אַנאַרכיסטען. אַכט-און-צוואַנציג געפֿאַנגענע, וועלכע מען האָט אפילו ניט געקענט שטעלען פֿאַר'ן קריעגס-געריכט, זיינען געווען די ערשטע אָפּפֿער פֿון דיזען מערדערישען געזעץ; צווישען זיי איז אויך געווען פֿראַנסיסקאָ גאַנאַ, איינער פֿון די אונגליקליכע, וועלכע זיינען אַם שרעקליכסטען געמאַטערט געוואָרען אין די קאַזעמאַטען פֿון מאָנטכואיטש.*)

---

*) גאַנאַ איז געווען איינער פֿון די העלדישסטע מענער, מיט וועלכע איך האָב זיך ווען בעגעגענט; אַן אייזערנער כאַראַקטער, פֿון וועלכען די היינקער האָבען ניט געקענט אַרויסרייסען אַ וואָרט. באַלד נאָך זיין ארעסטירונג האָט מען איהם אַכט טעג נאָכאַנאַנד אויסשליסליך געשפּייזט מיט שטאַרק געזאַלצענע פֿיש און איהם ניט געגעבען קיין טראָפּען וואַסער צו טרינקען. אין דערזעלבער צייט האָט מען איהם געצוואונגען צו מאַרשירען פֿיער טעג און פֿיער נעכט אַהין און צוריק אין זיין צעלע, ניט געבענדיג איהם קיין שום מעגליכקייט צו שלאָפֿען אָדער כאָטש זיך אָבצורוהען פֿאַר אַ ווילע. ווען דאָס האָט ניט געהאָלפֿען, האָט מען איהם געשמיסען מיט שטעקענס און ריטער. שפּעטער האָט מען איהם צוקוועטשט די געשלעכטס-אָרגאַנען מיט אייזערנע צוואַנגען. דער אונגליקליכער איז עטליכע מאָל געפֿאַלען אין חלשות. איינמאָל, ווען ער איז ווידער געקומען צו זיך, האָט ער בעמערקט, ווי דאָס בלוט גיסט זיך איהם פֿון די פֿיס. אויף דער ערד איז געלעגען אַן אָהל, מיט וועלכען די היינקער האָבען איהם אַריינ- געשטאָכען אין דאָס פֿלייש אונטער די נייגעל פֿון די פֿיס און וועלכען זיי האָבען פֿערגעסען צו געהמען מיט זיך. דער אונגליקליכער האָט געכאַפּט דעם אָהל און פֿערזוכט צו מאַכען זיך דעם טויט. די היינקער האָבען איהם געפֿונען אונמעכטיג אין זיין צעלע, ליגענדיג אין אַ טייך בלוט; אָבער זיינע וואונדען זיינען ניט געווען טויטליך און מען האָט איהם ביסלעכווייז אויסקורירט.

עטליכע טעג בעפֿאָר דעם אַטענטאַט פֿון אַדזשיאָלילאָ בין איך געזעסען מיט גאַנאַ און איניגע אַנדערע קאַמעראַדען אין דער וואוינונג פֿון אַ שפּאַנישען גענאָסע אין לאָנדאָן. גאַנאַ האָט אונז דערצעהלט די געשיכטע פֿון זיינע שרעקליכע ליידען און האָט זיך צולעצט אויסגעטהאָן נאַקעט פֿאַר אונז, אום אונז צו צייגען זיין אָרע- מען, מיסהאַנדעלטען קערפּער און די שרעקליכע סמנים פֿון די שוידערליכע מאַטע- רייען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט. איך וועל דעם אָנבליק קיינמאָל ניט פֿער- געסען אין מיין לעבען: קיינער פֿון אונז האָט ניט גערעדט אַ וואָרט, אָבער אין אונזערע

די שווידערליכע איינצעלהייטען פֿון דיזען מאָנסטער־פֿערברעכען פֿון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע, די הערצרייסענדע בריעף פֿון די אָפּפֿער, די ערקלעהרונגען פֿון די דאָקטוירים א.ז.וו. קען מען געפֿינען אין דער ליבע־ראַלער און סאָציאַליסטישער פרעסע פֿון אַלע לענדער און אין אַ גאַנצע רייהע פֿון ביכער און בראָשורען, וועלכע זיינען אין יענער צייט ערשינען אין די מייסטע אייראָפּעאישע שפּראַכען. צוויי פֿון די אַלע שריפֿטען פֿער־דיענען, אַז מען זאָל זיי בעזונדערס דערמאָנען: דאָס בוך פֿון טאַררידאַ דעל מאַרמאָל, וועלכעס איז ערשיענען אין פֿראַנצויזיש,*) און אַ שריפֿט פֿון 204 זייטען, וועלכע די גענאָסען פֿון לאַ קאָרוניאַ האָבען אַרויסגעגעבען געהיים אין שפּאַניען גופא.**) ביידע שריפֿטען ענטהאַלטען אַ פֿאָלשטענ־דיגע און סיסטעמאַטישע צוזאַמענשטעלונג פֿון אַלע בריעף און דאָקומענטען און די גאַנצע געשיכטע פֿון יענעם בלוטיגען יוסטיץ־פֿערברעכען. דאָס לעצטע בוך איז ערשיענען אין מיטען דער ערגסטער רעאַקציאָן. כאָסע פּראַט און ריקאַרדאָ מעליאַ, צוויי פֿון די פֿעהיגסטע און איבערגעבענסטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען געווען די אַרויסגעבער.

* * *

די שרעקליכע טראַגעדיע פֿון מאָנטכואיטש האָט געמוזט געפֿינען אַ בלוטיגען ענטפֿער. די גרויזאַמע פֿערברעכען פֿון אַ ווילדער רעאַקציאָן, וועלכע האָבען פֿעראורזאַכט אַזוי פֿיעל שמערצען און טרערען אין גאַנץ שפּאַניען, האָבען געמוזט אַרויסרופֿען די ראַכע פֿון דער בעליידיגטער מענש־הייט. דעם 6טען אויגוסט, 1897, האָט דער אַנאַרכיסט מיגעל אַנדושיאָ־לילאָ דערשאָסען דעם פֿינסטערען היינקער קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ אין סאַנטאַ אַגועדאַ. קאַנאָוואַס איז געווען דער קאָפּ פֿון דער אינקוויזיציאָן, די פֿערקערפּערונג פֿון דער שענדליכסטער טיראַניי, דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון אַלע רעאַקציאָנערע פֿערברעכען זייט דעם אונטערגאַנג פֿון דער שפּאַנישער רעפּובליק. אַנדושיאָלילאָ, דער בעל נקמה פֿאַר אַלע ליידען און שמערצען, וועלכע דאָס שפּאַנישע פֿאָלק האָט דורכגעמאַכט אונטער דער בלוטיגער הערשאַפֿט פֿון דעם היינקער קאַנאָוואַס, האָט אפילו ניט פֿערזוכט צו אַנט־

---

הערצער האָט עס געקאָכט ווי אין אַ וואולקאַן. אין אַזעלכע מאָמענטען בעגרייפֿט מען ערשט ריכטיג, וואָס עס איז אַזוינס האַסען.

גאַנאַ איז שפּעטער שטילערהייט צוריקגעפֿאָהרען נאָך שפּאַניען, אָבער זיין גע־זונדהייט איז געווען רואינירט און ער איז ניט לאַנג דערנאָך געשטאָרבען.

*) F. Tarrida del Marmol, Les Inquisiteurs d'Espagne, Paris 1897.

**) La Barbarie Gubernamental en Espana.

לויפֿען. ער האָט זיך רוהיג געלאָזט אַרעסטירען און האָט ערוואַרטעט דעם טויט מיט אַ העלדישען מוטה. פֿאַר דעם קריעגס־געריכט אין וועראַקראַ האָט ער געבראַנדמאַרקט מיט פֿלאַמענדע ווערטער די בלוטיגע פֿערברעכען פֿון קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ. ניט אַלס אַן אָנגעקלאָגטער, נאָר אַלס אַן אָנקלעגער איז ער געשטאַנען פֿאַר זיינע ריכטער און האָט זיי צוגערופֿען די שניידענדע ווערטער:

„דאַמאָלסט, מיינע העררען, האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין, אַז דיזע שוידערליכע פֿערברעכען מוזען בעשטראָפֿט ווערן. איך האָב געזוכט אויסצוגעפֿינען די יעניגע, וועלכע זיינען פֿעראַנטוואָרטליך געווען פֿאַר דיזע גרויל־טהאַטען. הינטער די פּאָליציסטען און היינקער, וועלכע האָבען געמאַטערט די געפֿאַנגענע, הינטער די אָפֿיצירען, וועלכע האָבען געשפּיעלט די ראָלע אַלס ריכטער, האָב איך דערזעהן דעם מאַן, וועלכער האָט געגעבען דעם בעפֿעהל צו די אַלע האַנדלונגען. און איך האָב געפֿיהלט אין זיך אַן אונבעזיעגבאַרען האַס געגען דיזען שטאַאַטס־מאַן, וועלכער האָט רעגירט דורך דעם שרעק און דער אינקוויזיציאָן, געגען דיזען מיניסטער, וועלכער האָט אַוועקגעשיקט טויזענדער און טויזענדער יונגע סאָלדאַטען אויף די שלאַכט־פֿעלדער פֿון קובאַ, געגען דיזען הערשער, וועלכער האָט דאָס שפּאַנישע פֿאָלק אַראָבגעשליידערט אין אַן אָבגרונד פֿון עלענד, אַ פֿאָלק, וועלכעס וואָלט געקענט לעבען אַזוי גליקליך אין דיזען לאַנד פֿון פֿרוכטבאַרקייט און רייכטהום; געגען דיזען ירוש פֿון קאַליגולאַ און נעראָ, דיזען נאָכפֿאָלגער פֿון טאָרקוועמאַדאַ, דיזען בלוטיגען קאָנקורענט פֿון סטאַמבולאָוו און אַבדול האַמיד! און איך בין שטאָלץ, איך בין גליקליך, וואָס איך האָב איהם אַוועקגעראַמט פֿון דער ערד, דיזען אונמענש קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ! — מיינע העררען, איז עס אַ שלעכטע טהאַט צו טויטען אַ טיגער, וועלכער צורייסט מיט זיינע נעגעל אַ מענשליכע ברוסט? איז עס אַ פֿערברעכען צו פֿערניכטען אַ גיפֿטיגע שלאַנג? קאַנאָוואַס האָט פֿערניכטעט מעהר מענשען ווי הונדערט טיגערס און טויזענד שלאַנגען! ער האָט פֿערקערפּערט אין זיך די רעליגיעזע ווילדקייט, די מיליטערישע ברוטאַליטעט, די קליינליכקייט פֿון דער ביוראָקראַטיע, די טיראַניי פֿון דער עפֿענטליכער מאַכט און די גיריגקייט פֿון די בעזיצענדע קלאַסען. איך האָב שפּאַניען בעפֿרייט פֿון איהם, אייראָפּאַ, די גאַנצע וועלט! אָט דערפֿאַר בין איך קיין מערדער, זאָנדערן אַ ווערקצייג פֿון דער גערעכטיגקייט!"

דאָס קריעגס־געריכט האָט אַנדזשיאָלילאָ פֿעראורטהיילט צום טויט. ער האָט אויסגעהערט זיין אורטהייל רוהיג און געלאַסען און מיט דערזועל־

בער רוהיגקייט איז ער געשטאָרבען אויף דער גאַראָטע. זיין לעצטעס וואָרט איז געווען: „זשערמינאַל!"

פערצעהן טעג נאָך אַדזשיאַלילאָ'ס אַטענטאַט אויף קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ האָט דער רעפּובליקאַנער ראָמאַן סעמפּאַו געשאָסען אויף דעם היינקער פּאָרטאַס, דעם קאָפּ פון דער אינקוויזיציאָן אין מאָנטכואיטש. פּאָרטאַס איז נאָר לייכט פערוואונדעט געוואָרען. דאָס קריעגס-גערינכט האָט אויך סעמפּאַו פעראורטהיילט צום טויט; אָבער צוליעב אַ פאָרמעלען פעה-לער האָט שפּעטער שטאַטגעפונען אַ נייער פּראָצעס פאַר אַ ציוויל-געריכט אין באַרצעלאָנאַ. דאָרטען האָט מען סעמפאַו פרייגעשפּראָכען, ווייל די געשוואָרענע האָבען ערקלערט, אַז עס איז ניט קיין פערברעכען צו דער-שיסען אַ מענשליכע בעסטיע ווי פּאָרטאַס.

* * *

די הינריכטונג פון קאַנאָוואַס דעל קאַסטיליאָ איז געווען דער אָנפאַנג פון אַ נייער פּעריאָדע. קאַנאָוואַס איז געווען דער קאָפּ פון דער רעאַקציאָן און זיין טויט האָט געווירקט אויף זיינע אָנהייגער ווי אַ דונער. דאָס נייע ליבעראַלע מיניסטעריום האָט געפיהלט דעם מעכטיגען דרוק פון דער עפענטליכער מיינונג און איז אָנגעגאַנגען מיט אַ מילדערערע טאַקטיק. די אַרויסגעשיקטע קאַמעראַדען זיינען צוריק נאָך שפּאַניען און אין 1898 איז שוין ווידער ערשינען די ערשטע אַנאַרכיסטישע צייטשריפט אין שפּאַ-ניען, די „רעוויסטאַ בלאַנקאַ", אָבוואָהל דאָס אויסנאַהמע-געזעץ געגען די אַנאַרכיסטען האָט נאָך אַלץ עקזיסטירט; אָבער עס איז מעהר ניט געווען ווי אַ טויטער בוכשטאַב. די בעוועגונג האָט זיך ביסלעכווייז ווידער רעאָר-גאַניזירט; די רעוואָלוציאָנערע סינדיקאַטען האָבען זיך צוריק אויפגעבויט, און די ערשטע פאָדערונג פון דער נייער בעוועגונג איז געווען די בעפריי-אונג פון די געפאַנגענע. אין 1899 האָבען זיך אויפגעעפענט די טהירען פון די געפענגניסע פאַר די פעראורטהיילטע מערטירער פון מאָנטכואיטש. אויך פערמין סאַלוואָטשעאַ האָט פערלאָזען דאָס געפענגניס און באַלד דערויף האָט זיך די בעוועגונג מעכטיג ענטוויקעלט. אין 1900 האָט שטאַט-געפונען אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער-קאָנגרעס אין מאַדריד, וואו די נייע אַנאַרכיסטיש-סינדיקאַליסטישע פעדעראַציאָן, די „פעדעראַסיאָן רעגיאָנאַל דע טראַבאַכאַדאָרעס" איז געגרינדעט געוואָרען, וועלכע האָט באַלד געהאַט 52,000 אָרגאַניזירטע מיטגליעדער.

אין מאָנאַט מאַי 1901 האָבען אין לאַ קאָרוניאַ שטאַטגעפונען בלוטיגע פאַסירונגען. דאָרטען האָט די גאַרדיאַ סיוויל דערשאָסען 8 אַרבייטער און פערוואונדעט העכער 50, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון דער לויה פון אַ

קאַמעראַד, וועלכער איז דערשאָסען געוואָרען פֿון די זשאַנדאַרמען אין אַ סטרייק. דיזעס נייע פֿערברעכען האָט אַרויסגערופֿען אַ גרויסע אויפֿרעגונג אין גאַנץ שפּאַניען, און די בעוועגונג האָט זיך ענטוויקעלט מיט אַ ריעזיגער געשווינדקייט. אין 1902 האָט שטאַטגעפֿונען דער גרויסער גענעראַלסטרייק פֿון באַרצעלאָנאַ, אום צו העלפֿען די סטרייקענדע מעטאַל־אַרבייטער. אַן ערך 100,000 אַרבייטער פֿון אַלע פֿאַכען זיינען אַרויס אין סטרייק. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז איירָאפּאַ האָט געזעהן אַזאַ בעוועגונג, און פֿון דאַמאָלסט אָן האָט די גענעראַל־סטרייק אידעע ערשט בעקומען אַ פּראַקטישע בעדייטונג. באַלד דערנאָך האָבען שטאַטגעפֿונען די רעוואָלו־ציאָנערע גענעראַלסטרייקס אין רעאוס, סאַבאַדעל, כיכאָן, סעווילִיאַ, ביל־באַאָ א. ז. וו. די מייסטע פֿון דיזע בעוועגונגען האָבען די אַרבייטער פֿערשאַפֿט בעדייטענדע עקאָנאָמישע פֿערבעסערונגען. עס איז נייטיג צו בעמערקען, אַז דיזע אַלע קעמפֿע זיינען אויסשליסליך אָנגעפֿיהרט געוואָרען פֿון די אַנאַרכיסטען; די שפּאַנישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע איז אין אַלגעמיין זעהר שוואַך ענטוויקעלט, האָט זיך געהאַלטען פֿיינדליך צו אַלע דיזע בעוועגונגען.

די אַנאַרכיסטישע פּרעסע האָט זיך אין דיזער צייט אונגעהייער ענט־וויקעלט. די „טיעררא אי ליבערטאַד" האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין אַ טעגליכע צייטונג און אויסערדעם האָבען נאָך עקזיסטירט דריי זשורנאַלען און 26 וועכענטליכע אַנאַרכיסטישע צייטונגען.

ווען אַלפֿאָנסאָ דער 13טער איז אַרויף אויף'ן שפּאַנישען טהראָן, האָט די קלעריקאַלע און מאָנאַרכיסטישע רעאַקציאָן ווידער אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ. דער יונגער קעניג איז געווען פֿאַלשטענדיג אין די הענד פֿון די יעזואיטען און אונטער זייער איינפֿלוס האָט ער זיך אויסגעקליבען די רע־אַקציאָנערסטע מיניסטאָרען מיט דעם הייזקער מאַוראַ אָן דער שפּיצע. באַלד האָבען זיך אָנגעהויבען נייע פֿערפֿאָלגונגען אין אַלע טהיילען פֿון שפּאַניען.

די שפּאַנישע קאָנסטיטוציע גיט דעם פֿאָלק אפילו אַסך פּאָליטישע רעכטע און פֿרייהייטען, אָבער ביי דער קלענסטער געלעגענהייט, ווען די רעאַקציאָן פֿיהלט זיך שטאַרק, הויבט מען אויף די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיען אין גאַנצע פּראָווינצען און פּראָקלאַמירט דעם קריעגס־צושטאַנד. אויסער ענגלאַנד גיט עס ניט קיין לאַנד אין איירָאפּאַ, וואו מען קען אַזוי פֿריי רעדען און שרייבען ווי אין שפּאַניען; אָבער אויב די רעגירונג וויל נור, קען זי שטעלען יעדען שרייבער אָדער רעדנער פֿאַר אַ קריעגס־געריכט — אורזאַכען געפֿינט מען לייכט — און דער אָנגעקלאָגטער ווערט פֿעראורטהיילט צו צעהן, פֿופֿצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע.

אונטער דער הערשאַפֿט פֿון אַלפֿאָנסאָ דעם 13טען און מאַוראַ זיינען פֿאָרגעקומען אַסך אַזעלכע יוסטיץ-פֿערברעכען. די שטאַרקע ענטוויקלונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער אַרבייטער-בעוועגונג, די געוואַלטיגע עקאָנאָמישע קעמפֿע, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען אין אַלע טהיילען פֿון שפּאַניען, דאָס אַלעס האָט אַרויסגערופֿען ביי די רעאַקציאָנערען דעם בעשלוס צו מאַכען אַ נייעם פֿערזוך, אום צו דערשטיקען די בעוועגונג. מיר האָבען געזעהן וואָס דאָס מיינט.

אין 1903 האָט זיך ווידער אָבגעשפּילט איינע פֿון יענע שוידערליכע טראַגעדיעס, אין וועלכע די געשיכטע פֿון דער שפּאַנישער פֿרייהייטס-בעוועגונג איז לײדער אַזוי רייך. דאָס מאָל איז אַנדאַלוזיען ווידער געוועזען דער פּלאַץ פֿון די בלוטיגע פּאַסירונגען. דעם 1טען אויגוסט זיינען די פֿעלד-אַרבייטער פֿון דעם דערפֿעל אַלקאַלאַ דעל וואַליע אַרויס אין סטרייק. דער סטרייק איז זיך אָנגעגאַנגען גאַנץ רוהיג, ביז די זשאַנדאַרמען (גאַרדיאַ סיוויל) האָבען פּלוצלינג אָנגעהויבען שיסען אויף אַ גרופּע אַרבייטער אָהן אַ שום אורזאַכע. איין אַרבייטער איז געטויטעט און עטליכע אַנדערע זיינען מעהר אָדער ווייניגער שווער פֿערוואונדעט געוואָרען. דיזע ברוטאַלע מערדעריי האָט, פֿערשטעהט זיך, אַרויסגערופֿען אַ געפֿעהרליכע אויפֿרעגונג ביי די אַרבייטער; זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אויף די בעוואָפֿענטע מערדערס און נאָך אַ קורצען קאַמפּף האָט מען ביי די זשאַנדאַרמען אָבגענומען זייערע ביקסען. צוויי פֿון זיי זיינען ביי דיזער געלעגענהייט פֿערוואונדעט געוואָרען. באַלד דערנאָך איז אָנגעקומען מיליטער און אין פֿערלויף פֿון עטליכע שטונדען צייט זיינען 94 מענער און פֿרויען אַרעסטירט געוואָרען. מען האָט די אונגליקליכע איינגעשפּאַרט אין אַ רוים, וועלכער איז צו קליין געוועזען פֿאַר דרייסיג פּערזאָן, און באַלד דערנאָך האָבען זיך אָבגעשפּילט שרעקליכע סצענען. פֿאַר מיר ליגט דער שפּאַנישער אָריגינאַל פֿון אַ קאָלעקטיווער ערקלערונג פֿון די אונגליקליכע געפֿאַנגענע פֿון אַלקאַליאַ דעל וואַליע, אין וועלכער זיי דערצעהלען דער וועלט זייערע שוידערליכע ליידען און פֿאָדערן הילפֿע און גערעכטיגקייט. די דאָזיגע ערקלערונג איז מיט צוויי מאָנאַטען שפּעטער אַרויסגע׳גנב׳ט געוואָרען פֿון דעם געפֿענגניס אין ראָנדאַ, זי איז אונטערגעשריבען מיט די נעמען פֿון די אונגליקליכע און פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דער גאַנצער ראַדיקאַלער פּרעסע אין שפּאַניען און שפּעטער אין אויסלאַנד. עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען דעם גאַנצען דאָקומענט, מיר מוזען זיך בענוגען מיט עטליכע אויסציגע:

סאַלוואַדאָר מולעראָ מעדינאַ האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון בעט, ניט אַכטענדיג אויף דעם פֿערצווייפֿעלטען געוויין פֿון זיין פֿרוי און קינדער. אין

געפּענגנים האָט מען דעם אונגליקליכען אַזוי מערדערליך געשלאָגען, אַז ער איז געפֿאַלען אויף דער ערד אַזוי ווי אַ טויטער. אום צו דערגעהן פֿון איהם דעם „אמת", האָבען איהם די זשאַנדאַרמען צוגעבונדען ביי די געשלעכטס-טהיילען מיט אַ שטריקעל און אַזוי לאַנג געצויגען, ביז מען האָט איהם אָבגעריסען די אונטערע געשלעכטס-אָרגאַנען און איהם פֿאַר אוים מאַן געמאַכט.

בואַן וואַגעס גאַווילאַן, אַ קראַנקער מאַן, איז פֿון די הייקער אַזוי שרעקליך געשלאָגען געוואָרען מיט גראָבע שטעקענס, אַז זיין גאַנצער קערפּער איז געוואָרען איין וואונד.

בעניטאָ כימענעס אַלוואַרעס איז שרעקליך געשלאָגען געוואָרען. נאָכדעם האָט מען איהם די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנד לאַנגזאַם צוקוועטשט מיט אייזערנע שרויפֿען.

כאָסע פערעס אַלוואַרעס איז געמאַטערט געוואָרען אויף דעם זעלבען אופן. אויך האָט מען איהם געשלעפּט ביי די אונטערע געשלעכטס-אָרגאַנען מיט אַ שטריק. איינער פֿון די הייקער האָט איהם אַ ביס געטהאָן אין האַלז.

איינע פֿון די אַרעסטירטע פֿרויען, וועלכע איז הויך שוואַנגער געווען, האָבען די הייקער אַזוי לאַנג מיט אַ שטעקען געשלאָגען אויף דעם נאַקעטען לייב, ביז זי האָט גע'מפּיל'ט.

די מורא'דיגע ערקלערונג פֿון די אונגליקליכע ענדיגט זיך מיט די פֿאָלגענדע ווערטער: „עס איז אונמעגליך פֿאַר אונז אויסצורעכענען אַלע שענדליכקייטען און מאַרטערייען, וועלכע די אינקוויזיטאָרען פֿון אַלקאַלאַ דעל וואַליע האָבען אָנגעווענדעט געגען אונז. עס איז גענוג אייך צו פֿערזיכערן, אַז פֿון די 94 מענער און פֿרויען, וועלכע שמאַכטען אין דעם געפּענגנים פֿון ראָנדאַ, איז וואַהרשיינליך ניטאָ קיין איינציגער, וועלכער איז ניט געמאַטערט געוואָרען אויף דעם גרוזאַמסטען אופן, ניט איינער, אויף וועמענס קערפּער איהר וועט ניט געפֿינען די סימנים פֿון די שרעקליכע מאַטערייען. אין אַלקאַלאַ דעל וואַליע האָט מען אונז אַלע צוזאַמען פֿערשפּאַרט אין איין רוים, וואו עס איז קוים געווען פּלאַץ פֿאַר דרייסיג מענשען. מיר זיינען געווען פֿערפּאַקט אַזוי ווי הערינג אין אַ פֿאַס. צווישען אונז איז אַ שוואַנגערע פֿרוי מפּיל געווען; אַ זשאַנדאַרם האָט אַרויסגענומען דעם מפּיל און איהם אַריינגעוואָרפֿען אין אַן אָבטריט. פֿיעלע מענער און פֿרויען זיינען געפֿאַלען אין חלשות און געלעגען אונמעכטיג שטונדען און שטונדען; אַנדערע זיינען געווען אין געפֿאַהר, אַז מען וועט זיי דערשטיקען. ווען מיר האָבען געבעטען, אַז מען זאָל אונז אַרויסלאָזען פֿון אונזער

מאַטער-קאַמער, האָט אונז אַ זשאַנדאַרם געענטפֿערט, אַז מען וועט נאָך אַריינ-פּאַקען צו אונז אַזוי פֿיעל מענשען, ביז דער רוים וועט זיין אָנגעפֿילט ביז צום דעק. אַ גאַנצע וואָך האָבען מיר פֿערבראַכט אין דיזען שוידערליכען צושטאַנד און יעדען טאָג האָט מען אונז געמאַטערט. ערשט דעם 9טען אויגוסט האָט מען אונז אַריבערגעפֿיהרט אין דאָס געפֿענגניס פֿון ראָנדראַ, וואו מיר געפֿינען זיך איצטער."

עס האָט גענומען אַ געוויסע צייט, איידער די שוידערליכע איינצעל-הייטען פֿון דיזער נייער טראַגעדיע זיינען אַלגעמיין בעקאַנט געוואָרען; אָבער דאַן האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ שטורם פֿון צאָרן און פֿעראַכטונג געגען די שפּאַנישע היינקער. דאָס קריעגס-געריכט פֿון סעוויליאַ האָט אַכט פֿון די אָנגעקלאָגטע פֿעראורטהיילט צו אייביגע קאַטאָרגע און דרייצעהן אַנדערע יעדען צו פֿיער יאָהר קאַטאָרגע, אָבוואָהל די ריכטער האָבען זעהר גוט געוואוסט, אַז די פֿעראורטהיילטע זיינען אונשולדיג. די ערשטע פֿאָדערונג פֿון דער נייער פּראָטעסט-בעוועגונג איז געווען די בע-פֿרייאונג פֿון די אונגליקליכע. די רעגירונג פֿון די אינקוויזיטאָרען איז צוערשט געבליבען שטום און טויב פֿאַר דיזע פֿאָדערונג; אָבער אַם 13טען אַפּריל 1904 האָט אַ יונגער סקולפּטאָר, דער אַנאַרכיסט מיגעל אַרטאַל פֿערזוכט צו דערשטעכען דעם מיניסטער מאַורא. דער תיינקער איז נור לייכט פֿערוואונדעט געוואָרען, פֿון דעסטוועגען האָט ער באַלד דערנאָך „בעגנאַדיגט" די אָפּפֿער פֿון אַלקאַלאַ דעל וואַליע. אַרטאַל איז פֿעראור-טהיילט געוואָרען צו 17 יאָהר קאַטאָרגע. פֿאַר דעם קריעגס-געריכט האָט ער אויסדריקליך ערקלערט, אַז ער האָט געוואָלט נעהמען ראַכע פֿאַר די אונגליקליכע אָפּפֿער פֿון אַלקאַלאַ דעל וואַליע*).

אויך דאָס אַטענטאַט אויף אַלפֿאָנסאָ דעם 13טען אַם 31טען מאַי 1905 אין פּאַריז איז העכסט וואַהרשיינליך געווען די פֿאָלגע פֿון יענעם גרויזאַמען יוסטיץ-פֿערברעכען. די פֿראַנצויזישע פּאָליציי האָט דאַמאָלסט אַרעסטירט די אַנאַרכיסטען שאַרל מאַלאַטאָ, פּעדראָ וואַלינאַ, האַרווי און קאָסאַנעל, אָבער די עפֿענטליכע מיינונג איז געווען אַזוי פֿערביטערט אויף די שפּאַנישע היינקער, אַז דאָס געריכט האָט די אָנגעקלאָגטע פֿריינע-שפּראָכען, אָבוואָהל די פֿינסטערע אַזעף-טאַקטיק פֿון דער שפּאַנישער רעגירונג האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פֿאַר קיין מיטעל, אום צו פֿערניכטען מאַלאַטאָ און וואַלינאַ, וועלכע האָבען ביידע זעהר פֿיעל געטהאָן, אום בע-קאַנט צו מאַכען די פֿערברעכען פֿון דער שפּאַנישער אינקוויזיציאָן אין אויסלאַנד.

---

*) אַרטאַל איז געשטאָרבען מיט אייניגע מאָנאַטען צוריק אין געפֿענגניס.

אויף ווי פיעל מאָראַל איז בעאיינפלוסט געוואָרען דורך די בלוטיגע טראַגעדיע פון אלקאַלאַ דעל וואַליע, ווייסען מיר ניט; אָבער עס איז זעהר מעגליך, אַז דיזעס שווידערליכע פערברעכען איז געווען דער אייגענטליכער גרונד פון דעם אַטענטאַט אין מאַדריד.

* * *

דיזער קורצער איבערבליק איבער די ליידענס-געשיכטע פון דער שפּאַנישער אַרבייטער-בעוועגונג, וועלכער גרינדעט זיך אויף אונווידערלעג-באַרע היסטאָרישע דאָקומענטען, איז אין דערזעלבער צייט די ערקלערונג פאַר די צאָהלרייכע טעראָריסטישע אַקטען פון די רעוואָלוציאָנערן אין דיזען לאַנד. עס איז ניט שווער פאַר דער בירגערליכער פרעסע צו פערדאַמען דיזע אַקטען און צו בראַנדמארקען די אַנאַרכיסטען, אָבער ווער עס איז בעקאַנט מיט דער פערברעכער-געשיכטע פון דער קלעריקאַלער מאָנאַרכיע און איהרע אַגענטען, דער ווייסט, אַז דער רעוואָלוציאָנערער טעראָריזם אין שפּאַניען איז ניט מעהר ווי דער אונפערמיידליכער רעזולטאַט פון אַ העד-לישען רעגירונגס-סיסטעם, וועלכעס שרעקט זיך ניט אָב פאַר קיין שום פערברעכען, אום צו דערשטיקען די פרייהייטס-שטרעבונגען פון׳ם שפּאַנישען פאָלק.

מיר האָבען נור איבערגעגעבען די הויפּט-שטריכען פון דעם שרעקליכען בילד, ניט דערמאָהנענדיג די קלענערע פערברעכען פון די אינקוויזיטאָרען. יעדע שטאָדט, יעדעס דאָרף אין שפּאַניען האָט זיין בעזונדערע געשיכטע אין דיזער בעציהונג, וועלכע איז אָנגעשריבען געוואָרען מיט בלוט און טרערען. מיר האָבען זאָגאַר ניט דערמאָהנט די שענדליכע אַזעף-פּאָליטיק פון דער שפּאַנישער פּאָליציי, וועלכע האָט ניט לאַנג צוריק געפונען אַזאַ געפעהרליכען עפענטליכען אויסדרוק אין דער רולל-אַפערע אין באַרצעלאָנאַ. דיזע אַפערע האָט דייטליך בעוויזען, אַז כואַן רולל, דער „אַנאַרכיסטישער טעראָריסט", וועלכער האָט אַוועקגעלייגט באָמבען אין די גאַסען פון באַרצעלאָנאַ, איז געווען אַ בעצאָהלטער אַגענט פון דער פּאָליציי. דורך זיינע „אַטענטאַטען" זיינען עטליכע מענשען געטויטעט און אַסך פערוואונדעט געוואָרען. דיזע אַקטען זיינען דירעקט בעגאַנגען געוואָרען מיט דער אַבזיכט צו בעאיינפלוסען די עפענטליכע מיינונג געגען די אַנאַרכיסטען, כדי די פּאָליציי זאָל קענען רעכטפערטיגען איהרע ברוטאַלע פערברעכען און פערפאָלגונגען. טרעסאָלאָ, דער געוועזענער פּאָליציי-שעף פון באַרצעלאָנאַ, איז געווען אַלס אַן עדות ביי דעם פּראָצעס געגען רולל און זיינע גענאָסען און האָט דאָרטען געזאָגט די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „איך בין פאָלשטענדיג איבערצייגט, אַז רולל האָט אַוועקגעלייגט

די באָמבען; נאָר אין דערזועלבער צייט מוז איך בעמערקען, אַז איך גלויב, אַז רולל איז מעהר ניט געווען ווי אַ ווערקצייג פון אַ טעראָריזם, מיט וועלכען די אַנאַרכיסטען האָבען ניט קיין שום בעציהונג, און אַז הינטער איהם שטעהען פערזאָנען פון אַ הויכער שטעלונג, וועלכע מען האָט ניט געשטעלט פאַר'ן געריכט אַלס אָנגעקלאָגטע".

און רולל איז ניט געווען דער איינציגער שופט פון דיזען סאָרט, די צאָהל פון די שפּאַנישע אזעפס איז זעהר אַ גרויסע.

* * *

און וואָס איז געווען דער צוועק פון אַלע דיזע אונמענשליכע פער־ברעכען פון דער מאָנאַרכיסטיש-קלעריקאַלער רעאַקציאָן? די פינסטערע נאָכפאָלגער פון לאָיאָלאַ און טאָרקוועמאַדאַ האָבען זיך איינגערעדט, אַז מיט דיזע שרעקליכע מיטלען וועלען זיי קענען דערשטיקען די גרעסטע און מעכטיגסטע קולטור-בעוועגונג פון די מאָדערנע שפּאַניען. און דאָך האָט זיך יעדער פערזוך געענדיגט מיט אַ פיאַסקאָ. די אַנאַרכיסטישע אַרבייטער-בעוועגונג אין שפּאַניען איז אונבעזיעגבאַר און די בלוטיגסטע פערפאָלגונגען זיינען ביז איצט ניט געווען אימשטאַנד איהר צו פערניכטען. ניט לאַנג צוריק האָט דער בעריהמטער שפּאַנישער שריפטשטעלער מאַעסטו פערעפענטליכט אַ שטודיע איבער דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין שפּאַניען אין דער צייטשריפט „על אימפּאַרסיאַל", וואו ער ערקלערט, אַז די צאָהל פון די שפּאַנישע אַרבייטער, וועלכע זיינען דירעקט בעאיינפלוסט פון אַנאַרכיסטישע אידעען, איז העכער 400.000. פּראַקסעדעס סאַנקאַדאַ, אַן אַנדערער בעדייטענדער שריפטשטעלער, האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק פערעפענטליכט אַ העכסט אינטערעסאַנטעס בוך *) איבער די שפּאַנישע אַרבייטער-בעוועגונג, צו וועלכען דער איצטיגער שפּאַנישער מיניסטער־פּרעזידענט קאַנאַלעכאַס האָט געשריבען אַ לענגערע פאָררעדע, און איז געקומען צו דעמזועלבען שלוס ווי מאַעסטו. דער רעפּובליקאַנישער שריפט־שטעלער ערנעסטאָ באַרק איז זאָגאַר מיט דער מיינונג, אַז דער איינפלוס פון דעם אַנאַרכיזם אין שפּאַניען איז נאָך פיעל גרעסער. דאָס איז דער רעזולטאַט פון אַלע פערפאָלגונגען.

*) Praxedes Zancada, El Obrero en Espana, Barcelona 1902.

XI.

## פֿעררער׳ם בעפֿרייאונג. „די אינטערנאציאנאלע פֿעראייניגונג פֿאר דער ראַציאנעלער ערציהונג פֿון דער יוגענד״.

דעם 8טען יוני 1907 האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אין מאַדריד דער פּראָ־צעס געגען פֿראַנסיסקאָ פֿעררער, כאָטשע נאַקענט און זייערע פֿינף איבעריגע קאַמעראַדען. די אָנגעקלאָגטע זיינען צוועלף מאָנאַטען צייט געזעסען אין געפֿענגניס, איידער דער יוריסטישער פֿערטרעטער פֿון דער רעגירונג איז אימשטאַנד געווען אויסצואַרבייטען דעם בעשולדיגונגס-אַקט.

פֿעררער האָט וועהרענד דיזע צוועלף מאָנאַטען פֿיעל געלעזען און געאַרבייט און האָט רוהיג ערוואַרטעט זיין שיקזאַל. פֿערשידענע בריעף, וועלכע ער האָט דאַמאָלסט געשריבען אָן זיינע פֿריינד, צייגען אונז, אַז ער האָט אין דער געפֿאַנגענשאַפֿט הויפּטזעכליך אין זינען געהאַט זיין גרויסעס ווערק — די פֿרייע שולע. אין אַ בריעף אָן דעם ענגלישען פֿריידיינקער היפֿאָרד געפֿינען זיך די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „עס מאַכט מיר ניט אויס, ווי לאַנג מען וועט מיך פֿערהאַלטען אין געפֿענגניס, דערפֿאַר ווייל די בעוועגונג פֿאַר דער פֿרייער שולע וועט זיך דורך דעם וואָס שטאַרקער ענטוויקלען...״

זעהר אינטערעסאַנט איז אויך זיין בריעף אָן דעם רעפּובליקאַנער כימענעס מאָיאַ, איינעם פֿון זיינע פערזענליכע פֿריינד. אין דעם דאָזיגען בריעף בעשרייבט פֿעררער זיין גאַנצע גייסטיגע ענטוויקלונג און די אור־זאַכען, וועלכע האָבען איהם דערצו געפֿיהרט צו גרינדען די „עסקועלאַ מאָדערנאַ״. אין אַ בריעף אָן די אַרויסגעבער פֿון דעם זשורנאַל „הומאַנידאַד נועוואַ״ אין וואַלענסיאַ האָט פֿעררער אויספֿיהרליך ענטוויקעלט זיינע גע־דאַנקען איבער די אויפֿגאַבען פֿון דער פֿרייער שולע און דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פֿון די קינדער. דיזער בריעף איז אין דער אויבען דערמאָהנטער צייטשריפֿט פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אונטער דעם טיטעל „וויסענשאַפֿט־ליכער ראַציאָנאַליזם״.*)

*) זעה זייטע 75.

זיצענדיג אין געפענגניס, האט פערער אויך געשריבען צוויי לענגערע אבהאנדלונגען איבער דעם „פרייען קאמוניזם" און „די פרינציפען פון פע־דעראליזם"; אבער די געפענגניס-פערוואלטונג האט קאנפיסקירט די מאנוס־קריפטען, ווען פערער האט פערלאזען דאס געפענגניס.

* * *

אין דער צייט ווען פערער איז געזעסען אין געפענגניס, ווארטענדיג אויף זיין פראצעס, האט די קלעריקאלע פרעסע יעדען טאג פערעפענטליכט די ערגסטע פערלוימדונגען געגען איהם, אום צו בעאיינפלוסען די עפענט-ליכע מיינונג. די שפאנישע רעגירונג איז זאגאר געגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט געפאדערט פון דער פראנצויזישער רעפובליק, זי זאל קאנפיסקירען פערער'ס אייגענטהום אין פאריז. עס פערשטעהט זיך, אז זי איז דורכ־געפאלען מיט דיזער אונפערשעמטער פאדערונג. אבער דער קאמפף פון דעם קלעריקאליזם געגען דעם גרינדער פון דער מאדערנער שולע אין בארצעלאנא האט געהאט א גאנץ אנדערע ווירקונג, ווי די יעזואיטען האב־בען זיך פארגעשטעלט. אין אויסלאנד און אין שפאניען גופא האט זיך אויפגעהויבען א מעכטיגע פראטעסט-בעוועגונג געגען די פינסטערע פלענער פון די אינקוויזיטארען. די ראדיקאלע פרעסע האט אויפגעדעקט די גאנצע פערברעכערישע טהעטיגקייט פון דער קלעריקאלער רעאקציאן און האט איינשטימיג געפאדערט, אז פערער און די איבעריגע אנגעקלאגטע זאלען ערשיינען פאר אן עפענטליכען ציוויל-געריכט, ניט פאר א געהיימען מילי-טערישען געריכטס-הויף, וועלכען די עפענטליכקייט האט קיין שום מעג־ליכקייט צו קאנטראלירען. אסך פון די בעדייטענדסטע וויסענשאפטס-מענער, קינסטלער, שריפטשטעלער א.ז.וו. אין גאנץ אייראפא האבען זיך אנגעשלא-סען אין דיזען פראטעסט, און די שפאנישע רעגירונג איז ענדליך געצוואונגען געווען צו שטעלען פערער און זיינע גענאסען פאר א ציוויל-געריכט. אויב ניט דיזע מעכטיגע אינטערנאציאנאלע פראטעסט-בעוועגונג, וואלט פערער שוין ערמארדעט געווארען אין 1907, דען א קריעגס-געריכט וואלט איהם זיכער פערארורטהיילט צום טויט.

* * *

דער „פראצעס פון די זיבען" האט ארויסגערופען די עפענטליכע אויפמערקזאמקייט פון גאנץ שפאניען, מען קען זאגען פון גאנץ אייראפא. די גאלעריען פון'ם געריכטס-זאל זיינען געווען געפאקט מיט מענשען, און די מייסטע פון די צוהערער האבען סימפאטיזירט מיט די אנגעקלאגטע. דער בעשולדיגונגס-אקט איז געווען זעהר א מאגערער. מען האט ערקלערט, אז אלע אנגעקלאגטע זיינען געווען מיטהעלפער פון מאררא'ל'ס אטענטאט

אויף דעם קעניג, און אַז פֿערערער איז געווען דער איינענטליכער איניציאַ־טאָר פֿון דעם פֿערברעכען; אָבער די בעווייזע פֿאַר דיזע בעהויפּטונגען האָבען זיך אויסשליסליך געגרינדעט אויף די „מאָראַלישע איבערצייגונגען" פֿון די אָנקלעגער. צווישען די אַקטען פֿון דער אָנקלאַגע זיינען אויך געווען איניגע „געהיימניספֿאָלע דאָקומענטען", אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישען פֿערערער און זיין געוועזענער פֿריינדין באַנאַרד, וועלכע איז געשריבען געווען אין אונפֿערשטענדליכע צייכענס, און אויסערדעם אַ זעהר רעוואָלוציאָנערער בריעף פֿון פֿערערער׳ס זוהן ריעגאָ. וואָס אָנבעלאַנגט די „געהיימניספֿאָלע דאָקומענטען" האָט זיך באַלד אַרויסגעציינגט, אַז עס זיינען געווען איניגע פֿראַנצויזישע בריעף אָנגעשריבען אין סטענאָגראַפֿישער שריפֿט, וועלכע האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט ריינע פּריוואַט-אַנגעלעגענהייטען. דער בריעף פֿון ריעגאָ פֿערערער איז שוין געווען געפֿעהרליכער, נאָר צום אונגליק פֿאַר די אָנקלעגער האָט פֿערערער בעוויזען, אַז זיין זוהן ריעגאָ איז ערשט פֿיער יאָהר אַלט און פֿאָלגליך האָט ער ניט געקענט זיין דער שרייבער פֿון אַזאַ בריעף...

דער פּראָקוראָר בעסעררא דעל טאָראָ האָט פֿערערער געפֿרעגט וועגען זיינע בעציהונגען צו די אַנאַרכיסטען און רעפּובליקאַנער. פֿערערער האָט איהם געענטפֿערט אָפֿען און פֿריי און האָט צום שלוס ערקלערט, אַז זיין פֿערברעכען בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט געגרינדעט די פֿרייע שולע אין באַרצעלאָנאַ און אַז ער איז צופֿעליגערווייזע בעקאַנט געווען מיט מאָרראַל.

ניט גליקליכער איז בעסעררא דעל טאָראָ געווען מיט זיין אָנקלאַגע נעגען נאַקענס. נאַקענס האָט אויספֿיהרליך ערקלערט זיינע גאַנצע בעציהונגען צו מאַטעאָ מאָרראַל; ווי אַזוי דער לעצטער איז באַלד נאָך דעם אַטענטאַט געקומען צו איהם און האָט געפֿאָדערט זיין הילפֿע און ווי ער האָט איהם אַוועקגעפֿיהרט צו זיין פֿריינד מאַטהאַ, ביי וועמען מאָרראַל האָט פֿערבראַכט די נאַכט. „מיינע הערערן ריכטער און געשוואָרענע", האָט דער אַלטער רעפּובליקאַנער געענדיגט, „איך בין ניט קיין אַנאַרכיסט, פֿערקעהרט, איך האָב דיזע טהעאָריען זאָגאַר שטאַרק בעקעמפֿפֿט אין מיין צייטשריפֿט; אָבער פּלוצלינג קומט צו מיר אַ מאַן און גיט זיך איי־בער אין גאַנצען אין מיינע הענד, דערצעהלענדיג מיר זיין מורא׳דיגעס געהיימניס. וואָס האָב איך געזאָלט טהאָן? איך בין אַן אַלטער מאַן, אָבער מיין נאָמען איז ריין. איך האָב געוואוסט, אַז איך נעהם אויף זיך אַ שווערע פֿעראַנטוואָרטליכקייט, אָבער ס׳איז געווען אַ פֿערפֿאָלגטער, וועלכער האָט געפֿאָדערט מיין הילפֿע, און עס איז געווען מיין פֿליכט אַלס אַן עהרען־מאַן

איהם צו העלפֿען. און ווען עס וואָלט געווען אין דער צייט פֿון אַ רעד־וואָלוציאָן און דער קעניג וואָלט געקומען צו מיר און געפֿאָדערט מיין הילפֿע, וואָלט איך געטהאָן דאָסזעלבע. איך וויל בעסער פֿערברייננגען מיינע לעצטע יאָהרען אין געפֿענגניס אָדער שטאַרבען אויף׳ן עשאַפֿאָט, איידער צו האַנד־לען געגען מיין געוויסען".

די איבעריגע אָנגעקלאָגטע האָבען בעשטעטיגט יעדעס וואָרט, וואָס נאַקענס האָט געזאָגט, און דער לעצטער האָט נאָך אַמאָל ערקלערט, אַז קיינער פֿון זיינע אָנגעקלאָגטע פֿריינד האָט ניט געוואוסט, ווער מאָראַל איז געווען.

די איינציגע עדות, וועלכע האָבען אויסגעזאָגט געגען פֿעררער, זיינען געווען די אַגענטען און פֿערטרעטער פֿון דער פּאָליציי אין באַרצעלאָנאַ. אָבער אויך דיזע הערנען האָבען ניט געקענט פֿאָרלייגען קיין שום בעוויז פֿאַר די שולד פֿון פֿעררער. דער לייטענאַנט פֿון דער „גואַרדיאַ סיוויל" אין באַרצעלאָנאַ האָט ערקלערט, אַז פֿעררער איז שטענדיג געווען צוזאַמען מיט די אַנאַרכיסטען און אַז ער, דער לייטענאַנט, האָט די „מאָראַלישע איבערציינגונג", אַז פֿעררער איז געווען דער איניציאַטאָר פֿון דעם אַטענטאַט אין מאַדריד.

די איבריגע עדות האָבען אַלע אויסגעזאָגט צו גונסטען די אָנגע־קלאָגטע. דער פּראָקוראָר, זעהענדיג, אַז זיין זאַך איז אַ פֿערלאָרענע, האָט זיך בענוצט מיט די נידעריגסטע מיטלען צו קאָמפּראָמיטירען פֿעררער פֿאַר דער עפֿענטליכער מיינונג. אַזוי האָט ער עטליכע מאָל אַריינגעבראַכט אין דער פֿערהאַנדלונג אינטימע פּריוואַט-אַנגעלעגענהייטען און האָט זאָגאַר פֿעררער׳ס פֿריינדין סאָלעדאַד וויליאַפֿראַנקאַ עפֿענטליך געפֿרעגט, צי זי איז פֿערבונדען מיט דעם אָנגעקלאָגטען דורך סעקסועלע בעציהונגען. אָבער אויך דיזע מיטלען האָבען ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף די צו־הערער.

אָבוואָהל די גאַנצע אָנקלאַגע געגען פֿעררער האָט ניט געהאַט קיין פֿונדאַמענט, סיידען מען זאָל די „מאָראַלישע איבערציינגונג" פֿון אַ פּאָליציי־אָפֿיציר אָננעהמען פֿאַר אַ בעוויז, האָט בעסעררא דעל מאָרא געפֿאָדערט די טויטעס-שטראָף פֿאַר דעם גרינדער פֿון דער פֿרייער שולע.

די רעדען פֿון די אַדוואָקאַטען פֿון די אָנגעקלאָגטע זיינען געווען אַ ביטערע אָברעכנונג מיט דעם רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען רעזשים. מען האָט פֿאָרגעלעזען די שענדליכע אַרטיקלען פֿון דער קלעריקאַלער פּרעסע געגען פֿעררער און זיינע קאַמעראַדען און פֿעררער׳ס אַדוואָקאַט האָט פֿאָרגעלייגט די געשוואָרענע בילדער פּאָסט-קאַרטען, וועלכע די

קלעריקאַלען האָבען אַרויסגעגעבען געגען די אָנגעקלאָגטע. אויף איינע פֿון דיזע קאַרטען ווערט פֿעררער פֿאַרגעשטעלט אַלס לעהרער פֿון דער פֿרייער שולע, ווי ער גיט „זיין שילער״ מאָרראַל אַ באָמבע און שיקט איהם נאָך מאַדריד.

דעם 12טען יוני האָט זיך דער פּראָצעס געענדיגט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פֿעררער, מאַיאָראַל, מאַרטינעס און קאָנסעפּסיאָן קוטעסאַ, מאַטהאַ׳ס פֿרוי, זיינען פֿריי געשפּראָכען געוואָרען. כאָסע נאַקענס, איבאַראַ און מאַטהאַ זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען יעדער צו ניין יאָהר קאַטאָרגע. *)

די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט געשפּיען מיט פֿייער, אָבער זי האָט דעם אורטהייל ניט געקענט איבערמאַכען. פֿעררער איז געווען פֿריי — דיזעס מאָל האָט דער קלעריקאַליזם פֿערלאָרען דאָס שפּיעל.

* * *

ווען פֿעררער איז צוריקגעקומען נאָך באַרצעלאָנאַ, האָט מען איהם אויפֿגענומען מיט אַן אונגעהייערער בעגייסטערונג. די רעגירונג האָט איהם אפילו ניט ערלויבט צוריק אויפֿצופֿעפֿענען זיין אייגענע שולע; אָבער זי האָט געמוזט צוזעהן, ווי 53 אַנדערע שולען זיינען צוריק ערעפֿענט אָדער ניי געגרינדעט געוואָרען, וועלכע האָבען זיך אַלע בענוצט מיט פֿעררער׳ס לעהר-ביכער און מיט זיינע מעטהאָדען פֿון ערציהונג. אויך פֿעררער׳ס פֿערמעגען, וועלכעס די רעגירונג האָט קאָנפֿיסצירט אויף דער שפּאַנישער באַנק, האָט זי געמוזט צוריק אַרויסגעבען, און דער גרינדער פֿון דער מאָדערנער שולע האָט ווידער געהאַט די מעגליכקייט ווייטער אָנצוגעהן מיט זיין פֿרוכטבאַרער אַרבייט.

באַלד נאָך זיין בעפֿרייאונג האָט פֿעררער געמאַכט אַ קורצע רייזע נאָך פֿראַנקרייך און ענגלאַנד, אום פֿערזענליך צו דאַנקען אַלע פֿריינד, וועלכע האָבען אַזוי ענערגיש געאַרבייט פֿאַר זיין רעטונג. זיצענדיג אין געפֿענגניס האָט ער זיך בעשעפֿטיגט מיט אַ נייעם פּלאַן, אום צו געבען זיין ווערק אַן אינטערנאַציאָנאַלע בעדייטונג. ער האָט געוואָלט גרינדען אַן אינטערנאַציאָנאַלען בונד פֿאַר דער פֿרייער ערציהונג, און באַלד נאָך זיין בעפֿרייאונג איז דיזער פּלאַן פֿערווירקליכט געוואָרען דורך די גרינדונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער פֿעראייניגונג פֿאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פֿון דער יוגענד״. דאָס איניציאַטיוו-קאָמיטע פֿון דער נייער אָרגאַניזאַציאָן

---

*) נאַקענס און זיינע ביידע קאַמעראַדען זיינען מיט אַ יאָהר שפּעטער אַמנעסטירט געוואָרען.

איז בעשטאַנען פֿון די פֿאָלגענדע פּערזאָנען: פֿראַנסיסקאָ פֿעררער (שפּאַניען) אַלס פּרעזידענט; ס. אַ. לעסאַן (פֿראַנקרייך) אַלס וויצע־פּרעזידענט; פּראָפֿעסאָר העקעל, דער בעריהמטער דאַרוויניסט אַלס פֿערטרעטער פֿאַר דייטשלאַנד; וויליאַם הייפֿאָרד פֿאַר ענגלאַנד, דזשוסעפּע סערדזשי פֿאַר איטאַליען; ה. ראָאַרדאַ וואַן אייזינגאַ פֿאַר דער שווייץ און פֿריילין הענריעטע מייער אַלס סעקרעטאַר.

אַ גאַנצע רייהע פֿון בעקאַנטע און בעדייטענדע מענער אויף אַלע געביעטען פֿון געזעלשאַפֿטליכער טהעטיגקייט האָבען זיך אָנגעשלאָסען צו דער נייער פֿעראייניגונג, אַזעלכע מענער ווי אַנאַטאָל פֿראַנס, מאָרים מעטערלינק, סאַמבאַר, סעבאַסטיאַן פֿאָר, מאַלאַטאָ, איוועטאָ, גראַנזשואַן, דעקאַוו, שאַרל אַלבער און פֿיעלע אַנדערע. אין דעם ערשטען מאַניפֿעסט, וועלכען דאָס איניציאַטיוו־קאָמיטע פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער פֿעראייניגונג פֿאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פֿון דער יוגענד" האָט אַרויסגעגעבען, זיינען די שטרעבונגען און ציעלען פֿון דער נייער אָרגאַניזאַציאָן פֿאָרמולירט געוואָרען אויף אַזאַ אופן:

1) די ערציהונג פֿון די קינדער דאַרף זיין געגרינדעט אויף אַ וויסענשאַפֿטליכען און ראַציאָנאַלען פֿונדאַמענט; פֿאָלגליך מוז זי אויסשליסען אַלע מיסטישע און איבערנאַטירליכע בעגריפֿען און פֿאָרשטעלונגען.

2) דער אונטערריכט איז ניט מעהר ווי אַ טהייל פֿון דער דאָזיגער ערציהונג. די ערציהונג דאַרף זיך ניט בלויז בעשעפֿטיגען מיט דער ענטוויקלונג פֿון דער אינטעליגענץ, נאָר אויך מיט דער ענטוויקלונג פֿון'ם כאַראַקטער, מיט דער קולטיווירונג פֿון'ם ווילען, אום צו שאַפֿען מענשען מיט אַ פֿיזישען און גייסטיגען גלייכגעוויכט, ביי וועמען אַלע נאַטירליכע אייגענשאַפֿטען און פֿעהיגקייטען זיינען האַרמאָניש פֿעראייניגט און ענטוויקעלט ביז צום העכסטען גראַד.

3) די מאָראַלישע ערציהונג דאַרף זיין מעהר פּראַקטיש, איידער טהעאָרעטיש, זי מוז זיין דער רעזולטאַט פֿון דעם ביישפּיעל גופא און זיך גרינדען אויף דאָס גרויסע נאַטירליכע געזעץ פֿון סאָלידאַריטעט.

4) עס איז נויטהווענדיג, אַז ביי דעם אונטערריכט — איבערהויפּט ביי דעם אונטערריכט פֿון די גאַנץ יונגע קינדער — זאָלען די פּראָגראַמען און מעטהאָדען פֿון דער ערציהונג אַזוי פֿאָלשטענדיג ווי נור מעגליך צוגעפּאַסט זיין צו דער פּסיכאָלאָגיע פֿון'ם קינד. אָט פֿון דיזער נויטווענדיגקייט ווייסט מען כמעט אין גאַנצען ניט אין דעם עפֿענטליכען און פּריוואַטען אונטערריכט פֿון אונזער צייט.

דאָס זיינען די וואַהרהייטען און פּרינציפּען, וועלכע האָבען פֿעראורזאַכט

די גרינדונג פון דער אינטערנאציאנאלער פעראייניגונג פאר דער ראציאנאלער ערציהונג פון דער יוגענד. יעדעס מיטגליעד נעהמט אויף זיך די אויפגאבע צו ארבייטען אין זיין קרייז מיט אלע מעגליכקייטען פאר דער פראקטישער פערווירקליכונג פון די דאזיגע פרינציפען; און די ארגאניזאציאן וועט אונטערשטיצען יעדע טהעטיגקייט אין דיזער ריכטונג מיט איהר גאנצער ענערגיע. די פעראייניגונג פון אלע מענשען מיט א גוטען ווילען, וועלכע אזא ארגאניזאציאן שטעלט פאר מיט זיך, וועט ניט פערפעהלען צו פראדוצירען גוטע רעזולטאטען".

* * *

דעם 15טען אפריל 1908 איז ארויס דער ערשטער נומער פון דעם אפיציעלען ארגאן פון דער אויבען דערמאהנטער פעראייניגונג — די „עקאל רענאווע" (די בענייטע שולע). פעררער האט געשריבען א לאנגען איינלייטונגס-ארטיקעל, *) אין וועלכען ער האט אויספיהרליך ענטוויקעלט זיינע אנזיכטען מכח דער ערציהונג און שולע. מענער ווי קראפאטקין, ראבען, דאמעלא ניווענהויז, טאררידא דעל מארמאל, פאן איסינגא, לעסאן, היפארד, לארען א.ז.וו. זיינען געווען די מיטארבייטער פון דיזער גלענצענדער פעדאגאגישער צייטשריפט פאר פרייע ערציהונג. די ערשטע אכט נומערן זיינען ערשינען אין בריסעל; אבער פון 23סטען יאנואר 1909 אן איז דער זשורנאל ארויס אין פאריז און האט אין דערזעלבער צייט מאדיפיצירט זיין אורשפרינגליכען כאראקטער. בעפאר האט זיך די „עקאל רענאווע" אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט פעדאגאגישע פראגען; איצטער האט זי אויך אבגעגעבען א ברייטען פלאץ פאר דער סינדיקאליסטישער בעוועגונג. פעררער איז שטענדיג געווען א גרויסער אנהייגער פון די פראגרעסיווע פראנצויזישע לעהרער, וועלכע האבען זיך פעראייניגט אין א בעזונדערן סינדיקאט, אום צו פערטהיידיגען זייערע אינטערעסען. די רעגירונג איז פון אנפאנג אן געווען א ביטערער געגנער פון אזא פעראייניגונג און האט בעקעמפפט דעם סינדיקאט פון די לעהרער מיט אלע מיטלען. צעהנדליגער לעהרער האבען פערלארען זייער שטעלונג דורך דיזען קאמפף; אבער די רעגירונג איז פארט ניט אימשטאנד געווען צו ברעכען די ארגאניזאציאן.

די „עקאל רענאווע" האט גענומען א טהעטיגען אנטהייל אין דיזען קאמפף און האט פערטהיידיגט די גייסטיגע און מאטעריעלע אינטערעסען פון די לעהרער אויף א גלענצענדען אופן. און אין דערזעלבער צייט האט זי די לעהרער בעקאנט געמאכט מיט די גרויסע פרינציפען פון דער פרייער

*) זעה זייטע 84.

ערציהונג און זיי שטענדיג דערמאָהנט אין די בעריהמטע ווערטער: „זייט אַליין מענשען, דען עס איז אייער אויפגאַבע צו ערציהען מענשען!"

* * *

פערערער האָט די גאַנצע צייט אונערמידליך געאַרבייט פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציאָן; אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך ניט פערגעסען די היימאַט. די שפּאַנישע רעגירונג האָט אפילו אונטערדריקט די „עסקועלאַ מאָדערנאַ" אין באַרצעלאָנאַ; אָבער דיזער קליינליכער און ברוטאַלער אַקט איז געווען פון אַ קליינער וויכטיגקייט, ווייל צעהנדליגער אַנדערע שולען האָבען זיך ענטוויקעלט אין באַרצעלאָנאַ און אין אַלע אַנדערע שטעדט פון קאַטאַלאָניען. אין דערזעלבער צייט האָט מען אין באַרצעלאָנאַ געלייגט דעם פונדאַמענט פון אַן אמת'ער פאָלקס-אוניווערסיטעט. פערערער האָט אונטערשטיצט דיזע אַלע פערזוכען מיט זיינע בעסטע קרעפטען און הויפּט-זעכליך דורך די גרויסאַרטיגע ענטוויקלונג פון זיין פערלאַגס-הויז, וועלכעס האָט אַרויסגעגעבען אַזאַ וואונדערבאַרע סעריע פון די בעסטע וויסענשאַפט-ליכע ביכער.

ער איז דאַמאָלסט גאַנץ פערנומען געווען מיט זיינע פעדאַגאָגישע אַרבייטען און האָט ניט גענומען קיין שום אַנטהייל אין די סאָציאַלע קעמפּפע און בעוועגונגען אין קאַטאַלאָניען. צוזאַמען מיט זיין פריינדין סאָלעדאַד וויליאַפראַנקאַ האָט ער געוואוינט אין אַ קליין לאַנד-הייזעל — „מאַס זשערמינאַל" האָט ער גערופען זיין היים — אויף דער פאַרם מאָנגאַט, וועלכע האָט בעלאַנגט צו זיין ברודער כאָסע.

דער בעריהמטער שפּאַנישער שריפטשטעלער ע. גאָמעס קאַררילאָ האָט איהם בעזוכט אין יענער צייט אין „מאַס זשערמינאַל". ער האָט שפּעטער, נאָך פערערער'ס טויט, בעשריבען דיזען בעזוך אין אַ גלענצענדען אַרטיקעל אין דער פּאַריזער צייטונג „לע זשורנאַל". פערערער איז גאַנץ בעגייסטערט געווען פון זיין ווערק און גאָמעס קאַררילאָ גיט אונז איבער די פאָלגענדע ווערטער פון איהם, מיט וועלכע ער האָט געענדיגט אַ לאַנגען געשפּרעך:

„די וויסענשאַפט, אָט דאָס איז, וואָס עס פעהלט אונז!... די וויסענ-שאַפט מוז פערריכטען אונזערע שענדליכקייטען, זי מוז אונז געבען די פרייהייט און אונז ערלייזען פון דעם יאָך פון די רעליגיאָנען. דאָס עלענד פון דער מענשהייט איז נור די פאָלגע פון איהר אונוויסענהייט. אונוויסענ-הייט איז די מוטער פון אַלע פאָראורטהיילען, און אויב מיר וואָלטען ניט געהאַט קיין פאָראורטהיילען, וואָלטען מיר ניט בעדאַרפט קיין שום רעגי-רונג; דען דער אייגענטליכער פונדאַמענט פון'ם מענשליכען וועזען איז גערעכטיגקייט און גוטסקייט... איך טהו אויף מיין שטייגער, וואָס איך קען

טהון, אום שפאַניען צו בעפרייען פון אונוויסענהייט און פאַנאַטיזם. איך האָב געגרינדעט שולען. איצטער גיב איך אַרויס די ווערק פון גרויסע דיינקער. ליידער געפין איך ניט די הילף, וועלכע וואָלט פאַר מיר געווען די ווערטהפאָלסטע — די אונטערשטיצונג פון די יונגע. די יונגע זיינען סקעפּטיקער און עגאָיסטען. גוטע און פעהיגע מיטאַרבייטער האָב איך נור געפונען צווישען די רייפע מענער. איהר וועט זעהן, אַז ביי אונז אין שפּאַניען וועט די רעוואָלוציאָן געמאַכט ווערן פון די אַלטע... עס איז ביי אונז ניט ווי אין פראַנקרייך. פראַנקרייך וועט אונז ברייננען די טהאַט, פונקט ווי זי האָט אונז געבראַכט די אידעע... איך האָב זיך געפיהלט אַזוי גליקליך אין פּאַריז. אָבער מיין קאַמפף־פּלאַץ איז דאָ אין שפּאַניען. איך מוז העלפען פאָרבערייטען די צוקונפט...״

נאָמעס קאָררילאָ ענדיגט זיין אַרטיקעל מיט די ווערטער: „פון זיינע ווערטער האָט זיך אַרויסגעהערט אַזאַ איבערגעבענהייט, אַז געזעגנענדיג זיך מיט איהם, האָב איך ווירקליך געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב געזעהן אַ מאַן, וועלכער איז פאַרטיג צו אָפּפערן זיין לעבען פאַר זיינע איבערצייגונגען״.

אין מאַנאַט מערץ 1909 איז פּעררער געפאָהרען נאָך פּאַריז, אום פאָרצובערייטען די פּובליקאַציאָן פון אַ נייער סעריע פון אויסגעצייכענטע ביכער, ווי צ.ב.ש. זויערוויין׳ס „געשיכטע פון דער ערד״, פּאַגאַם׳ס „אורשפּרונג פון לעבען״, לאַנעסאַן׳ס „באָטאַניק״, קראָפּאָטקין׳ס „פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן״, נערגאַלס „ענטוויקלונג פון די וועלטען״ א.ז.וו. די צאָהלרייכע בריעף, וועלכע ער האָט אין יענער צייט געשריבען צו זיינע פיעלע פריינד, צייגען אונז קלאָר און דייטליך, אַז ער איז דאַמאָלסט אויסשליסליך בעשעפטיגט געווען מיט דיזער טהעטיגקייט. אָבער וועהרענד פּעררער איז גאַנץ פערטהאָן געווען אין זיין אַרבייט, האָט זיך שטילערהייט ענטוויקעלט די גרויסע רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־בעוועגונג, וועלכע האָט דער זיעגרייכער רעאַקציאָן ענדליך געגעבען די מעגליכקייט צו פערניכטען דעם פערהאַסטען מאַן, דיינקענדיג, אַז זי וועט מיט דעם צושטערען זיין גרויסעס סאָציאַלעס ווערק.

## XII.

# דער אויפשטאנד פון בארצעלאנא און פערער׳ס ארעסטירונג.

דיזעלבע פערברעכערישע אויסבייטונגס-פאליטיק פון א הייפעל קא־פיטאליסטען, וועלכע האט געשאפען די זאגענאנטע „מאראקא-פראגע" אין איירא‌פא, האט אויך ארויסגערופען דעם שענדליכען קריעג פון דער שפא־נישער רעגירונג אין מאראקא. עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען מיט קורצע ווערטער אלע אינטריגעס, געמיינהייטען און פערברעכען פון דער זאגענאנטער מאראקא-פאליטיק; עס איז גענוג צו בעמערקען, אז דיזעלבע ערשיינונגען, וועלכע מיר האבען געזעהן איבעראל, וואו דער קאפיטאליזם האט אויסגעשטרעקט זיינע לאפעס נאך פרעמדע לענדער און רייכטהימער, האבען זיך אויך ווידערהאלט אין מאראקא. די ענטדעקונג פון ווערטהפאלע מעטאלען אין צפון-זייט פון מאראקא האט ארויסגערופען די האבגיריגקייט פון איירא‌פעאישע קאפיטאליסטען. שפאניען האט שוין פריהער געהאט איינינע מיליטערישע פלעצער אין מאראקא, די בעקאנטע „פרעסידיאס" אדער שטראף-קאלאניען, צו וועלכע עס בעלאנגט אויך מעליליא, דער ארט, וועלכער האט אין דער לעצטער מלחמה אין מאראקא געשפיעלט אזא וויכטיגע ראלע.

וועהרענד די לעצטע עטליכע יאהר צייט איז אין יענער געגענד פלוצ־לינג ערשינען בו האמערא, דער הויפטלינג פון א מאראקאנישען שטאם און א גאנץ געוועהנליכער רויבער. בו האמערא האט ניט געהאט קיין שום רעכט אויף דאס לאנד און די שפאנישע און פראנצויזישע קאפיטאליסטען האבען דאס זעהר גוט געוואוסט. פון דעסטוועגען האבען זיי מיט דעם דאזיגען רויבער, וועלכען זיי האבען פריהער שטילערהייט אונטערשטיצט אין דער אויספיהרונג פון זיינע רויבערישע פלענער, אבגעשלאסען געוויסע קאנטראקטען, דורך וועלכע זיי האבען זיך „ערווארבען דאס רעכט" אויס־צובייטען די מינען פון בעני-בואי-פרור. די שפאנישע רעגירונג האט איבערגעגעבען דיזעס „רעכט" צו צוויי קאפיטאליסטישע קאמפאניס, צו דער „קאמפאניא עספאניאלא דעל ריף" און צו דער „קאמפאניא אפריקאנא דעל נארטע". די לעצטע בעשטעהט כמעט אין גאנצען פון פראנצויזישע

קאַפּיטאַליסטען. דיביידע קאָמפּאַניס האָבען בעשלאָסען צו פֿערבינדען מעליליאַ און די מינען פֿון בעני־בואי־פרור דורך צוויי אייזענבאַהן־ליניען. די צרה איז געווען, וואָס מען האָט געמוזט דורכשניידען אַכט ביז צעהן קילאָמעטער מאַראָקאַנישעס געביעט. נאָר מען וויים זיך צו העלפֿען אין אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען. מען האָט איינפֿאַך געמאַכט נאָך אַ קאָנטראַקט מיט דעם רויבער בו־האַמעראַ, אום צו בעקומען דאָס „רעכט" צו פֿיהרען די אייזענבאַהן-ליניע דורך אַ פֿרעמדען געביעט, ווייסענדיג, אַז בו האַמעראַ האָט אַליין קיין שום רעכט ניט צו פֿערקויפֿען אַזעלכע „רעכטע".

שפּעטער מיט אַ קורצע צייט האָבען די ריף־קאַבילען, די אייגענטליכע בעזיצער פֿון'ם לאַנד, פֿערטריבען דעם רויבער בו האַמיראַ. עס פֿערשטעהט זיך, אַז די קאַבילען־פֿיהרער האָבען ניט אָנערקענט דאָס „רעכט" פֿון די ביידע קאָמפּאַניעס און זיי האָבען זיי אויפֿגעפֿאָדערט אָבצושטעלען דעם בוי פֿון די באַהנען. די שפּאַנישע רעגירונג האָט איינפֿאַך איגנאָרירט דיזע פֿאָדערונגען, און די אַרבייט ביי די אייזענבאַהן-ליניען איז פֿאָרטגעזעצט געוואָרען. באַלד דערויף האָבען איינִיגע קאַבילען געמאַכט אַן אָנפֿאַל אויף די אַרבייטער, וועלכע זיינען בעשעפֿטיגט געווען ביי דעם בוי פֿון די ליניען און זעקס פֿון זיי דער'הרג'עט. עס איז כמעט ווי זיכער, אַז די שפּאַנישע רעגירונג האָט געוואוסט פֿון דיזען אָנפֿאַל, נאָך איידער ער האָט שטאַטגעפֿונען. איצטער האָט מען ענדליך געהאַט אַן אורזאַכע צו שיקען אַ זאָגענאַנטע „שטראָף־עקספּעדיציע" געגען די קאַבילען. אמת, מען האָט זיך ניט גערעכט אויף אַ ווירקליכע מלחמה; די מיליטערישע אויטאָריטעטען האָבען זיך איינגערעדט, אַז מיט פֿינף אָדער זעקס טויזענד מאַן וועט מען פֿאַרטיג ווערען מיט די „באַרבאַרען". אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דיזע רעכנונג איז געווען אַ פֿאַלשע. די קריעגערישע קאַבילען־שטאַמען האָבען עמפּפֿאַנגען די שפּאַנישע זעלנער אויף אַ בלוטיגען אופֿן, און זייערע ערפֿאָלגען האָבען אַרויסגערופֿען די קאַמפּף-לוסטיגקייט פֿון אַסך אַנדערע שטאַמען, וועלכע זיינען באַלד צוגעשטאַנען צום „הייליגען קריעג" געגען די פֿרעמדע ערֹאָבערער.

דער שפּאַנישער גענעראַל מאַרינאַ אין מעליליאַ האָט איצט פֿערשטאַנען, אַז 5000 מאַן זיינען ווייניג און האָט געפֿאָדערט 20.000 און שפּעטער 40.000 סאָלדאַטען. צולעצט איז מען זאָגאַר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אום צו ענדיגען די מלחמה, דאַרף מען האָבען אַן אַרמעע פֿון 70.000 מאַן. דיזע נאַכריכט האָט געווירקט אויף דאָס שפּאַנישע פֿאָלק אַזוי ווי אַ דונער. די קלעריקאַלע און קאָנסערוואַטיווע פּרעסע האָט אפילו פֿערזוכט צו אַפּעלירען צו די „פּאַטריאָטישע געפֿיהלען" פֿון דער נאַציאָן;

אָבער זי האָט ניט געפֿונען קיין שום אָבקלאַנג ביי די מאַסען. אין קאַטאַ־לאָניען האָבען שטאַטגעפֿונען די ערשטע פּראָטעסט־פֿערזאַמלונגען געגען דעם קריעג. די צענזור האָט אפילו אונטערדריקט אַלע שלעכטע נאַכריכ־טען פֿון'ם קריעגס־פּלאַץ; אָבער ווען די רעגירונג האָט פּלוצלינג אָנגעה־הויבען מאָביליזירען די רעזערוויסטען, האָט די אַלגעמיינע פֿערביטערונג דערגרייכט דעם העכסטען גראַד. דער האַס געגען דעם קריעג, וועלכען די רעגירונג האָט דירעקט אַרויסגערופֿען אויף אַזאַ פֿערברעכערישען אופֿן, איז נאָך פֿערשטאַרקערט געוואָרען דורך דעם פֿאַקט, אַז אין שפּאַניען קענען זיך די קינדער פֿון די רייכע אויסקויפֿען פֿון דער פֿליכט צו זיין סאָלדאַט פֿאַר 1500 פּעסעטאַס, און פֿאָלגליך האָט די אַרבייטער־קלאַסע, וועלכע האָט איבערהויפּט גיט וואָס צו פֿערטהיידיגען, געדאַרפֿט טראָגען אַלע קאָנסעקווענצען פֿון דער מלחמה.

אין מאַדריד האָבען זיך טויזענדער מענער, פֿרויען און קינדער פֿער־זאַמעלט פֿאַר דעם קעניגליכען פּאַלאַסט, ווען דער קעניג האָט געוואָלט האַלטען אַ רעדע צו די רעזערוויסטען. אָבער עס איז איהם ניט אויסגע־קומען צו ריידען, ווייל דער געשריי פֿון דער מאַסע „נידער מיט דעם קריעג פֿון די קאַפּיטאַליסטען! נידער מיט די מערדערס פֿון'ם פֿאָלק! נידער מיט'ן קעניג!" האָט איהם צוריקגעטריבען אויף גיך אין זיין פּאַלאַסט.

נאָך אַ גרעסערע געפֿעהרליכקייטען איז געווען די לאַגע אין קאַטאַלאָניען. דאָר־טען איז די „נאַציאָנאַלע בעגייסטערונג" געווען אַזוי גרויס, אַז ניט וויינגער ווי 70 פּראָצענט פֿון די רעזערוויסטען זיינען אַנטלאָפֿען אַריבער דעם פֿראַנצויזישען גרענעץ, אַזוי ווי דער ציוויל־גובערנאַטאָר פֿון באַרצעלאָנאַ האָט אַליין ערקלערט אין אַ בעזונדערען דעקרעט. ווען מען האָט אַוועק־געשיקט די ערשטע רעזערוויסטען פֿון באַרצעלאָנאַ, האָבען די פֿרויען געשטורמט די דאָקס, אום צו פֿערהינדערען דעם אָבפֿאָהרען פֿון די שיפֿען, און די פּאָליציי האָט געהאַט אַ געוואַלטיגע אַרבייט זיי צוריקצוטרייבען. איצטער האָט זיך די מאַסע אַ לאָז געטהאָן אין די ראַמבלאַס — אַזוי רופֿט מען די ברייטע בולוואַרען אין באַרצעלאָנאַ — אוּו דער געשריי „נידער מיט דער מלחמה! טויט צו די גנבים! נידער מיט דער רעגירונג!" א.ז.וו. האָט פֿערהילכט די לופֿט. אין דיזען קריטישען מאָמענט האָט די „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ", די פֿעדעראַציאָן פֿון די קאַטאַלאָנישע געווערקשאַפֿטען, וועלכע שטעהט פֿאָלשטענדיג אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די אַנאַרכיסטען, פֿעררופֿען אַן אַלגעמיינע קאָנפֿערענץ אין באַרצעלאָנאַ, אום צו דיסקוטירען די פֿראַגע מכח דער מלחמה אין מאַראָקאָ. די קאָנפֿערענץ האָט געוואָלט שטאַטפֿינדען

דעם 23סטען יולי; אָבער דער ציוויל-גובערנאַטאָר פֿון באַרצעלאָנאַ, אָסאָריאָ אי גאַליאַרדאָ, האָט איהר פלוצלינג פֿערבאָטען אין לעצטען מאָ-מענט. די דעלעגאַטען האָבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו פֿערזאַמלען זיך; אָבער ווען זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און האָבען זיך געזעגענט איינער מיט'ן אַנדערען, האָבען אויף אַלע ליפּען געשוועבט דיזעלבע ווערטער: „מאָנטאַג דער גענעראַלסטרייק!"

שבת דעם 24סטען יולי ביינאַכט זיינען זיך צונויפֿגעקומען אייניגע אַקטיווע מיטגלידער פֿון דער קאַטאַלאָנישער געווערקשאַפֿטס-פֿעדעראַציאָן „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ", אַלע אַנאַרכיסטען, אום זיך דורכצורעדען וועגען דעם סטרייק. צווישען זיי איז אויך געווען מיגעל וו. מאָרענאָ, דער גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון דער „סאָלעדאַרידאַד אָברעראַ". מען האָט בעשלאָסען אויס-צוקלייבען אַ סטרייק-קאָמיטע פֿון דריי מאַן, וועלכע זאָלען פֿערטרעטען אַלע פֿראַקציאָנען פֿון דער אַרבייטער-בעוועגונג אין באַרצעלאָנאַ. מיגעל וו. מאָרענאָ האָט פֿערטראָטען די סינדיקאַטען, פֿראַנסיסקאָ מיראַנדאַ די אַנאַרכיסטען און פֿאַבראַ ריבאַס די סאָציאַליסטען. דאָס קאָמיטע האָט באַלד אַרויסגעשיקט דעלעגאַטען נאָך אַלע אינדוסטריע-שטעדט פֿון קאַטאַלאָניען, אום פֿאָרצובערייטען דעם גענעראַלסטרייק. דער זונטאָג איז אַריבער רו-היג; די רעגירונג האָט אפילו ניט גע'חלום'ט פֿון אַן אַלגעמיינעם סטרייק. מאָנטאָג אין דער פֿריה (דעם 26סטען יולי) זיינען די אַרבייטער רוהיג געגאַנגען צו דער אַרבייט, אַזוי ווי יעדען טאָג, אום אַכט אוהר האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די אַרבייט אַזוי ווי געוועהנליך. אָבער שפּעטער מיט אַ האַלבע שטונדע האָט זיך פּלוצלינג געהערט דער רוף: „אָבשטעלען די מאַשינען! אַלע אַרויס אין גאַס! עס לעבע דער גענעראַלסטרייק!" אַזוי ווי איין מאַן האָבען די אַרבייטער געפֿאָלגט דיזען רוף און זיינען אַרויס אין גאַס, שריי-ענדיג „וויוואַ לאַ הועלגאַ כענעראַל!" (עס לעבע דער גענעראַלסטרייק!) טויזענדער פֿרויען זיינען אַריינגעדרונגען אין די קלענערע אַרבייטס-פּלעצער און האָבען אַרויסגענומען די אַרבייטער. אַרום 12 אַזייגער האָט זיך מעהר קיין מאַשין ניט בעוועגט אין גאַנץ באַרצעלאָנאַ. די פּאָסט איז געווען פּאַראַליזירט; קיין שיף, קיין אייזענבאַהן, קיין טראַמוויי איז מעהר ניט גע-פֿאָהרען; אַזוי ווי דורך אַ כשוף האָט די גאַנצע שטאָדט פּלוצלינג בעקומען אַן אַנדער אויסזעהן. דיזעלבע סצענען האָבען זיך אָבגעשפּיעלט אין איגואַלאַדאַ, וויליאַנועוואַ אי כעלטרו, סאַבאַדעלל, טאַרראַסאַ, באַדאַלאָנאַ, כעראָנאַ און אַנדערע קאַטאַלאָנישע שטעדט.

איצטער האָט די רעגירונג פּראָקלאַמירט דעם קריעגס-צושטאַנד אין קאַטאַלאָניען און דער גענעראַל לואיס דע סאַנטיאַגאָ מאַנעסקאַו האָט

איבערגענומען די מיליטערישע דיקטאטור. די ארבייטער אפעלירען צו די
סאלדאטען ניט צו שיסען אויף זייערע ברידער און דערמאהנען זיי, אז זיי
זיינען קינדער פון פאלק. צוויי פאלקען דראגאנער ענטזאגען זיך צו שיסען
אויף די מאסע צום טראץ דעם בעפעהל פון זייער פיהרער, דעם גענעראל
בראנדעאיס. אבער די פאליציי און הויפטזעכליך די פערהאסטע „גוארדיא
סיוויל", די שפאנישע קאזאקען, ווארפען זיך אויף דאס פאלק. איצטער
בעקומט די בעוועגונג א רעוואלוציאנערען כאראקטער. די ארבייטער שטור-
מען די געשעפטען פון די וואפען-הענדלער און פערזארגען זיך, אויף ווי
פיעל זיי זיינען אימשטאנד, מיט ביקסען און רעוואלווערען. אום צו פער-
הינדערן, אז די רעגירונג זאל ניט קענען באלד שיקען מעהר מיליטער,
צושטערען די ארבייטער גרויסע טהיילען פון די אייזענבאהן-ליניען, די
טעלעגראפען און טעלעפאנען און אלע אנדערע פערבינדונגס-מיטלען. דעם
27סטען יולי ענטשטעהען באריקאדען אין אלע טהיילען פון בארצעלאנא,
און אין די מייסטע אנדערע שטעדט שפיעלען זיך אב דיזעלבע סצענען.
15,000 ארבייטער פערטהיידיגען די גאסען געגען די „גוארדיא סיוויל".
די סאלדאטען סימפאטיזירען מיט דער בעוועגונג. און פלוצלינג ווארפט זיך
די מאסע אויף די פערהאסטע מאנאסטירען, אקוראט ווי עס איז געווען
דער פאל אין אלע פריהערדיגע אויפשטענדע. מען טרייבט ארויס די מא-
נאכען און מאנאשקעס און צינדעט אונטער די געביידעס. אן ערך 65 מא-
נאסטירען ווערען פערברענט אין קאטאלאניען און די פלאמען בעלייכטען
דעם הימעל בלוט-רויט אויף מיילען און מיילען. אייניגע פאבריקען פון
פערהאסטע קאפיטאליסטען האבען דעמזעלבען שיקזאל.

דעם 28סטען יולי איז די לאגע זעהר א קריטישע — די רעוואלו-
ציאנערען האבען ניט גענוג וואפען; אבער די מיליטער איז אונצופרידען
און סימפאטיזירט מיט די רעבעלען.

אבער דעם 29סטען יולי קומען אן נייע אבטהיילונגען מיליטער און
זשאנדארמען, און מען הויבט אן צו שיסען מיט קאנאנען אויף די בארי-
קאדען. די ארבייטער פערטהיידיגען זיך אויף א העלדישען אופן, אבער
זייער קראפט איז צו שוואך געגען די מעכטיגע צאהל און די קאנאנען פון
זייערע געגנער. די געהיימע סטרייק-קאמיטע האט אפילו באלד ארויסגע-
שיקט אגענטען נאך מאדריד, וואלענסיא, סאראגאסא, בילבאא און אנדערע
שטעדט, אום אנצוזאגען די ארבייטער אין די אנדערע פראווינצען, אז דער
גענעראלסטרייק וועט זיך אנפאנגען דעם 26סטען יולי אין קאטאלאניען;
אבער די צענזור האט שפעטער אונטערדריקט יעדע נאכריכט וועגען דעם
אויפשטאנד און די בירגערליכע פרעסע אין מאדריד און אנדערע שטעדט

האָט בעריכטעט, אַז דער געגעראַלסטרייק האָט זיך געענדיגט מיט אַ פיאַסקאָ, אין דרעזולבער צייט, ווען די אַרבייטער פון באַרצעלאָנאַ האָבען געהאַט די גאַנצע שטאָדט אין זייערע הענד. די פאָלגע איז געווען, אַז אין די איבעריגע פּראָווינצען איז דאָס פאָלק געבליבען רוהיג, און די רעגירונג האָט געקענט קאָנצענטרירען איהר גאַנצע מאַכט אויף קאַטאַלאָניען, אום צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד.

העכער 200 אַרבייטער זיינען געפאַלען אויף די באַריקאַדען; די צאָהל פון די פערוואונדעטע איז אונבעקאַנט, נאָר זי דאַרף זיין זעהר גרויס. אָבער אויך פון דער „גואַרדיאַ סיוויל" זיינען געפאַלען 70 מאַן און 58 פּאָליציסטען. די צאָהל פון די פערוואונדעטע איז געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס.

דעם 31סטען יולי איז דער אויפשטאַנד געווען אונטערדריקט און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די בלוטיגע אַרבייט פון די קריעגס-געריכטען. שפּיאָנען און זשאַנדאַרמען זיינען ביינאַכט אַריינגעדרונגען אין די הייזער און האָבען אַרעסטירט מענער און פרויען. די קאַזעמאַטען פון מאָנטכואיטש און די איבעריגע געפענגניסע אין באַרצעלאָנאַ זיינען באַלד געווען געפּאַקט מיט אַרעסטירטע און דאָס זעלבע איז געווען דער פאַל אין אַלע אַנדערע שטעדט פון קאַטאַלאָניען. העכער 6000 מענער און פרויען האָבען געשמאַכטעט אין די געפענגניסע, און די קריעגס-געריכטען האָבען געאַרבייט טאָג און נאַכט.

די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט טריאומפירט און ערקלערט, אַז „ווען דער קריעגס-צושטאַנד וועט זיך ענדיגען אין באַרצעלאָנאַ, וועט מען שוין מעהר ניט געפינען קיין לעבעדיגען אַנאַרכיסט."*) דער „אָסערוואַטאָרע ראָמאַנאָ", דער הויפּט-אָרגאַן פון דער קאַטהאָלישער קירכע, האָט אילוסטרירט די קריסטליכע ליעבע אויף אַזאַ אופן: „די אַרטילעריע, וועלכע רייניגט איצט די גאַסען פון באַרצעלאָנאַ מיט קאַנאָנען, טרעפט מיט איין קלאַפּ די צוויי ביטערסטע שונאים פון דער מענשהייט, וועלכע רייבען אַוועק פון איהם דעם פריעדען און וואָהלזיין — דעם אַנאַרכיזם און אַנטקלעריקאַליזם. דיזע ביידע ריכטונגען זיינען איינג פערבונדען איינע מיט דער אַנדערער, דען זיי האָבען ביידע דעם זעלביגען ציעל. מיר וואָלטען זעהר געוואונשען, אַז די עראייגניסע פון באַרצעלאָנאַ זאָלען זיין אַ לעהרע פאַר די, וועלכע טראָגען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פון דער עפענטליכער מאַכט. זאָלען זיי שוין ענדליך פערשטעהען, אַז מיט דעם, וואָס זיי ערמוטהיגען דעם אַנטיקלעריקאַליזם, ענטוויקלען זיי אין דרעזולבער צייט

*) Leopoldo Bonafulla, La Revolucion de Julio.

שונאים פֿון'ם שטאַאַט און סאָלדאַטען פֿאַר דער אַנאַרכיע, וועלכע וועלען זיך בענוצען מיט דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט צו באָדען זיך אין אַ ים פֿון בלוט און פֿייער".

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען דעם באַרג פֿון פֿערלוימדונגען, וועלכען די קלעריקאַלע צייטונגען האָבען אָנגעוואָרפֿען אויף די רעבעלען פֿון באַרצעלאָנאַ, אום צו רעכטפֿאַרטיגען פֿאַר אייראָפּאַ די בלוטיגע אַר־בייט פֿון די קריעגס־געריכטען. די דאָזיגע פֿערלוימדונגען האָבען באַלד אָנגענומען אַ גאַנץ בעשטימטען כאַראַקטער: די קלעריקאַלע בלעטער האָבען פלוצלינג גאַנץ איינשטימיג בעריכטעט, אַז די גרינדער פֿון דער „מאָדערנער שולע" אין באַרצעלאָנאַ זיינען געווען די אייגענטליכע איניציאַ־טאָרס פֿון דעם אויפֿשטאַנד. „קאָרעספאָנדענטען" האָבען ערקלערט, אַז זיי האָבען געזעהען, ווי די לעהרערס פֿון די פֿרייע שולען האָבען אונטערגע־העצט זייערע שילער, זיי זאָלען העלפֿען אונטערצינדען די מאָנאַסטירען און קירכען. צולעצט האָט מען גאַנץ אָפֿען געשריבען, אַז פֿעררער און זיינע פֿריינדע פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער פֿעראייניגונג פֿאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פֿון דער יוגענד" האָבען אָרגאַניזירט דעם אויפֿשטאַנד און גע־געבען געלדער, אום צו פֿערזאָרגען די רעבעלען מיט געווערה.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז די רעגירונג האָט זאָפֿאָרט פֿערמאַכט פֿער־רער'ס שולען און אַלע אַנדערע וועלטליכע ערציהונגס־אינסטיטוציאָנען אין גאַנץ קאַטאַלאָניען. ניט ווייניגער ווי 90 אַזעלכע שולען זיינען פֿערמאַכט געוואָרען פֿון דער פּאָליציי און העכער 10.000 קינדער זיינען געבליבען אָהן אונטערריכט. אין דערזעלבער צייט האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין פֿעררער'ס בוכהאַנדלונג אין באַרצעלאָנאַ און האָט פֿון דאָרטען צוגענומען אַלע פּאַפּירען, די געשעפֿטס־ביכער, דאָס געלד אין דער קאַסע און 110.000 ביכער פֿון די בעסטע וויסענשאַפֿטליכע ווערק— אַלע אויסגאַבען פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ". *)

* * *

פֿעררער גופא איז די גאַנצע צייט, פֿון מערץ ביז יוני, געווען אין אויסלאַנד און נור אַ ריינער צופֿאַל האָט איהם געפֿיהרט צוריק נאָך באַר־צעלאָנאַ, קורץ בעפֿאָר דער אויפֿשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען. אין די לעצטע טעג פֿון מאָנאַט אַפּריל איז ער צוזאַמען מיט סאָלעדאַד וויליאַפֿראַנקאַ גע־

---

*) דיזע 110.000 ביכער, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפֿונען גלענצענדע וויסענשאַפֿטליכע ווערק פֿון ע. רעקלו, לעטורנאָ, אָדאָן דע בוען א.ז.וו., זיינען פֿאָל־שטענדיג פֿערניכטעט געוואָרען פֿון די קלעריקאַלע באַרבאַרען.

קומען קיין ענגלאַנד, אום צו זעהען זיך מיט זיינע פריינד און צו מאַכען די נייטיגע פאָרבערייטונגען פאַר די איבערזעצונג פון איינינע פעדאַגאָגישע שריפטען פון אַלים טשעסטערטאָן און וואָלדגרייוו. פעררער האָט פיעל געאַרבייט אין די וויינינע וואָכען, וועלכע ער איז געוועזען אין ענגלאַנד און זיין פרייע צייט האָט ער פערבראַכט מיט זיינע אַלטע פריינד טאַררידאַ דעל מאַרמאָל און לאָרענסאָ פּאָרטעט און מיט פעטער קראָפּאָטקין, וו. היפּאָרד און אַנדערע בעקאַנטע אָדער וויינינער בעקאַנטע פּערזענליכקייטען. עס איז געוועזען זיין אַבזיכט צו בלייבען פאַר אַ לענגערע צייט אין ענג־לאַנד; אָבער פּלוצלינג האָט ער ערהאַלטען די נאַכריכט, אַז זיין שוועגערין און זיין קליינע פּלימעניצע האָבען ביידע בעקומען טיפוס און געפינען זיך אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד. דיזע נאַכריכט האָט מיט איין מאָל צו־שטערט אַלע פּלענער פאַר די נעכסטע מאָנאַטען, און פעררער האָט שוין דעם אַנדערען טאָג אין דער פריה פערלאָזען לאָנדאָן. ער האָט זיך אפילו ניט גענומען די צייט צו געזעגענען זיך מיט זיין אַלטען פריינד טאַררידאַ דעל מאַרמאָל און האָט איהם בלויז מיטגעטהיילט אין אַ קורצען בריעוועל די אורזאַכע פון זיין פּלעצליכער אַבריייזע.

אויף דער רייזע צוריק נאָך שפּאַניען האָט זיך פעררער אָבגעשטעלט פאַר אַ טאָג צייט אין פּאַריז, אום צו ערלעדיגען דאָרטען איינינע וויכטיגע אָנגעלעגענהייטען מכח דער „אינטערנאַציאָנאַלער פעראייניגונג פאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פון דער יוגענד". ער האָט זיך געזעהן מיט שאַרל אַלבער און איינינע מיטאַרבייטער פון דער „עקאָל רענאָווע", און דעם 14טען יוני אין דער פריה איז ער אַוועקגעפאָהרען נאָך באַרצעלאָנאַ. אָנ־קומענדיג אין מאָנגאַט (זיין ברודער'ס פאַרם), האָט ער געפונען זיין שווע־גערין אין אַ בעסערען צושטאַנד, אָבער זיין קליינע פּלימעניצע, וועלכע ער האָט זעהר געליעבט, איז מיט איינינע טעג שפּעטער געשטאָרבען אין זיינע אָרעמס.

די גאַנצע צייט, ד. ה. פון מאָנאַט מערץ, ווען ער האָט פערלאָזען באַרצעלאָנאַ, ביז צו זיין אַרעסטירונג, איז פעררער אויסשליסליך בעשעפ־טיגט געוועזען מיט זיינע פּעדאַגאָגישע אַרבייטען און מיט דער „אינטערנאַ־ציאָנאַלער פעראייניגונג פאַר דער ראַציאָנאַלער ערציהונג פון דער יוגענד". די צאָהלרייכע בריעף, וועלכע ער האָט געשריבען אין יענע פיער מאָנאַטען צו זיינע פריינד אַלבער, מאַלאַטאָ, לעסאַן, פּאָרטעט און פיעלע אַנדערע, זיינען דער בעסטער בעוויז, אַז דיזער מאַן האָט אפילו ניט גע'חלום'ט פון אַן אויפשטאַנד און אַז ער איז פאַלשטענדיג פערנומען געוועזען מיט זיינע פּלענער און אַרבייטען.

פעררער האָט אין יענער צייט פאָרבערייט אַן אילוסטרירטע אויסגאַבע פון קראָפּאָטקין'ס בוך „די גרויסע רעוואָלוציאָן" אין שפּאַניש, און דיזע

אַרבייט האָט ביי איהם צוגענומען פֿיעל צייט. דעם 26סטען יולי אין דער פֿריה, דעם טאָג, ווען דער גענעראַלסטרייק האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, איז פֿעררער, אַזוי ווי געוועהנליך, געפֿאָהרען פֿון מאָנגאַט נאָך באַרצעלאָנאַ, אום צו אַרבייטען אין זיין פֿערלאַגס-הויז. ער האָט בעזאָרגט אייניגע פּריוואַט־אַנגעלעגענהייטען, זיך דורכגערעדט מיט זיין גראַווירער וועגען די בילדער פֿאַר קראָפּאָטקין'ס בוך און האָט שפּעטער געוואָלט פֿאָהרען צוריק נאָך מאָנגאַט. אָבער ווען ער איז אָנגעקומען ביים וואָקזאַל, איז שוין קיין צוג מעהר געגאַנגען, ווייל די אַרבייטער האָבען אָבגעשטעלט אַלע פֿערבינדונגען. פֿעררער האָט דערפֿאַר בעשלאָסען צו מאַכען די קורצע רייזע פֿון באַרצעלאָנאַ נאָך מאָנגאַט צו פֿוס. דעם 27סטען יולי, 5 אַזייגער אין דער פֿריה איז ער אָנגעקומען אין דערהיים און האָט זיין הויז מעהר ניט פֿערלאָזען ביז דעם 29סטען יולי. אין דיזען טאָג איז געקומען צו געהן אַ שכן'טע און האָט דערצעהלט, אַז אַ יונגע פֿרוי פֿון אַלעליאַ האָט אינפֿאָרמירט די פּאָליציי, אַז זי האָט געזעהן פֿעררער, „אָנפֿיהרענדיג אַ באַנדע רעוואָלוציאָנערען, אום אונטערצוצינדען די מאָנאַסטירען פֿון פּרעמיאַ". פֿעררער און זיין פֿאַמיליע האָבען פֿערשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, און סאָלעדאַד וויליאַפֿראַנקאַ האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען, ביז וואַנען פֿעררער האָט פֿערלאָזען זיין וואוינונג, אום זיך צו פֿערבעהאַלטען ביי גוטע פֿריינד אין דער אומגעגענד. עס האָט זיך אפילו באַלד אַרויסגעצייגט, אַז אין פּרעמיאַ זיינען איבערהויפּט ניט פֿערברענט געוואָרען קיין מאָנאַסטירען, נאָר באַלד נאָך דער אונטערדריקונג פֿון דעם אויפֿשטאַנד האָט די קלעריקאַלע פּרעסע פֿערעפֿענטליכט נייע ליגענס און פֿערלוימדונגען געגען פֿעררער און די „פֿרייע שולע". דעם 11טען אויגוסט האָט שטאַטגעפֿונען אַ גרינדליכע אונטערזוכונג אין פֿעררערס וואוינונג אין דער אַנוועזענהייט פֿון זיין פֿאַמיליע; אָבער מען האָט קיין זאַך ניט געפֿונען. שפּעטער מיט אייניגע טעג האָט מען אַרעסטירט סאָלעדאַד וויליאַפֿראַנקאַ, פֿעררער'ס ברודער באָסע, אַ פֿריעדליכען פֿאַרמער, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט בעשעפֿטיגט מיט פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען, אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, קריסטאָבאַל ליטראַן און אַן ערך דרייסיג לעהרערס פֿון די פֿרייע שולען. מען האָט אַלע אַרעסטירטע אַוועקגעשיקט נאָך אַלקאַניס און טערועל, אָבוואָהל קיינער פֿון זיי האָט ניט גענומען קיין שום אַנטהייל אין די בלוטיגע עראייגניסע פֿון באַרצעלאָנאַ. אין דערזעלבער צייט האָט די פּאָליציי קאָנפֿיסצירט פֿעררער'ס פֿערמעגען אויף דער באַנק פֿון באַרצעלאָנאַ און געמאַכט אַ צווייטע אונטערזוכונג אין זיין וואוינונג. דאָס מאָל, ווען דאָס הויז איז געוועזען ליידיג, זיינען די פֿערטהיידיגער פֿון דער בירגערליכער אָרדנונג געוועזן

מול'דיגער ווי דאָס ערשטע מאָל און האָבען „ענטדעקט" יענע בעריהמטע „רעוואָ-לוציאָנערע דאָקומענטען", מיט וועלכע דאָס קריעגס-געריכט האָט זיך שפּעטער בענוצט, אום פֿעררער צו פֿעראורטהיילען צום טויט. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די דאָזיגע „דאָקומענטען" זיינען ערשט דאַן „ענטדעקט" געוואָרען, ווען די פּאָליציי און איהרע שפּיאָנען זיינען געווען אַליין אין „מאָס זשערמינאַל".

פֿעררער, פֿערשטעהט זיך, איז געוואָרען זעהר אונרוהיג, דערהערענ-דיג, אַז מען האָט אַרעסטירט זיינע נאָהענטע פֿריינד און פֿערוואַנדטע, און זיינע פֿריינד האָבען געהאַט אַ שווערע אַרבייט, אום צו פֿערהינדערען, ער זאָל זיך ניט אַליין אַרויסגעבען. אין יענער צייט האָט ער געשריבען אַ בריעף צו שאַרל אַלבער אין פּאַריז, וועלכער ענטהאַלט די פֿאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „דער פּלאַן פֿון די רעאַקציאָנערען איז גאַנץ קלאָר. אַזוי ווי איך האָב פֿריהער געזאָגט: זיי ווילען פֿערניכטען יעדע אָרגאַניזאַציאָן, יעדען פֿעראיין, יעדע פּערזאָן, וועלכע איז בעקאַנט צו זיי אַלס אַ שונא פֿון דער קירכע. איהר קענט זיך פֿאָרשטעלען, וואָס דיזע שורקען וועלען אויפֿטהון... די קאָנסערוואַטיווע פּרעסע אין מאַדריד און אין די פּראָווינצען ערקלערט שוין איצט, אַז די „מאָדערנע שולע" איז די אור-זאַכע פֿון אַלעס, וואָס האָט פּאַסירט, און אַז דער פֿערשאָלטענער פֿעררער מיט זיינע שולען און ביכער אָהן אַ גאָט און געגען גאָט האָבען ענטוויקעלט דעם וואַהנזין אין די גאַסען".

דעם 29סטען אויגוסט האָט פֿעררער געלעזען אין די צייטונגען, אַז דער פּראָקוראָר פֿון'ם קריעגס-געריכט האָט עפֿענטליך ערקלערט, אַז ער, פֿעררער, האָט אָרגאַניזירט דעם אויפֿשטאַנד. איצטער האָט ער זיך שוין מעהר ניט געקענט צוריקהאַלטען; און אָבוואָהל זיינע פֿריינד האָבען אָנ-געווענדעט אַלע מיטלען איהם איבערצורעדען, האָט ער בעשלאָסען צו פֿער-לאָזען זיין זיכערען פּלאַץ און זיך אַליין איבערצוגעבען צו זיינע פֿערפֿאָלגער. דעם 31סטען אויגוסט איז פֿעררער אַרעסטירט געוואָרען אין דער הויפּט-גאַס פֿון זיין היימאַט-דערפֿעל אַלעליאַ, זייענדיג אויף דעם וועג נאָך באַרצעלאָנאַ. *)

באַלד נאָך פֿעררער'ס אַרעסטירונג האָבען די גלחים פֿון באַרצעלאָנאַ געשיקט אַ בריעף צו דעם מיניסטער-פּרעזידענט מאַוראַ, אין וועלכען זיי האָבען געפֿאָדערט פֿון איהם, ער זאָל מאַכען פֿעראַנטוואָרטליך „דעם גרינדער פֿון די שולען אָהן גאָט" פֿאַר די געוואַלט-אַקטען אין באַרצעלאָנאַ.

*) דער געוועזענער מיניסטער פֿון אינערען, לאַ סיערוואַ האָט דעם בירגער-מייסטער פֿון אַלעליאַ דעקאָרירט מיט אַ מעדאַליע און געלאָזט צוטהיילען £120 צווישען די זעקס פּאָליציסטען, וועלכע האָבען פֿעררער אַרעסטירט.

מאוראַ האָט זיי גענענטפֿערט (דעם 7טען סעפּטעמבער) ווי פֿאָלגט: „איך בעאייל זיך אייך מיטצוטהיילען, אַז די רעגירונג וועט האַנדלען אין דעם זינן פֿון אייער בריעף און זיך אַזוי פֿערהאַלטען, ווי איהר דייטעט אָן".

קען עס געבען אַ בעסערען בעוויז, אַז פֿעררער איז געווען דער אָפּפֿער פֿון אַ שענדליכען קלעריקאַלען קאָמפּלאָט?

* * *

עס איז כמעט אַריבער אַ מאָנאַט צייט, איידער פֿעררער איז געווען אימשטאַנד צו געבען זיינע פֿריינד אַן אויספֿיהרליכען בעריכט איבער זיין לאַגע. ערשט אין אָקטאָבער האָט זיך איהם איינגעגעבען אַרויסצו'גנב'ענען פֿון געפֿענגניס דעם פֿאָלגענדען בריעף צו זיין פֿריינד שאַרל מאַלאַטאָ אין פּאַריז, וועלכער ענטהאַלט אַלע איינצעלהייטען פֿון דער געריכטליכער אונטערזוכונג.

צעלען-געפֿענגניס, באַרצעלאָנאַ, 1-10-1909.

מיין ליעבער שאַרל!

מען געהט איצט אויפֿדעקען דאָס געהיימניס, וואו מען האָט מיך פֿערשפּאַרט פֿאַר אַ מאָנאַט צייט; אָבער איך האָב ביז אַהער ניט געקענט לעזען אַ בריעף, אַ צייטונג, גאָרנישט. אָנשטאָט וואָס מען האָט מיך געדאַרפֿט ברייגגען אין די אָבטהיילונג פֿון די פּאָליטישע, האָט מען מיך אַריינגעזעצט אין אַ צעלע פֿאַר געוועהנליכע פֿערברעכער, וואו איך בין איינגעשלאָסען דעם גאַנצען טאָג, ניט האָבענדיג די מעגליכקייט איבערצוגעבען, צו וועמען עס איז, נייעס וועגען מיר. עס איז איצט נאַכט און איך בענוץ זיך מיט דער געפֿעליגקייט פֿון אַ וועכטער, אום אייך צו שרייבען און צו ערקלערען מיין פֿאַל. אין מיין בריעף פֿון 10טען ביז 12טען אויגוסט האָט איהר דערזעהן, אַז איך האָב בשום אופן ניט געוואוסט פֿון דעם פּלאַן צו מאַכען אַ גענעראַלסטרייק דעם 26סטען יולי, אום צו פּראָטעסטירען געגען דעם קריעג מיט מאַראָקאָ. אָבער איך קען ניט פֿערשטעהן, ווי אַזוי מען האָט געקענט פֿערשפּרייטען דעם קלאַנג, אַז איך בין געווען דער פֿעראורזאַכער פֿון דער דאָזיגער בעוועגונג. ווער איז צוערשט אַרויס מיט אַזאַ בעהויפּטונג? זיינען עס געווען די רעפּובליקאַנער פֿון לערו'ס ריכטונג, דערפֿאַר ווייל דער וואָרצעל פֿון דער בעוועגונג — אַזוי ווי די „הומאַניטע" דערצעהלט — איז געווען אין דעם אַרבייטער מיליע פֿון דער „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ", און ווייל די לערואיסטען האַלטען מיך פֿאַר זייער שונא, דערפֿאַר וואָס איך האָב אונטערשטיצט די „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ", וועלכע בעקעמפֿט זיי? — אָדער זיינען עס געווען די קלעריקאַלען, וועלכע, זעהענדיג אַזאַ טהייערע געלעגענהייט, האָבען מיך ווידער אַמאָל געוואָלט אַרויפֿזעצען אויף די באַנק פֿון די זינדיגע? איך

גלויב, אַז מען איז פֿון ביידע זייטען פֿעראינטערעסירט געווען מיר אָבצו־טהאָן. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, וויסענדיג, אַז איך האָב ניט גענומען קיין שום אָנטהייל אין דער בעוועגונג, האָב איך ניט געלייגט קיין גרויסען ווערטה אויף די אַלע קלאַנגען, דיינקענדיג, אַז מען וועט מיך לאָזען צורוה. פלוצלינג קומט צו געהן אַ פֿרוי פֿון מיין פֿאַמיליע פֿון אַלעליאַ, גאַנץ אויפֿגערעגט, און דערצעהלט אונז, אַז אַ יונג מיידעל האָט ערקלערט, אַז איך בין געווען אין פרעמיאַ אָן דער שפיצע פֿון אַ באַנדע אונטערצינדערס, אום צו פֿערברענען אַ מאָנאַסטיר; זי האָט זאָגאַר פֿערזיכערט, אַז זי האָט עס געזעהן מיט איהרע אייגענע אויגען.

ווער איז געווען דאָס יונגע מיידעל? איז זי געווען בעשעפֿטיגט אין אַ שולע פֿון די מאָנאַכען אין אַלעליאַ, אָדער איז זי געווען אַ דיענסט פֿון ערגעץ אַ קלעריקאַל, פֿון וועלכע עס גיט גענוג און גענוג אין מיין דער־פֿעל? דאָס האָט מיר געמאַכט נאָכצודיינקען. פֿערגעסט ניט, אַז מען האָט איבערהויפּט ניט פֿערברענט קיין מאָנאַסטיר אין פרעמיאַ, און אַז איך בין אין יענער צייט ניט געווען אין דעם דאָזיגען דערפֿעל.

אָט צוליעב דיזער געשיכטע האָב איך זיך געקליבען אַרויסצוציהען דעם אַנדערען טאָג פֿון מיין וואוינונג און צו פֿערברייגען עטליכע טעג ביי פֿריינד אין דער אומגעגענד מיט דער אַבזיכט זיך ווידער צו צייגען אין דער עפֿענטליכקייט, ווי באַלד דער צושטאַנד פֿון אויפֿרעגונג וועט זיין אַריבער און די מוחות וועלען זיך האָבען בערוהיגט. שפּעטער מיט עטליכע טעג האָב איך געוואָלט געהן צו אַ ריכטער, וועמענס נאָמען מען האָט מיר געזאָגט; נאָר די פֿריינד, מיט וועמען איך בין געווען, האָבען מיר גע־ראַטהען איבערצוואַרטען אַם ווייניגסטענס נאָך צוואַנציג טעג צייט. אָבער דעם 29סטען אויגוסט האָב איך געלייענט אין דער פרעסע, אַז אוגאַרטע, דער פֿאָרשטעהער פֿון דעם העכסטען געריכט, וועלכער איז געווען אין באַרצעלאָנאַ, אום צו מאַכען אַן אונטערזוכונג, קומענדיג צוריק נאָך מאַד־ריד און פֿערלאָזענדיג דעם פּאַלאַסט פֿון׳ם קעניג, וועמען ער האָט פֿאָר־געלייענט זיין בעריכט, האָט ערקלערט, אַז איך בין דאָס געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין באַרצעלאָנאַ און אין די אַרומיגע דערפֿער. איצטער האָב איך זיך שוין מעהר ניט געקענט צוריקהאַלטען און ניט אַכטענדיג אויף דעם ראַטה פֿון מיינע פֿריינד, האָב איך בעשלאָסען זיך אַליין איבערצוגעבען צו די אויטאָריטעטען, אום צו פּראָטעסטירען מיט מיין גאַנצער קראַפֿט געגען די בעשולדיגונגען, וועלכע מען האָט אויסגעקלערט אויף מיר. איך האָב פֿערלאָזען דאָס הויז פֿון מיינע פֿריינד אין דער נאַכט פֿון 31סטען אויגוסט. מיין פּלאַן איז

געווען צו מאַרשירען אויף אַ בעזונדערען וועג פֿון צעהן קילאָמעטער די לענג, וואו קיינער האָט מיך ניט געקענט, דירעקט נאָך באַרצעלאָנאַ, אום זיך דאָרטען פֿרייוויליג פֿאָרצושטעלען פֿאַר'ן ריכטער. אָבער איך האָב זיך ניט גערעכענט מיט די סאָמאַטען *) פֿון מיין דערפֿעל, וועלכע האָבען מיך אַרעסטירט, און טראָץ דעם, וואָס איך האָב זיי געבעטען מיך אַוועקצו-פֿיהרען צו דעם ריכטער, וועמענס נאָמען מען האָט מיר איבערגעגעבען, האָבען זיי מיך טראַנספּאָרטירט צו דעם גובערנאַטאָר פֿון באַרצעלאָנאַ. דיזע בויערען, וועלכע האָבען מיך אַלע געקענט, האָבען אַרויסגעצייגט אַן עמפּעהרענדע ווילדקייט צו מיר; איבערהויפּט איינער פֿון זיי, אַ געוויסער בערנאַדאַס מיראַלטאַ, אַ מענש אין מיין עלטער, מיט וועמען איך פֿלעג אָפֿט שפּיעלען, ווען מיר זיינען ביידע נאָך געווען קינדער. ער האָט מיר שטאַרק צוזאַמענגעבונדען די עלענבויגען מיט אַ שטריק און מיך עטליכע מאָל געסטראַשעט, אַז ער וועט מיר צושמעטערען דעם מוח מיט זיין ביקס, ערקלערענדיג אין דערזעלבער צייט, אַז אַזוי ווי ער האָט געלייענט אין די צייטונגען, בין איך דער ערגסטער מענש אויף דער גאַנצער וועלט. פֿאַר זעקס שטונדען צייט האָט מען מיך בעוואַכט אין שטאָדט-הויז. איך האָב געבעטען ביי מיינע וועכטער אַ טרונק, און מען האָט אַריינגעבראַכט אַ קרוג פֿרישע וואַסער; אָבער בערנאַדאַס האָט ניט געוואָלט אויפֿבינדען די שטריק אויף מיינע אָרעמס און האָט זיך אָנגעבאָטען מיר אַליין אַריינצו-גיסען וואַסער אין מויל. איך האָב זיך ענטזאָגט; ער האָט אַוועקגענומען דאָס וואַסער, און איך האָב ניט געהאַט די מעגליכקייט צו בעריהרען דערפֿון אַ טראָפּען. איך דערצעהל אייך דאָס בלויז, אום אייך צו געבען אַ פֿאָרשטעלונג, וואָס פֿאַר אַ מיינונג די קלעריקאַלען האָבען וועגען מיר.

דער גובערנאַטאָר פֿון באַרצעלאָנאַ, אויסהערענדיג מיין פֿערזיכערונג, אַז איך בין אונשולדיג, האָט מיר געענטפֿערט, אַז עס איז זעהר מעגליך, אַז די ביכער פֿון דער מאָדערנער שולע זיינען געווען איינע פֿון די ערשטע אורזאַכען פֿון דעם אויפֿשטאַנד... און פֿאַר דיזע שריפֿטען בין איך יאָ פֿעראַנטוואָרטליך. אויף דער פּאָליציי האָט מען מיך פֿריהער געמאָסטען און פֿאָטאָגראַפֿירט, נאָך דעם האָט מען פֿון מיר אַוועקגענומען מיין וועש און מיינע אַלע קליידער און זאַכען פֿון די שיך ביז דעם היטעל. דערנאָך האָט מען מיר געגעבען נייע וועש, וועלכע מען האָט ספּעציעל פֿאַר מיר

*) די סאָמאַטען איז אַן אינסטיטוציאָן פֿון בעוואַפֿענטע בירגער, אום צו פֿער-טהיידיגען זייער אייגענטהום געגען גנבים; אָבער ווען עס איז נויטווענדיג, העלפֿען זיי אויך די רעאַקציאָנערע רעגירונגען און שפּיעלען די ראָלע פֿון דער פּאָליציי.

געקויפט אין אַ באַזאַר, צוזאַמען מיט אַ פֿאַלשטענדיגען אַנצוג פֿאַר אַ פֿערצעהן פֿראַנק—די וועסט איז געווען אַזוי איינג אויף מיר, אַז איך האָב איהר אפילו ניט געקענט צוקנעפּלען, און די הויזען זיינען געווען פֿופצעהן סענטימעטער צו לאַנג. דערצו האָט מען מיר נאָך געגעבען אַ היטעל, אַזוי ווי די הולעגאַנעס פֿלעגען טראָגען, און אין דיזע קליידער האָט מען מיך געפֿיהרט צום אונטערזוכונגס-ריכטער און אין געפֿענגניס!!! אפילו די אַנגעשטעלטע פֿון דער פּאָליציי זיינען געווען איבערראַשט, דען עס איז געווען דעם ערשטען מאָל, וואָס זיי האָבען געזעהן אַזאַ זאַך. אין דער בעגלייטונג פֿון צוויי פּאָליציסטען האָט מען מיך אין אַ פּאָליציי-וואָגען אַוועקגעפֿיהרט אין געפֿענגניס. דער וואָגען איז אַזוי שנעל געפֿאָהרען און איבער אַזעלכע וועגען, אַז איינער פֿון די פּאָליציסטען, ניט פֿערשטעהענדיג דאָס אַלעס, האָט געעפֿענט אַ קליין פֿענסטערעל און געפֿרעגט די קוטשערס, פֿאַר וואָס זיי פֿאָהרען אַזוי גיך און וואָס פֿאַר אַ וועג זיי מאַכען. דער ענטפֿער איז געווען, אַז מען האָט זיי געגעבען דעם בעפֿעהל צו מאַכען אַ גרויסען אומוועג, אום אויסצומיידען אַ צוזאַמענטרעפֿען מיט די אַרבייטער, וועלכע האָבען פֿערלאָזען די פֿאַבריקען (ס'איז געווען מיטאָג) און צו פֿאָהרען אין פֿולען גאַלאָפּ אָהן אַן אָבשטעל.

דעם 1טען סעפּטעמבער, אין אָבענד, האָט שטאַטגעפֿונען מיין ערשטער פֿערהער דורך דעם קאָמאַנדיר וויסענטע ליוויגאַ אי פֿערנאַנדעס, וועלכען מען האָט אויסגעקליבען צו אונטערזוכען מיין פֿאַל. ער האָט מיך געפֿרעגט, ווי אַזוי איך האָב פֿערבראַכט די טעג פֿון'ם 24סטען, 25סטען און 26סטען יולי. איך האָב איהם גענענטפֿערט, אַז דעם 24סטען און 25סטען בין איך איבערהויפּט ניט אַרויסגעקומען פֿון מאָנגאַט; דערנאָך האָב איך איהם געגעבען אַן אויספֿיהרליכען בעריכט, ווי אַזוי איך האָב פֿערבראַכט דעם 26סטען אין באַרצעלאָנאַ, און ווי ערשטוינט איך בין געווען, הערענדיג, אַז מען האָט פּראָקלאַמירט דעם גענעראַלסטרייק. ער האָט מיך געפֿרעגט, צי איך דיינק, אַז דער אויפֿשטאַנד איז פֿון אימיצען אָרגאַניזירט און אָנגעפֿיהרט געוואָרען, און אויב יאָ — פֿון וועמען?... איך האָב איהם איבערגעגעבען, וואָס איך האָב געלייענט וועגען דעם אין דער „הומאַניטע" און איהם געראַטהען אַליין איבערצולייענען די דאָזיגע אַרטיקלען, וועלכע שיינען מיר צו זיין געשריבען פֿון איינעם פֿון די דריי אָדער פֿיער מענער, וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען די בעוועגונג, און וועלכע ערקלערען גאַנץ גוט אַלעס, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען. ער האָט מיר נאָך אַנדערע פֿראַגען געשטעלט; אָבער עס האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דער ריכטער איז דורכגעדרונגען פֿון דעם שטרעבען, וועלכער דאַרף

בעהערשען אַ ריכטער: צו װעלען אויסגעפינען דעם אמת און נור דעם אמת. איך בין געװען זיכער, אַז אין אַזאַ פאַל װעט מען מיך ניט פערהאַלטען לאַנג. אָבער װען עס איז אַריבער דער 2טער, 3טער, 4טער און 5טער סעפטעמבער, און איך האָב מעהר ניט געזעהן דעם ריכטער, בין איך גע-װאָרען אונרוהיג. דעם 6טען האָט מען מיך װידער גערופען אויף אַ פער-הער; אָבער עס איז ניט מעהר געװען דערזעלבער ריכטער, נאָר אַן אַנ-דערער אָפיציר — װאַלעריאָ ראַסאָ. ער איז געװען צו מיר גאַנץ אַנשטענדיג, נאָר איך האָב עפּעס דערפיהלט אין איהם, װאָס האָט מיר דערמאָהנט אין בעסעררא דעל טאָראָ. אַזעלכע פערזאָנען זיינען זעהר העפליך, דער אויס-זעהן זייערער איז אַ גוטער, אָבער זיי זיינען אַזוי שטאַרק פערליעבט אין זייער האַנדװערק, אַז װעלענדיג אויסגעפינען די שולד פון אַ מנשען, פער-געסען זיי זיך אין גאַנצען, אַז זיי זיינען ריכטער, װעמענס אויפגאַבע עס דאַרף זיין צו זוכען דעם אמת איבעראַל און ניט בלויז אויף איין זייט. מיין בעקאַנטשאַפט מיט דאָן װאַלעריאָ ראַסאָ האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַן אונ-טערזוכונג פון מיין קערפער דורך צװיי מיליטער-דאָקטוירים, װעלכע האָבען געזעהן אויסצוגעפינען אויף מיר פערװאונדונגען אָדער פרישע סמנים פון אַזעלכע. דער ריכטער האָט זיי נאָך אַמאָל דערמאָהנט, אַז זיי האָבען געשװאָרען צו זאָגען דעם אמת, און די ביידע האָבען מיך אונטערזוכט פון קאָפ ביז די פיס מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, אַז װען איך װאָלט מיר אונגליקליכערװייזע אַליין געמאַכט אַ װאונד אָדער געהאַט אויף זיך דעם סמן פון אַ קראַץ, װאָלט מיר קיין זאַך ניט געהאָלפען — מען װאָלט מיר באַלד דערשאָסען. ניט געפינענדיג קיין פערדעכטיגע סמנים אויף מיר, האָבען זיי אָנגעהויבען אונטערזוכען מיין קאָפ און מיינע הענד, איבערקוי-קענדיג יעדע האָר, אפשר װעלען זיי געפינען אַ פערסמאַליעט הערעל. דאָס װאָלט דאָך געװען אַ בעװייז, אַז איך האָב זיך בעטהייליגט אין דער פער-ברענונג פון מאָנאַסטירען; אפילו װען איך װאָלט זיך פערסמאַליעט ביי זיך אין דערהיים, אָנצינדענדיג פייער. מיט דעם האָט זיך געענדיגט די אונטערזוכונג, און דער ריכטער האָט מיר געשיקט צוריק אין מיין צעלע.

דעם 9טען האָט מיך דער נייער ריכטער דעם ערשטען מאָל פער-הערט. ער האָט מיך געפרעגט, אויב איך בין דעם 26סטען יולי געװען אין פאָלקס-הויז פון באַרצעלאָנאַ און דעם 28סטען אין פרעמיאַ און מאַסאָנו און װאָס איך האָב דאָרטען געטהאָן. איך האָב איהם געזאָגט דעם אמת, נאָר עס האָט זיך מיר אויסגעװיזען, אַז מיינע װערטער האָבען געמאַכט אַ קנאַפּען איינדרוק אויף איהם. ער האָט געלייגט אַ גרויסען װערטה אויף אַן אויטאָביאָגראַפישע סקיצע, װעלכע איך האָב אין 1907 געשיקט צו

פון מאַן, וועלכער האָט מיך געבעטען דערום פאַר זיין אַלמאַנאַק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פעדעראַציאָן פון די פריידיינקער. ווען איך האָב ערקלערט, אַז איך בעלאַנג ניט צו קיין פּאָליטישער אָדער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, און אַז איך גיב זיך אויסשליסליך אָב מיט דער ראַציאָנאַלער ערציהונג, האָט וואלעריאָ ראַסאָ געגלויבט דערין צו געפינען אַ ווידערשפרוך מיט געוויסע רעוואָלוציאָנערע ערקלערונגען אין דער אויטאָביאָגראַפישער סקיצע. איך האָב איהם באַלד בעוויזען, אַז ער האָט אַ טעות, ווייל איך האָב דאָרט גערעדט פון מיינע רעוואָלוציאָנערע אידעען אין 1885, ניט פון מיינע איצטיגע איבערצייגונגען. דערנאָך האָט ער צוגעלייגט זעהר פיעל וויכטיגקייט צו אַ בריעף, וועלכען איך האָב אין 1892 געשריבען צו לערו, איהם אויפפאָדערענדיג צו שטעלען זיך אָן דער שפּיצע פון דער רעפּובליקאַנישער בעוועגונג אין שפּאַניען. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך האָב זיך אין יענער צייט נאָך ניט אין גאַנצען בעפרייט געהאַט פון די פראַגען פון די פּאָליטיקער. נאָך אַ וויכטיגער דאָקומענט איז געווען אַ בריעף פון עסטעוואַנעס פון 1906 אָן מאַרראַל, וואו ער האָט איהם געענטפערט וועגען אַ בוך, וועלכעס ער האָט געבעטען ביי איהם און אַ רעצעפּט צו פּראָדוצירען אַ געוויסע סאָרט זאמד. איך האָב געענטפערט, אַז דיזע פראַגע איז שוין דיסקוטירט און ענטשידען געוואָרען אין 1906 און 1907. ענדליך נאָך אַ שרעקליכע זאַך — אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציע, וועלכע די פּאָליציי האָט געפונען ביי מיר אין דערהיים, און וועלכע איך האָב איצט דעם ערשטען מאָל געזעהן. דער ריכטער האָט ערקלערט, אַז מען האָט געפונען די דאָזיגע פּראָקלאַמאַציע אין דער אַנוועזענהייט פון מיין ברודער, מיין שוועגערין און סאָלדאַד. איך האָב איהם געענטפערט, אַז אויב דאָס איז ווירקליך דער פאַל, קען איך ניט פערשטעהן, ווי אַזוי זי איז אַריינגעקומען אין מיין וואוינונג, ערקלערענדיג נאָך אַמאָל, אַז איך האָב איהר קיינמאָל בעפאָר ניט געזעהן. אין דער פּראָקלאַמאַציע רעדט מען פון פערברענען די מאָנאַסטירען, אויס'הרג'ענען די גלחים, צושטערען די באַנקען און צו פערניכטען אַלצדינג. איהר בעגרייפט, מיין פריינד, אַז מען האָט מיך געוואָלט מאַכען צום אויטאָר פון דיזער פּראָקלאַמאַציע, און דער ריכטער האָט זאָגאַר פּרעטענדירט צו וויסען, אַז איך אַליין האָב איהר צוטהיילט. איצטער האָב איך פערשטאַנען, אַז מען וויל מיר מאַכען פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלעס, וואָס עס זאָל ניט קאָסטען, פאַר אַלעס, אין דער צייט ווען איך האָב זיך אין קיין זאַך ניט בעטהייליגט. דער ריכטער איז אַוועקגעגאַנגען און איך האָב געהאַט גענוג צייט נאָכצודיינקען וועגען דיזער פערשאָלטענער פּראָקלאַמאַציע, דען עס האָט גענומען צעהן טעג צייט, איידער ער

איז ווידער געקומען צו מיר. דעם 19טען סעפּטעמבער, ווען מען האָט מיך גערופֿען אויף דעם צווייטען פֿערהער, האָב איך פּראָטעסטירט, אַז מען זאָל גאָר צושטעלען די פּראָקלאַמאַציע צו מיין אַפֿערע, אויפֿווייזענדיג, אַז עס איז אָדער אַן אירטהום פֿון דער פּאָליציי אָדער פֿון דעם ריכטער, צו בע־הויפּטען, אַז מען האָט געפֿונען דעם דאָזיגען דאָקומענט אין דער אַנוועזענהייט פֿון מיין פֿאַמיליע. איך האָב אויפֿגעצייגט, אַז דאָס קען ניט זיין ריכטיג, ווייל ביי דער ערשטער אונטערזוכונג אין מיין הויז אין מאָנגאַט, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען דעם 11טען אויגוסט פֿון אַ לייטנאַנט פֿון דער „גוואַרדיאַ סיוויל” און צוויי לאָקאַלע בעאַמטע, און וועלכע האָט זיי גענומען צוועלף שטונדען צייט, האָט מען בלויז מיטגענומען דריי דאָקומענטען: אַ בריעף פֿון שאַרל אַלבער אַדרעסירט צו מיין ברודער; אַ בריעף פֿון אַנסעלמאָ לאָרענסאָ, אין וועלכען ער רעדט פֿון 900 פּעסעטאַס, וועלכע איך האָב אויסגעבאָרגט צו דער „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ” פֿאַר צו דינגען אַ פֿער־איינס־לאָקאַל; און אַ שליסעל פֿאַר שיפֿרירטע בריעף פֿון לערו, וועלכער איז שוין עטליכע יאָהר אַלט געווען. דער ריכטער האָט מיר פֿערשפּראָכען פֿאָרצוברייננגען מיין פּראָטעסט, אָבער ביז איצט האָב איך ניט בעמערקט, אַז ער האָט עס ווירקליך געטהאָן.

אויף דעם פֿערהער פֿון'ם 19טען סעפּטעמבער האָט מען זיך אויס־שליסליך בעשעפֿטיגט מיט דעם מאַנוסקריפּט פֿון אַ רעוואָלוציאָנערען אויפֿרוף, וועלכען איך האָב אָנגעשריבען אין 1892, ווען עס האָט שטאַט־געפֿונען דער קאָנגרעס פֿון די פֿריידיינקער אין מאַדריד. דער ריכטער האָט פּרעטענדירט צו זעהן אַ גרויסע עהנליכקייט צווישען דאָס, וואָס איך האָב אָנגעשריבען מיט זיעבעצעהן יאָהר צוריק און דאָס, וואָס האָט פּאַסירט אין יולי 1909. ס'איז געווען אומזיסט, וואָס איך האָב איהם ערקלערט, אַז איך קען בשום אופן ניט געפֿינען אַזאַ עהנליכקייט, אַז דער מאַנוסקריפּט איז קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרען און אַז איך האָב שוין לאַנג פֿערגעסען אין איהם; ער האָט מיר געענטפֿערט, אַז ער איז אויף יעדע נאַכט ביז דריי אין דערפֿריה, שטודירענדיג יעדעס וואָרט פֿון דעם דאָזיגען אויפֿרוף, אום צו דערגעהן זיין אמת'ע בעדייטונג... וואָס קען מען טהאָן? ער איז אַוועק, אי־בערלאָזענדיג מיך אין גרויסע זאָרגען. איך האָב בעשלאָסען ביי זיך אויף דעם נעכסטען פֿערהער צו פּראָטעסטירען מיט מיין גאַנצער ענערגיע געגען דעם פֿערזוך אויסצוגעפֿינען בעווייזע אין מיין פֿערגאַנגענהייט, אום צו רעכט־פֿאַרטיגען די איצטיגע אָנקלאַגע; איך האָב אויך געוואָלט פּראָטעסטירען געגען די בעשולדיגונגען, וועלכע די רעפּובליקאַנער פֿון לערו'ס ריכטונג אין פּרעמיאַ און מאַסנאָו האָבען אויפֿגעהויבען געגען מיר. איהר קענט זיך

פֿאַרשטעלען, ווי איבערראַשט איך בין געווען, ווען דער ריכטער קומט היינט צו געהן און ערקלערט מיר, אַז די אונטערזוכונג איז געשלאָסען, און איך וועל דאַרפֿען ערשיינען אין איניגע טעג אַרום פֿאַר דעם קריעגס-געריכט. ער האָט מיר געגעבען אַ ליסט מיט די נעמען פֿון אָפֿיצירען און מיך געבעטען אויסצוקלייבען אַ פֿערטהיידיגער. איך האָב שטאַרק פּראָטעסטירט, ער־קלערענדיג, אַז איך האָב נאָך פֿיעלעס צו זאָגען מכח דער האַנדלונג פֿון דער פּאָליציי, וועלכע האָט אָנגעבאָטען געלד צו איינעם פֿון מיינע בע־קאַנטע, אום ער זאָל אויסזאָגען געגען מיר; אויסערדעם האָב איך נאָך געהאַט מאַנכעס צו ערקלערען מכח די מאָטיווען, וועלכע האָבען בעאיינ־פֿלוסט די לערואיסטען מיר צו בעשולדיגען. ער האָט מיר קיין זאַך ניט ערלויבט, ערקלערענדיג, אַז דאָס מיליטער-געזעץ איז ניט ווי דאָס ציוויל־געזעץ. אָט דאָס איז דער סוף: מען וועט מיך ריכטען — ריכטען? אין איינעם פֿון די נעכסטע פֿיער טעג; און איך האָב שטאַרק מורא, אַז מיינע ריכטער זיינען אין גייסטיגער בעציהונג ניט גענוג פֿריי, אום אָבצוגעבען אַן אונפּאַרטייאישען אורטהייל איבער די בעשולדיגונגען, וועלכע מען האָט אויפֿגעהויבען געגען מיר. — אָט גיב איך אייך איבער די פֿאַקטען, וועלכע האָבען פֿאַר דעם ריכטער אַ געפֿעהרליכע בעדייטונג: מיטוואָך דעם 28סטען יולי בין איך געגאַנגען קיין מאַסנאָו — אַ קליין דערפֿעל אַן ערך צוויי קילאָמעטער פֿון „מאַס זשערמינאַל" — צו לאָזען זיך דאַרטען ראַזירען, אַזוי ווי איך פֿלעג שטענדיג טהאָן צוויי מאָל אַ וואָך. אָנקומענדיג ביים פֿריזירער, האָבען זיך באַלד אָנגעקליבען אַסך מענשען אַרום מיר, וועלכע האָבען מיך געפֿרעגט, צי עס איז ריכטיג, אַז איך בין געווען דער איני־ציאַטאָר פֿון דער בעוועגונג אין באַרצעלאָנאַ. איך האָב ביז אַהער ניט געוואוסט, אַז עס געהט אַרום אַזאַ קלאַנג, און איך האָב די לייטע ער־קלערט, אַז איך וויים פֿון קיין זאַך ניט; פֿערקעהרט, איך וואָלט אַליין געוואונשען צו הערען נייעס פֿון באַרצעלאָנאַ, אום צו וויסען, אויב די געשעפֿטען זיינען ווידער אָפֿען, ווייל עס איז געווען מיין וואונש צו בעזוכען מיין בוכהאַנדלונג, ווי באַלד נאָר דער סטרייק וועט זיך ענדיגען. אין דעמזעלבען מאָמענט איז פֿאָרבייגעפֿאָהרען אַ שיף מיט פּערזאָנען פֿון מאַסנאָו, וועלכע זיינען געקומען פֿון באַרצעלאָנאַ; נאָר אַזוי ווי מען האָט זיי ניט ערלויבט אַראָבצוגעהען פֿון שיף אין מאַסנאָו, זיינען זיי געפֿאָהרען קיין פּרעמיאַ, אַ דערפֿעל צוויי קילאָמעטער פֿון מאַסנאָו. איך האָב גע־פֿרעגט אַ געוויסען פּויג ליאַרטש, וועלכער האָט דערצעהלט, אַז עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו בערוהיגען אַ מאַסע מענשען, וואָס איז געווען פֿאַרטיג צו בעגעהן געוואַלט-אַקטען, און וועלכער איז דערפֿאַר געלויבט

געוואָרען פֿון דעם בירגערמייסטער פֿון מאַסנאָ, איך האָב איהם געפֿרעגט, אויב ער וויל געהן מיט מיר נאָך פרעמיאַ, אום צו הערען נייעס פֿון די מענשען, וועלכע זיינען אָנגעקומען פֿון באַרצעלאָנאַ איבער דעם צושטאַנד אין דער שטאָדט. דער דאָזיגער ליאַרטש איז דער פּרעזידענט פֿון דעם רעפּובליקאַנישען קאָמיטע אין מאַסנאָ. ער איז געווען איינשטימיג, און מיר זיינען געגאַנגען נאָך פרעמיאַ, נאָר די מענשען זיינען אויך דאָרטען ניט אַראָב פֿון שיף און דערפֿאַר זיינען מיר געגאַנגען צוריק אַהיים — ער נאָך מאַסנאָ און איך נאָך מאָנגאַט. עס פֿערשטעהט זיך, אַז וועהרענד די פֿינף אָדער צעהן מינוטען, וואָס מיר זיינען געווען אין פרעמיאַ, האָבען אונז אַרומגערינגעלט אַסך מענשען, אַזוי ווי עס איז שטענדיג דער פֿאַל ביי אַזעלכע געלעגענהייטען, ווען מען פֿערזוכט צו דערגעהן נייעס. אָט פֿון דעם בעזוך אין פרעמיאַ האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אַפֿערע, ווייל דער־זעלבער פּואיג ליאַרטש פֿון מאַסנאָ האָט איבערגעגעבען די אויטאָריטעטען, אַז איך האָב איהם פֿאָרגעשלאָגען צוצושטהען צו דער בעוועגונג אין באַר־צעלאָנאַ און צו פֿערברענען דעם מאָנאַסטיר און די קירכע פֿון מאַסנאָ — אַ בעהויפּטונג, וועלכע איז אַבסאָלוט פֿאַלש. שפּעטער איז געקומען צוגעהן דער רעפּובליקאַנישער בירגערמייסטער פֿון פרעמיאַ, אַ געוויסער קאַסאַס, וועלכער איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען צווישען די מענשען, וואָס האָבען אונז אַרומגערינגעלט, און האָט ערקלערט, אַז איך האָב איהם פֿאָרגע־שלאָגען צו פּראָקלאַמירען די רעפּובליק אין פרעמיאַ און צו פֿערברענען דעם מאָנאַסטיר און די קירכע, אַן ערקלערונג, וועלכע איז איינפֿאַך אַרויס-געזויגען פֿון די פֿינגער. דער ריכטער האָט מיר פֿאָרגעשטעלט דיביידע קאַנאַליעס, און זיי זיינען געבליבען ביי זייערע בעהויפּטונגען, טראָץ מיינע פּראָטעסטען און טראָץ דעם וואָס איך האָב זיי דערמאָהנט, אַז מיר האָבען בלויז איבערגערעדט די געוועהנליכע ווערטער פֿון יענער צייט: „וואָס הערט זיך דאָרטען?" „וואָס ווייסט איהר עפּעס פֿון דאָרטען?" „וואָס זאָגט מען?"

אויב איך וועל קענען, וועל איך מאָרגען פֿאָרטזעצען מיין בריעף איצטער בין איך צו מיעד. דער לעצטער מאָנאַט איז געווען פֿאַר מיר זעהר אַ האַרטער. מען האָט מיר געהאַלטען פֿערשפּאַרט אין אַ שמוציגער פֿערפֿוילטער צעלע אָהן ליכט און אָהן לופֿט און דאָס עסען, וועלכעס מען האָט מיר געגעבען איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס מען קען זיך פֿאָר־שטעלען. מען דאַרף זיין שטאַרק, אום איבערצוטראָגען אַזאַ צושטאַנד...

אַלעס גוטס צו אַלע, אַלע, אַלע.

פֿ. פֿעררער.

* * *

דעם 7טען אָקטאָבער האָט פֿעררער געשריבען אַ בריעף צו דער רעפּובליקאַנישער צייטונג „על פּאַאיס״ אין מאַדריד, אין וועלכען ער האָט נאָך אַמאָל ערקלערט, אויף וואָס פֿאַר אַ שענדליכען אופֿן מען האָט זיך בענאַנגען מיט איהם און מיט וועלכע נידערטרעכטיגע מיטלען מען האָט פֿאַבריצירט אַן אָנקלאַגע, וועלכע האָט ניט קיין שום פֿונדאַמענט. ער האָט אויפֿגעדעקט די אייגענטליכע מאָטיווען פֿון זיינע קלעריקאַלע שונאים און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל פּראָטעסטירען אין דער עפֿענטליכקייט, אום צו פֿערהינדערען דעם פֿערברעכען, וועלכען די רעאַקציאָן האָט געפּלאַנעוועט.

עס האָט זיך אויך אויפֿגעהויבען אַ שטאַרקע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָטעסט־בעוועגונג, הויפּטזעכליך אין פֿראַנקרייך און איטאַליען, וועלכע האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל פֿעררער שטעלען פֿאַר אַ ציוויל־געריכט. אָבער דיזעס מאָל האָבען די אינקוויזיטאָרען פֿון דער שפּאַנישער „יוסטיץ״ שוין ניט געוואָלט אַרויסלאָזען זייער אָפּפֿער פֿון זייערע בלוטיגע הענד. אונטער דעם דרוק פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג איז מאַוראַ געצוואונגען געווען אויפֿצוהויבען דעם קריעגס-צושטאַנד אין שפּאַניען מיט דער אויסנאַהמע פֿון קאַטאַלאָניען. דעם 15טען אָקטאָבער האָט זיך געדאַרפֿט אויפֿעפֿענען דער פּאַרלאַמענט, און דאָס איז געווען אַ געפֿאַהר פֿאַר די רעאַקציאָנערען, ווייל די רעגירונג וואָלט זיכער ניט אימשטאַנד געווען צו אונטערדריקען דעם פּראָטעסט פֿון די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען. אָבער ווען דער קריעגס־צושטאַנד וואָלט אויפֿגעהויבען געוואָרען אין קאַטאַלאָניען, וואָלט מען פֿעררער געמוזט שטעלען פֿאַר אַ ציוויל-געריכט, און דאָרטען וואָלטען זיך באַלד אַרויסגעצייגט אַלע אינטריגעס פֿון דער פּאָליציי און פֿון די קלעריקאַלען. אָט דערפֿאַר האָט מען געמוזט האַנדלען גיך, אום צו קענען אויספֿיהרען דעם יוסטיץ־מאָרד.

פֿעררער, זעהענדיג, אַז ער האָט ניט קיין אַנדער אויסוועג, האָט זיך אויסגעקליבען דעם קאַפּיטאַן פֿראַנסיסקאָ גאַלסעראַן אַלס אַ פֿערטהיידיגער, און זיין וואַהל איז ניט געווען קיין שלעכטע, דען גאַלסעראַן האָט בעוויזען, אַז ער איז אַן עהרען־מאַן, אַ מאַן מיט מוטה און כאַראַקטער. פֿון דעסטוועגען איז ער ניט געווען אימשטאַנד צו ראַטעווען פֿעררער'ס קאָפּ, ווייל פֿעררער איז שוין פֿעראורטהיילט געווען, נאָך איידער די פּראָצעס־קאָמעדיע פֿאַר דעם קריעגס-געריכט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען. גאַלסעראַן האָט פֿערלאַנגט דעם בעשולדיגונגס־אַקט, כדי ער זאָל קענען שטודירען די אייגעלהייטען פֿון דער אָנקלאַגע; נאָר מען האָט איהם ענטזאָגט. ערשט פֿיער-און-צוואַנציג שטונדען בעפֿאָר דעם פּראָצעס האָט מען איהם ערלויבט אַ קוק צו טהאָן אויף די אַקטען, אַ דאָקומענט פֿון העכער 600 גרויסע

זייטען... גאַלסעראַן האָט געפֿאָדערט, מען זאָל איהם ערלויבען אויך איינצולאַדען אַזעלכע עדות, וועלכע קענען בעווייזען, אַז פֿעררער איז אונשולדיג; מען האָט איהם ענטזאָגט... סאָלעדאַד ווילאַפֿראַנקאַ, פֿעררער׳ס ווייב, האָט געשריבען צו דעם אונטערזוכונגס־ריכטער און איהם געבעטען, ער זאָל איהר ערלויבען צו זאָגען עדות; מען האָט איהר ענטזאָגט, ערקלערענדיג, אַז עס איז שוין צו שפעט, פֿון דעסטוועגען האָט מען פֿערהערט אַנדערע עדות נאָך שפעטער. — די קלעריקאַלע פרעססע האָט געשטורמט, אַז אין די לעזע־ביכער פֿון דער „עסקועלאַ מאָדערנאַ" געפֿינען זיך אויפֿפֿאָדערונגען צו מאָרד און פלינדערונג. גאַלסעראַן האָט געבעטען, מען זאָל איהם איבערגעבען איין עקזעמפלאַר פֿון יעדער אויסגאַבע; מען האָט איהם ענטזאָגט. פֿעררער׳ס פֿריינד אין אויסלאַנד, היפֿאָרד, שאַרל אַלבער, מאַלאַטאַ, נאַקע און פֿיעלע אַנדערע האָבען צוגעשיקט צו גאַלסעראַן׳ן אַסך וויכטיגע בריעף און דאָקומענטען; ער האָט זיי קיינמאָל ניט ערהאַלטען. מיט איין וואָרט, די אינקוויזיטאָרען פֿון׳ם קריעגס־געריכט האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום צו פֿערהינדערען יעדע פלאַנמעסיגע פֿערטהיידיגונג; זייער אורטהייל איז שוין לאַנג געווען בעשטימט, און די גאַנצע פראָצעס־קאָמעדיע איז פֿאַר זיי מעהר ניט געווען ווי אַ מיטעל צו פֿערמאַסקירען דעם ברוטאַלען מאָרד און צו געבען דעם שענדליכען פֿערברעכען דעם שיין פֿון גערעכטיגקייט.

XIII.

## פֿעררער פֿאַר׳ן קריעגס־געריכט.

דעם 9טען אָקטאָבער, אַכט אַזייגער אין דער פֿריה האָט זיך אָנגע־פֿאַנגען פֿעררער׳ס פּראָצעס פֿאַר דעם קריעגס־געריכט אין באַרצעלאָנאַ. דער פּרעזידענט, דאָן עדואַרדאָ אַגיררע דע לאַ קאַליע, ערעפֿענט די זיצונג און הייסט אַריינפֿיהרען דעם אָנגעקלאָגטען. פֿעררער ערשיינט צווי־שען צוויי סאָלדאַטען; זיין געזיכט איז רוהיג און קאַלט; ער טראָגט אויף זיך דיזעלבע שמאַטעס, וועלכע זיינע היינקער האָבען איהם ספּעציעל גע־געבען, כדי ער זאָל מאַכען אַ לעכערליכען איינדרוק. דער אָנגעקלאָגטער בעגריסט זיינע ריכטער מיט העפֿליכקייט און פֿערזוכט אָבצוגעבען אַ קורצע ערקלערונג, וואַרום ער ערשיינט פֿאַר׳ן געריכט אין אַזאַ לעכערליכען אַנצאָג, נאָר דער פּרעזידענט שלאָגט איהם באַלד איבער און פֿעררער זעצט זיך רוהיג אַוועק לעבען זיין פֿערטהיידיגער.

וואַלעריאָ ראַסאָ אי נעגריני הויבט אָן פֿאָרלעזען זיין בעריכט, אַ דאָ־קומענט, וועלכער איז העכער 50 זייטען שטאַרק, און אין וועלכען עס איז אַלעס פֿעראייניגט, וואָס מענשליכע נידערטרעכטיגקייט קען אויסקלערען. מיר געפֿינען דאָ אַלע בעהויפּטונגען, וועלכע די פֿערשידענע עדות האָבען געמאַכט פֿאַר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער; אָבער פֿיעלע פֿון דיזע עדות זיינען ניט ערשינען פֿאַר׳ן געריכט, כדי פֿעררער און זיין פֿערטהיידיגער זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען זייערע ווערטער. דער שעף פֿון דער פּאָליציי אין באַרצעלאָנאַ ערקלערט, אַז פֿעררער איז בעקאַנט אַלס אַ געפֿעהרליכער אַנאַרכיסט, אַז ער איז באַלד נאָך זיין ערשטער בעפֿרייאונג אין 1907 געפֿאָהרען קיין פּאַריז און געוואָרען איינער פֿון די טהעטיגסטע מיטגלידער פֿון דער „אַלגעמיינער ארבייטער פֿעדעראַציאָן" און אַז ער איז פּונקט צוריק־געקומען פֿון לאָנדאָן, איידער דער אויפֿשטאַנד האָט זיך אָנגעפֿאַנגען.

מאַנועל וועלאַסקעס, אַן אונטעראָפֿיציר פֿון דער „גואַרדיאַ סיוויל" ערקלערט, אַז פֿעררער איז עפֿטער געקומען קיין מאַסנאָ, אום איינצורעדען די מענשען זיי זאָלען העלפֿען זייערע ברידער אין באַרצעלאָנאַ. נאָר די

איבעריגע עדות, וועלכע זיינען אַלע געגען פֿעררער, ערקלערען, אַז דער לעצטער איז נור איינמאָל געווען אין מאַסנאָו, דעם 28סטען יולי, ווען ער איז געקומען זיך לאָזען ראַזירען.

דער פֿריזירער פֿראַנסיסקאָ דאָמענעטש גיט אָב צוויי ערקלערונגען, פֿון וועלכע די איינע איז דירעקט אַנטאַגאָניסטיש צו דער צווייטער, און מען דערקענט, אַז עס איז געווען פּשוט מורא, וואָס האָט איהם געצוואונגען אויסצוזאָגען געגען פֿעררער.

דער בירגערמייסטער קאַסאַס פֿון׳ם דערפֿעל פּרעמיאַ ערקלערט, אַז אַ מאַן, וועלכער האָט זיך גערופֿען פֿעררער אי גאַרדיאַ, האָט איהם אויפֿגעפֿאָדערט צו נעהמען אַן אַנטהייל אין דער בעוועגונג. דערביי איז צו בעמערקען, אַז קאַסאַס איז אַליין שווער קאָמפּראָמיטירט געוואָרען דורך אַ געוויסען קאַהוע, אַ מיטגליד פֿון דער מוניציפּאַל־פֿערוואַלטונג אין פּרעמיאַ, און ער איז שוין העכער זעקס וואָכען געזעסען אין געפֿענגניס, דערפֿאַר וואָס מען האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער האָט גענומען אַן אַנטהייל אין דער פֿערברענונג פֿון דעם מאָנאַסטיר אין פּרעמיאַ.

דער נעכסטער עדות, פּואיג ווענטוראַ ליאַרטש, וועלכער האָט ערקלערט, אַז פֿעררער האָט איהם פֿאָרגעשלאָגען אונטערצוצינדען דעם מאָנאַסטיר און די קירכע פֿון מאַסנאָו, איז געווען אין דערזעלבער לאַגע ווי דער בירגערמייסטער פֿון פּרעמיאַ. אויך ער איז שוין געזעסען זעקס וואָכען צייט אין געפֿענגניס, און ניט ווייניגער ווי נייַנצעהן עדות האָבען ערקלערט, אַז ער האָט גענומען אַן אַנטהייל אין דער פֿערברענונג פֿון די מאָנאַסטירען.*) פֿאַר אַווירקליכען געריכט וואָלט מען אַזעלכע „עדות" קיינמאָל ניט צוגעלאָזען, ווייל פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע זיינען אַליין שטאַרק קאָמפּראָמיטירט, איז זעהר לייכט צו ערוואַרטען, אַז זיי וועלען קאָמפּראָמיטירען אַן אונשולדיגען, כדי צו ראַטעווען זייערע אייגענע קעפּ.

נייַנצעהן בויערען פֿון פּרעמיאַ ערקלערען, אַז קורץ נאָך דעם ווי פֿעררער און ליאַרטש האָבען פֿערלאָזען דאָס דאָרף, האָט מען אונטערגעצונדען דעם מאָנאַסטיר; נאָר בעשטימטע בעווייזען, אַז פֿעררער איז געווען דער איניציאַטאָר פֿון דיזער האַנדלונג, האָט קיינער ניט געקענט פֿאָרברייגגען.

אַ געוויסער לאָרענסאָ אַרדיד האָט ערקלערט, אַז דעם 26סטען יולי האָט פֿעררער איהם געפֿרעגט, וואָס ער דיינקט וועגען די היינטיגע פּאַסי-

---

*) די ביידע „עדות" קאַסאַס און פּואיג ווענטוראַ ליאַרטש זיינען באַלד בעלוינט געוואָרען פֿאַר זייער „לאָיאַליטעט". מען האָט זיי „פֿאַרלויפֿיג" בעפֿרייט, צום פּרייז די שווערע בעשולדיגונגען, וועלכע מען האָט אויפֿגעהויבען געגען זיי.

רונגען, און ער זעהט אין דיזער פֿראַגע אַ וויכטיגען בעווייז פֿאַר פֿעררער׳ס שולד. צום שלום דערמאָהנט דער בעשולדיגונגס־אַקט אויך די בעריהמטע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציע, וועלכע די פּאָליציי האָט „געפֿונען" אין פֿעררער׳ס הויז, ווען קיינער איז דערביי ניט געווען, און וועלכע מען האָט ניט געקענט ענטדעקען מיט עטליכע וואָכען בעפֿאָר, ווען פֿעררער׳ס פֿאַמיליע איז געווען אַנוועזענד ביי דער הויז־זוכונג, וועלכע האָט פֿערנומען צוועלף שטונדען צייט.

* * *

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. אויסער דיזע מעהר אָדער וויניגער דירעקטע בעשולדיגונגען לייענט מען נאָך פֿאַר די ערקלערונגען פֿון אַסך מענשען, וועלכע ענטהאַלטען ניט מעהר ווי אונבעשטימטע „מאָראַלישע איבערציינגונגען", וועלכע זאָלען בעווייזען, אַז פֿעררער איז טאַקע שולדיג. אַזוי ווי דיזע ערקלערונגען ווערען נור פֿאָרגעלעזען און די עדות ערשיינען ניט פּערזענליך, גיט עס ניט קיין שום מעגליכקייט צו עקזאַמינירען דיזע אַלע בעהויפּטונגען. אַזוי ערקלערט צ.ב.ש. דער זשורנאַליסט מאַנועל קסימענעס מאָיאַ, אַז לויט זיין מיינונג נאָך, איז דער אויפֿשטאַנד אָרגאַניזירט געוואָרען פֿון דער אַנאַרכיסטישער געווערקשאַפֿטס־פֿעדעראַציאָן „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ", און אַז פֿעררער און די אַנטימיליטאַריסטישע פֿעראייניגונג זיינען געווען די איניציאַטאָרס. בעווייזע האָט ער ניט, נאָר עס איז זיין „מאָראַלישע איבערציינגונג".

דער מוניציפּאַל־פֿערטרעטער ווערדאַגער „האָט געהערט", אַז עס זיינען געווען די מעהר אָדער וויניגער אַנאַרכיסטישע עלעמענטען, וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען דעם אויפֿשטאַנד און אַז פֿעררער און אַ געוויסער פֿאַברע זיינען געווען די איניציאַטאָרס. ער איז אפילו ניט אימשטאַנד צו בעווייזען דיזע בעהויפּטונגען, נאָר ער איז „מאָראַליש איבערציינגט", אַז זיי זיינען ריכטיג.

צוויי מוניציפּאַל־פֿערטרעטער פֿון פּרעמיאַ ערקלערען, אַז די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין זייער דערפֿעל האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט אַ שטונדע שפּעטער נאָך פֿעררער׳ס אָברייזע.

דער פּאָליציסט אַנכעל פֿערנאַנדעס בערמעגאָ ערקלערט, אַז דעם 26סטען יולי האָט ער געזעהן פֿעררער ריידען צו אַ גרופּע מענשען אויף דער ראַמבלאַ פֿון באַרצעלאָנאַ, אָבוואָהל פֿעררער איז געווען אימשטאַנד צו בעווייזען, ווי אַזוי און וואו ער האָט פֿערבראַכט יעדע מינוט פֿון׳ם 26סטען יולי.

דאָן פֿראַנסיסקאָ דע פּאַולע קאָלדעפּאָראַס ערקלערט, אַז דעם 27סטען יולי פֿאַרנאַכט האָט ער געזעהן אַ גרופּע מענשען אויף דער ראַמבלאַ פֿון באַרצעלאָנאַ, וועלכע איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען פֿון אַ מאַן. אָבוואָהל דער עדות האָט פֿעררער קיינמאָל ניט געזעהן אין זיין לעבען — אַלעס וואָס ער האָט יאָ געזעהן, איז געווען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון איהם — האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז פֿעררער איז דאָס געווען דער אָנפֿיהרער.

אַ געוויסער כואַן מאַאינאַ ערקלערט, אַז ער איז „גאַנץ זיכער", אַז אַ געוויסער קאָסאָלאַ האָט פֿון פֿעררער בעקומען אינסטרוקציאָנען פֿאַר דער רעוואָלוציאָן.

דער נאַכט-וועכטער בעראָנימאָ קאַרדאָנאַ פֿון פּרעמיאַ ערקלערט, אַז זיין קאַמעראַד כאַנין סיסאַ האָט איהם דערצעהלט, אַז פֿעררער איז געקומען קיין פּרעמיאַ, אום אָנצופֿיהרען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג.

דאָן ווינסענטע פּואיג פּאָנס ערקלערט, אַז ער האָט געזעהן אין פּרעמיאַ אַ גרופּע מענשען פֿון אַן ערך דרייסיג מאַן; ער קען אפילו ניט בעווייזען, אַז פֿעררער האָט זיי געשיקט, פֿון דעסטוועגען איז ער גאַנץ זיכער, אַז דאָס איז געווען דער פֿאַל.

אַ געוויסער סאַלוואַטאָר מיליעט ערקלערט, אַז „ער האָט געהערט", אַז דעם 27סטען און 28סטען יולי האָבען קליינע גרופּען פֿון מענשען אַטאַקירט דאָס ראַטה-הויז פֿון מאַסנאָו און האָבען פֿון באַלקאָן אַראָב געהאַלטען רעוואָלוציאָנערע רעדען. איינער פֿון די רעדנער זאָל האָבען ערקלערט, אַז ער רעדט אין נאָמען פֿון פֿעררער, וועלכער קען לײדער ניט קומען, ווייל ער איז שטאַרק בעשעפֿטיגט מיט דער רעוואָלוציאָן אין באַרצעלאָנאַ.—

עטליכע סאָלדאַטען ערקלערען, אַז דעם 28סטען יולי האָבען זיי געזעהען אויף דער ראַמבלאַ פֿון באַרצעלאָנאַ אַ מאַן מיט אַ בלויען אַנצוג און אַ שטרוי-הוט און זיי דיינקען, אַז עס איז געווען פֿעררער. איינינגע מענשען, וועלכע מען האָט שפּעטער אַרעסטירט און געפֿונען ביי זיי זאָגענאַנטע „סמיטה-רעוואָלווערען", ערקלערען, אַז זיי האָבען ערהאַלטען די רעוואָלווערען פֿון אַן אונבעקאַנטען מאַן אין אַ בלויען אַנצוג און אַ שטרוי-הוט. עס איז אפילו בעוויזען געוואָרען, אַז פֿעררער איז אין יענעם טאָג נעגאַנגען פֿון מאַסנאָו נאָך פּרעמיאַ, און אַז ער האָט געטראָגען דאַמאָלסט אַ גרויען אַנצוג, נאָר אַזעלכע קלייניגקייטען האָבען אַ קנאַפּען ווערטה פֿאַר די פֿערטרעטער פֿון דער שפּאַנישער גערעכטיגקייט.

די גאַנצע פֿערהאַנדלונג איז געווען אַ סקאַנדאַל און די פּאַריזער צייטונג „זשיל בלאַס", וועלכע האָט געבראַכט אַן אויספֿיהרליכען בעריכט

פֿון דעם גאַנצען פּראָצעס, האָט ערקלערט מיט רעכט: „דער גאַנצער פּראָצעס איז אָנגעפֿיהרט געוואָרען מיט אַזאַ ברוטאַליטעט, וועלכע מען קען אפילו זעלטען געפֿינען אין דער געשיכטע פֿון די קריעגס-געריכטען".

* * *

און אויף אַזעלכע „עדות" און „בעווייזען" האָט דער פּראָקוראָר ראַ־פֿאַעלעס אויפֿגעבויט די אָנקלאַגע. די לאַנגע רעדע פֿון דיזען עהרע-מאַן איז געווען אַ מייסטער-ווערק פֿון סאָפֿיסטישע בעהויפּטונגען און יעזואיטישע דריידלאַך. „די עדות האָבען אונז בעוויזען", האָט ער ערקלערט, „אַז פֿראַנ־סיסקאָ פֿעררער אי גאַרדיאַ איז געווען דער קאָפּ פֿון'ם אויפֿשטאַנד און די דאָקומענטאַרישע בעווייזען בעשטעטיגען די ערקלערונגען פֿון די עדות. ער אַליין בעריהמט זיך אין זיין אויטאָביאָגראַפֿיע, וועלכע ער האָט געשריבען אין פֿראַנצויזיש פֿאַר הערר פורנעמאָן, און אין אַן אַנדערער, וואָס איז ער־שינען אין די „עספּאַניאַ נועוואַ", אַז ער איז שטענדיג געווען אַן אַגיטאַטאָר און אַ רעבעל און אַז ער האָט גענומען אַן אַנטהייל אין אַלע רעוואָלוציאָ־נערע בעוועגונגען אין שפּאַניען פֿון 1885 אָן. אין דער לעצטער צייט־שריפֿט שרייבט ער פֿון זיך אַליין אויף אַזאַ אופן: „איך קען זיך ניט פֿאָר־שטעלען דאָס לעבען אָהן פּראָפּאַגאַנדאַ; איבעראַל, וואו נור איך געפֿין זיך, אין גאַס, אין רעסטאָראַנט, אין טראַמוויי, אין קופּע פֿון דער אייזענבאַהן, וואו איך האָב נור אַ געלעגענהייט צו ריידען מיט אַ מענשען, מאַך איך פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר מיינע אידעען".

דער פּראָקוראָר דערמאָהנט אויך דעם „שליסעל" פֿון אַ פּאָליטישער געהיים-שריפֿט, וועלכען מען האָט געפֿונען אין פֿעררער'ס וואוינונג, און וועלכען ער און לערו, דער פֿיהרער פֿון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אין באַרצעלאָנאַ האָבען ביידע אויסגעאַרבייט אין 1892 פֿאַר זייער קאָרעס־פּאָנדענץ. עס איז אפילו בעוויזען געוואָרען, אַז פֿעררער האָט שוין לאַנג געהאַט אויפֿגעגעבען אַלע בעציהונגען צו די רעפּובליקאַנער, דער „שלי־סעל" גופא איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר; פֿון דעסטוועגען איז דער פּראָקוראָר געווען מיט דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ וויכטיגער בעווייז, אַז פֿעררער איז געווען דער פֿיהרער פֿון דעם לעצטען אויפֿשטאַנד.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז די בעריהמטע פּראָקלאַמאַציע, וועלכע די פּאָליציי האָט „געפֿונען" אין פֿעררער'ס וואוינונג, ווען קיינער איז ניט גע־ווען, האָט געשפּיעלט די הויפּט-ראָלע אין דער רעדע פֿון דעם פּראָקוראָר. דער דאָזיגער דאָקומענט, וועלכער פֿאָדערט די „צושטערונג פֿון אַלע קיר־כען", די „הינריכטונג פֿון'ם קעניג און אַלע מיניסטאָרען" א.ז.וו. איז אַזוי אונקלאָר אין זיין גאַנצען אינהאַלט, אַז עס שטעלט זיך זאָפֿאָרט די פֿראַגע,

אויב די פּראָקלאַמאַציע איז ניט אין גאַנצען אַן אַרבייט פֿון דער פּאָליציי. ס'איז ניט דעם ערשטען מאָל, וואָס די שפּאַנישע פּאָליציי אַרבייט מיט אַזעלכע מיטלען. פֿעררער'ס אידעען זיינען אַזוי ווייט פֿון די פֿאָדערונגען, וועלכע ווערען פֿערטראָטען אין דער פּראָקלאַמאַציע, אַז קיין עהרליכער מענש קען אפילו ניט חלום'ען, אַז ער איז געווען דער פֿערפֿאַסער. די פּראָקלאַמאַציע איז געשריבען געווען מיט אַ שרייב-מאַשין און דריי בוכשטאַבען זיינען קאָריגירט געוואָרען מיט דער האַנד. די עקספּערטען, וועלכע האָבען פֿערגליכען דיזע דריי בוכשטאַבען מיט פֿעררער'ס האַנדשריפֿט, האָבען ערקלערט,*) אַז די דריי בוכשטאַבען זיינען עהנליך צו געוויסע בוכשטאַבען אין פֿעררער'ס בריעף, נאָר זיכער זיינען זיי ניט, אום אָבצוגעבען אַ בעשטימטען אורטהייל.

נאָר פֿאַר דעם פּראָקוראָר איז געווען גענונג די „עהנליכקייט", מעהר האָט ער ניט געדאַרפֿט. דיזער נאָכפֿאָלגער פֿון אינגנאַץ לאָיאָלאַ האָט געענדיגט זיין רעדע מיט די פֿאָלגענדע ווערטער:

„עס איז זיכער, אַז דיזע פּאַסירונגען האָבען געמוזט האָבען זייערע מאַטעריעלע פֿעראורזאַכער; אָבער עס איז אויך זיכער, אַז דיזע פֿעראורזאַכער זיינען ביז היינט אונבעקאַנט, ווייל די אונצעהליגע פּראָצעסען געגען דיזע מענשען, זיינען ביז איצט נאָך ניט ענטשידען געוואָרען. פֿאָלגליך מוזען מיר זיך האַלטען ביי די בעשטימונגען פֿון דעם צווייטען פּאַראַגראַף, אַרטיקעל 242, פֿון דעם מיליטער געזעץ-בוך און ערקלערען דעם אָנגעקלאָגטען פֿראַנסיסקאָ פֿעררער אי גאַרדיאַ פֿאַר פֿעראַנטוואָרטליך, דערפֿאַר וואָס ער איז געווען דער פֿיהרער פֿון דעם אויפֿשטאַנד. די ציוויל-געריכטליכע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַלט אויך אויף דאָס גאַנצע פֿערמעגען פֿון דעם אָנגעקלאָגטען... איך ענדיג מיין רעדע אין נאָמען פֿון'ם קעניג — גאָט זאָל איהם געבען לאַנגע יאָהרען — און פֿאָדער, אַז מען זאָל פֿעררער אי גאַרדיאַ פֿעראורטהיילען צום טויט!"

* * *

פֿעררער'ס אַדוואָקאַט, דער קאַפּיטאַן גאַלסעראַן האָט געענטפֿערט דעם פּראָקוראָר אין אַ גלענצענדער רעדע, וועלכע איז ניט בלויז געווען אַ גרויסאַרטיגע יוריסטישע פֿערטהיידיגונג, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך אַ מורא'דיגע אָנקלאַגע געגען פֿעררער'ס מערדער. גאַלסעראַן איז באַלד נאָך פֿעררער'ס טויט אַליין אַרעסטירט געוואָרען צוליעב דעם מוטה, וועלכען ער

*) די עקספּערטען זיינען פּערזענליך ניט ערשיענען פֿאַר'ן געריכט; מען האָט נור פֿאָרגעלעזען זייערע ערקלערונגען.

האָט בעוויזען פֿאַר דעם קריעגס-געריכט. גאַלסעראַן'ס רעדע, אין איהרע וויכטיגסטע טהיילען, לויטעט ווי פֿאָלגט:

פֿריהער פֿון אַלעס מוז איך ערקלערען די אומשטענדען, אונטער וועלכע דער פּראָצעס געגען פֿראַנסיסקאָ פֿעררער האָט זיך אָבגעשפּיעלט. אין פֿערלויף פֿון דער אונטערזוכונג האָבען אַלע שונאים זיינע אָבגעגעבען זייערע ערקלערונגען; מען האָט אויסגעהערט אַלע אַנאָנימע בעשולדיגונגען, וועלכע האָבען איהם נעקענט שאַדען און זיי אַריינגענומען אין די אַקטען פֿון דעם פּראָצעס. מען האָט צונויפֿגעטראָגען די מיינונגען פֿון די אויטאָ־ריטעטען, וועלכע זיינען מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט געווען מיט פֿער־רער'ס לעבען; אָבער מען האָט פֿערשיקט די אַלע פּרויאָנען, וועלכע וואָלטען אַליין געווען אימשטאַנד צו געבען אונז נעהנטערע ערקלערונגען איבער דאָס לעבען, די געוואוינהייטען און די אַרבייט פֿון דעם אָנגעקלאָג-טען. נאָך מעהר, נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דעם בעשולדי־גונגס־אַקט, האָט מען מיר ענטזאָגט אַלע בעווייזען, וועלכע איך האָב געפֿאָדערט; איך האָב אפילו ניט געקענט אויספֿיהרען, אַז מען זאָל אויס-הערען די עדות, וועלכע האָבען געוואָלט אויסזאָגען, וואָס זיי האָבען גע־וואוסט. מען האָט מיר איינפֿאַך געענטפֿערט, אַז די געזעצליך בעשטימטע צייט איז אַריבער, און איך שטעה איצטער פֿאַר אַ פּראָצעס, וועלכער איז אָבגעשלאָסען געוואָרען, אָבוואָהל מען האָט אין דער אונטערזוכונג בלויז געזוכט אויסצוגעפֿינען אַרגומענטען געגען פֿעררער; מען האָט זיך אויס־שליסליך געווענדעט צו די שונאים פֿון דעם אָנגעקלאָגטען, וועלכע זיינען פֿעראינטערעסירט געווען איהם צו פֿערדעכטיגען, און מען האָט אפילו ניט פֿערזוכט פֿאַר אַ מאָמענט אויסצוגעפֿינען די וואַהרהייט.

ערקלערענדיג דיזע פֿאַקטען מיט דער גרעסטער רוהיגקייט און מיט דעם אויסדרוק פֿון פּראָטעסט, האָב איך איז דערזעלבער צייט צו בע־מערקען, אַז איך בין ניט ענטמוטהיגט געוואָרען און אָהן וואַפֿען. פֿער־קעהרט, די אַלע הינדערניסען האָבען פֿערדאָפּעלט מיין ענערגיע, און שטיצענדיג זיך אויף מיין אייגענע פֿערנונפֿט, האָב איך קיין שום מורא ניט, אויב נור מיינע פֿעהיגקייטען וועלען זיין אין אַנקלאַנג מיט מיין ווילען. די גאַנצע אָנקלאַגע וועט מוזען פֿאַלען פֿון זיך אַליין און איהר, אַזוי ווי איך, וועט אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך דעם שענדליכען צוואַנג, וועלכער בעהערשט אונז אַלעמען און וועלכער וויל אָבהאַלטען די וואַהרהייט און פֿערנונפֿט פֿון דיזען פּראָצעס.

אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטען, וועלכע האָבען זיך פֿעראייניגט אין דער קאָנסערוואַטיווער קלאַסע און פֿאָרמירט יענעם בונד, וועלכען זיי רופֿען

מיט אַ געמאַכטען שטאָלץ די „פּאַרטיי פון אָרדנונג", אַט דיזעלבע עלע־מענטען, וועמענס עגאָאיזם האָט פּיייכט אַרויסגערופען די פּאַסירונגען פון יולי, ווילען איצטער בעהאַלטען זייער פייגהייט אונטער דער אונבאַרמהאַר־ציגער בעשטראָפונג פון זייערע שונאים, פאָדערענדיג מיט אַ נידעריגען האַס בלוטיגע נקמה. אין זייער פּרעסע דערמאָהנען זיי אונז שטענדיג אין די פּאַסירונגען פון יענער טראַגישער וואָך, און שטיצענדיג זיך אויף דעם טויט פון אַ גלח און פון אַ זיבעציג יעהריגער מאָנאַשקע, וועלכע האָט זיך געפּיהלט בעליידיגט אין איהר ווייבליכער עהרע דורך די רעבעלען, פער־זוכען זיי פאַרצושטעלען זייער ווילדען האַס אַלס אַ פרומע עמפּעהרונג.

די דאָזיגע אַטאַקען ריכטען זיך הויפּטזעכליך געגען דער פּערזאָן פון פראַנסיסקאָ פעררער. מען פערהאַסט דיזען מאַן, דערפאַר וואָס מען האָט מורא פאַר דער ערציהונג, וועלכע ער האָט געגעבען דער אַרבייטער-קלאַסע דורך די מאָדערנע שולע און אַ גאַנצע סעריע פון ביכער, וועלכע זיינען ערשינען אין זיין פערלאַג. יאָ, איך ווידערהאָל עס נאָך אַמאָל: מען פער־האַסט דיזען מאַן, דערפאַר וואָס מען האָט מורא, אַז זיין ערציהונג וועט אויפוועקען די אונטערדריקטע און זיי מאַכען אַראָבצוואַרפען דעם אונ־מענשליכען יאָך, וועלכען מען האָט אַרויפגעלייגט אויף זייערע פּלייצעס. צו דעם צוועק האָט מען אַרויסגעריסען און פערקריפּעלט איינצעלנע סענטענצען פון זיינע ביבער און זיי פערעפענטליכט, אום איינצורעדען נאַאיווע מענשען, אַז אין די דאָזיגע ביכער רעדט מען אויסשליסליך פון דער אַנאַרכיע, דערפאַר ווייל פעררער האָט אויסגעשלאָסען די רעליגיאָן פון זיין אונטעררינכט.

אַט דיזע אַטאַקען, וועלכע זיינען אין איינצעלנע פעלע געווען זעהר געשיקט, אין אַנדערע זעהר אומגעלומפּערט, האָבען געהאַט זייער ערפאָלג: מען האָט פעררער פאָרגעשטעלט פאַר דער עפענטליכקייט אַלס אַ מענש מיט אַ שרעקליכען כאַראַקטער און איהם אַרומגערינגעלט מיט אַ פער־דאָרבענער מאָראַלישער אַטמאָספערע, וועלכע וואָלט שוין אַליין געקענט פערניכטען אַ מענשען, וואָס איז וויינינגער צוגעוואוינט געוואָרען צו די אונגערעכטיגקייטען פון דער וועלט ווי פעררער. אַט דיזע אונגעזונדע אַט־מאָספערע איז געשאַפען געוואָרען דורך די אונווירדיגע בעשולדיגונגען, אויף וועלכע די פּאָליציי לייגט אַזאַ גרויסען ווערטה.

ביי דיזער געלעגענהייט וויל איך בעמערקען, אַז עס איז זעהר צו בעדויערען, וואָס מען האָט ניט צוגעלייגט צו די אונטערזוכונגס־אַקטען דעם בעקאַנטען אורטהייל, וועלכען דאָס געריכט אין מאַדריד האָט אָבגעגעבען אין 1906. אין דעם דאָזיגען אורטהייל ווערען דערמאָהנט די אַלע דאָקומענטען און האַנדלונגען פון פעררער בעפאָר דעם אַטענטאַט אויף דעם

קעניג; און עס וואָלט איצט ניט נייטיג געווען אריינצומישען אַ גאַנצע רייהע פון דאָקומענטען אין דעם היינטיגען פּראָצעס, וועלכע האָבען, ווי עס ווייזט אויס, קיין אַנדער צוועק ניט, ווי פערערער פאַרצושטעלען אַלס אַ זעהר געפעהרליכען מענשען, צו קאָמפּראָמיטירען זיינע אידעען און האַנדלונגען און צו פערדונקלען דעם קלאָרען וועג פון גערעכטיגקייט. דער אורטהייל פון 1906, דורך וועלכען פערערער איז בעפרייט געוואָרען, וואָלט אַוועקגענומען יעדע בעדייטונג פון אַלטע צוואַנציג-יעהריגע פּראָקלאַמאַציעס און בריעף, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען לאַנג בעפאָר דעם אַטענטאַט, און ניט צוגעלאָזט, אַז מען זאָל איבערהויפּט רעדען פון זיי.

איך וויל אויך בעמערקען, אַז פערערער האָט אויסגעבאָרגט אַ בעדייטענדע סומע געלד צו דער „סאָלידאַרידאַד אָברעראַ" אין דער צייט, ווען די דאָזיגע אַרבייטער-פעדעראַציאָן האָט אָנגעפיהרט אַ קאַמפף נעגען דער רעפּובליקאַנישער צייטונג „על פּראָגרעסאָ". דיזע צייטונג, וועלכע האָט פריהער ביי יעדער געלעגענהייט ערקלערט, אַז די פערווירקליכונג פון די אַרבייטער-פאָדערונגען וואָלט געווען די בענייאונג פון שפּאַניען, האָט פּלוצלינג אָנגענומען אַזאַ האַלטונג, וועלכע איז געווען אַן ערמוטהיגונג פאַר די יעניגע, וועלכע די דאָזיגע צייטונג פלעגט זעהר אָפט אָנרופען „די אויסבייטער". פון דאַמאָלסט אָן איז פערערער, וועמען די ראַדיקאַלע פּאַרטיי האָט שטענדיג רעספּעקטירט, דער מאַן, וועמען זי האָט צו פערדאַנקען די גרינדונג פון'ם פאָלקס-הויז אין באַרצעלאָנאַ — דעם נוצען פון דער דאָזיגער אינסטיטוציאָן האָבען אפילו זיינע געגנער געמוזט אָנערקענען — און די אָרגאַניזאַציאָן פון איהרע שולען, בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס אַ שונא פון דער פּאַרטיי. די מיטגלידער פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי האָבען זיך אפילו ניט אָבגעשראָקען צו אונטערשטיצען פערערער'ס שונאים דורך פאַלשע עדות. קליינגייסטיגקייט, קנאה און עגאָאיזם זיינען געווען די אייגענטליכע מאָטיווען פון דיזער פעראייניגונג געגען פערערער, וועלכע האָט געציעלעוועט צו פערניכטען זיין ווערק פון ערציהונג, כדי ער זאָל מעהר ניט קענען שטערען די פּלענער פון זיינע געגנער.

איז דער גייסט פון דעם געשעצטען אונטערזוכונגס-ריכטער בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיזע קלוגע פאַרבערייטונגען. קיין צווייפעל ניט! איך בין זאָגאַר מיט דער מיינונג, אַז ער איז דערפון אין גאַנצען פערבלענדעט געוואָרען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער ריכטער, דער פּראָקוראָר, דער גרעסטער טהייל פון יענע, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט די אַלע פאַקטען, האָבען ניט געוואָלט פערשטעהען, אַז פּונקט די ענטוויקלונג און דער אָנגאַנג פון דעם איבעל,

וועלכען זיי רופען רעוואָלוציאָן — דער שאָדען, וועלכע גאַנץ אונשולדיגע מענשען האָבען געליטען, די קעמפפע, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין די אַרבייטער־קוואַרטאַלען פון די שטעדט א.ז.וו.—זיינען דער בעסטער בעוויז, אַז עס איז ניט געווען קיין קאָפּ, וועלכער האָט אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די ערשטע דאַטומס, וועלכע דער פראָקוראָר האָט אָנגעגעבען וועגען פעררער'ס טהעטיגקייט אין דער צייט פון'ם אויפשטאַנד, זיינען פון'ם 27סטען יולי. דאַמאַלסט איז דער אויפשטאַנד שוין אָנגעגאַנגען פיער־און־צוואַנציג שטונדען צייט, איידער מען האָט בעמערקט דעם איינפלוס פון אַ פיהרער. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ בעוויז, אַז די רעבעלען האָבען אַליין געוואוסט, וואָס צו טהאָן און האָבען זיכער ניט געוואַרט אויף די בעפעהלען פון אַ מאַן, וועלכער איז זיך רוהיג געזעסען אין זיין הויז אין מאָנגאַט, אַבוואַרטענדיג ביז דער אויפשטאַנד וועט זיך ענדיגען, כדי ער זאָל קענען פאָרטזעצען זיין אַרבייט אין זיין פערלאַג.

נאָכדעם ווי מען האָט פערמאַכט די „מאָדערנע שולע" אַלס אַ גע־פעהרליכען צענטער פון רעבעלישע אידעען, האָט פעררער פערזוכט פאָרט־צוזעצען זיין ערציהונגס־אַרבייט דורך דער אַרויסגאַבע פון ביכער. ער האָט געגרינדעט זיין פערלאַג און אַרויסגעגעבען אַ געוויסע צאָהל שריפטען, וועלכע זיינען ערשינען אין אויסלאַנד, און אין וועלכע עס ווערט פערטהיי־דיגט דאָס רעכט פון פערנונפט געגען די אָבגעלעבטע טראַדיציאָנען פון דער פערגאַנגענהייט. אויף אַזאַ'ן אַרט קומט ער זיך צוזאַמען מיט שריפט־שטעלער און פילאָזאָפען אין פאַריז, בריסעל און לאָנדאָן. די צאָהל פון די ביכער, וועלכע ער גיט אַרויס און די בעדייטונג פון זיין אונטערנעהמונג האַלטען אין איין וואַקסען און, אונגליקליכערווייזע פאַר איהם, ריכטעט זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט אויף זיין פערזאָן. זיינע שונאים בעמערקען, אַז זיינע פראָגרעסיווע, אָבער ראַציאָנאַלע אידעען עפענען איהם אַ וועג, און נאַכדעם ווי זיי האָבען פריהער פערמאַכט זיין שולע, ווילען זיי איצטער אין גאַנצען פטור ווערען פון איהם, אום צו פערניכטען זיינע אידעען. זיי פערגעסען, אַז ניט איין מאָן רופט אַרויס אַזעלכע אידעען. דיזע אידעען וועלען ניט פערלירען זייער קראַפט און פריהער אָדער שפעטער וועלען זיי, אַזוי ווי אַ ווילדער שטראָם, צושטערען די אַלטע מויערען פון דער אינקוויזיציאָן, וועלכע קענען נאָך פערהינדערען פאַר אַ קורצע צייט די קאַטאַסטראָפע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איהר אַלע האָט געלעזען אין דער פרעסע, אַז פון מאָנטאָג דעם

26סטען יולי אָן האָט מען אין מאַסנאָו און פרעמיאַ אונטערשטיצט די בעוועגונג אין באַרצעלאָנאַ, און דיביידע עדות פואיג און קאַסאַס, וועלכע האָבען אין די ביידע דערפֿער געהאַט אַ געוויסע מאָראַלישע און מאַטעריעלע אויטאָריטעט, האָבען קיין זאַך ניט געטהאָן עס צו פֿערהינדערען. מען קען דערפֿאַר אָננעהמען, אַז די ביידע מענער זיינען געווען אָנהייננער פֿון אַ גאַנץ אַנדערער געזעצליכקייט ווי די, וועלכע מיר האָבען געשוואָרען צו פֿערטהיידיגען. די יוסטיץ האָט דאָס אויך פֿערשטאַנען, דען זי האָט ביידע אַריינגעזעצט אין געפֿענגנים און געמאַכט אַ פראָצעס געגען זיי. נאָר דורך דער פֿערמיטלונג פֿון איינפֿלוסרייכע פערזענליכקייטען און דערפֿאַר וואָס זיי האָבען אויסגעזאָגט געגען פֿעררער, האָט מען זיי פֿאָרלויפֿיג בעפֿרייט, אום צו טויטען אַן אַנדער מאַן, פֿעררער, וועמען דיזע איינפֿלוסרייכע עלעמענטען פֿערהאַסען און וועמענס פֿערניכטונג עס וואָלט פֿאַר זיי אַ ווילקאָמענע זאַך געווען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער אַדוואָקאַט בעשעפֿטיגט זיך נאָך דעם מיט די בעריהמטע דאָקומענטען, איבערהויפט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פראָקלאַמאַציע, וועלכע די פּאָליציי האָט געפֿונען אין פֿעררער'ס וואוינונג, ווען קיינער איז דאָרט ניט געווען. ער ווייזט אויף, אַז די דאָזיגע פראָקלאַמאַציע עקזיסטירט נור אַלס אַ מאַנוסקריפּט, און אַז מען האָט דערפֿון אין ערגעץ ניט געפֿונען קיין אַנדער עקזעמפּלאַר. ער אַנאַליזירט אויך די ערקלערונג פֿון די עקספּערטען, וועלכע האָבען די דריי געשריבענע בוכשטאַבען אין דער פראָקלאַמאַציע פֿערגליכען מיט פֿעררער'ס האַנד-שריפֿט, און ווייזט אויף אַלע ווידערשפּרעכונגען פֿון דעם בעשולדיגונגס-אַקט.

גאַלסעראַן ענדיגט זיין רעדע מיט די פֿאָלגענדע ווערטער: צום שלום, מיינע הערען, ערקלער איך, אַז פֿעררער, וועמען מען האָט פֿערפֿאָלגט און בעקעמפֿט אויף דעם ביטערסטען אופֿן צוליעב זיינע ראַציאָנאַליסטישע אידעען, וועמענס שולע מען האָט פֿערמאַכט און וועמענס כאַראַקטער מען האָט שטענדיג בעשמוצט און פֿערלוימדעט, פֿעררער וויל ניט קיין גנאַדע פֿון אייך! אָנשטאָט צו קאָמאַנדעווען די מאַסען, ערציהט ער זיי; ער געהט צום פֿאָלק און פֿיהרט צו די מענשען צו דעם שטראַהלענדען פֿייער פֿון פֿערנונפֿט; ער זוכט, ער דיינקט, ער פֿערשפּרייט דעם וויסען פֿון די דיינקער צווישען די מאַסען אַלס די איינציגע וואַפֿע פֿאַר די קומענדע רעוואָלוציאָנען פֿון דער מענשהייט! און אַזוי ווי מיר האָבען געזעהען, אַז ער האָט ניט גענומען קיין שום אַנטהייל אין דעם אויפֿשטאַנד, ניט אַלס פֿיהרער און ניט אַלס אַן איניציאַטאָר, פֿאַר וואָס זאָלען מיר ניט אָנערקענען

זיין אונשולד, איהם געבען צוריק זיין פֿרייהייט און זיין פֿערמעגען, כדי ער זאָל זיך ווידער קענען זעהן מיט די זייניגע אין אויסלאַנד?

איך וועל צוגעבען, אַז אויב איהר וועט אַנערקענען מיין פֿאָדערונג, וועלען יענע, וועלכע זיינען בלינד פֿון האַס און וועלכע קענען זיך ניט פֿאָרשטעלען קיין גערעכטיגקייט אָהן אַ שטראָף, אפשר צווייפֿלען אין אייער מוטה. אָבער עס וועט ניט אַריבערגעהן קיין לאַנגע צייט, ביז די פֿערנונפֿט וועט טריאומפֿירען, און דאַמאָלסט וועלען יענע, וועלכע זיינען היינט פֿערבלענדעט, בענטשען אייער פֿעסטקייט.

ווען אָבער דאָס ליכט פֿון גערעכטיגקייט איז אין גאַנצען פֿערלאָשען בייַ אייך, דאַן דערמאָהנט זיך האַטש, אַז דער בייפֿאַל פֿון דער אַלגעמיינער עפֿענטליכער מיינונג איז פֿערבונדען מיט יענער ביטערקייט, וועלכע איז שמערצליך פֿאַר דעם געוויסען און, פֿערקעהרט, אַז דער האַס פֿון די אונגערעכטע האָט ניט קיין ווערטה אין פֿערגלייך מיט דער צופֿרידענהייט פֿון אונזער געוויסען. איצטער האַנדעלט, ווי איהר פֿערשטעהט — דאָס איז אַלעס, וואָס איך בעט אייך.

* * *

נאָך גאַלסעראַן׳ס רעדע ווענדט זיך דער פּרעזידענט צו פֿעררער און פֿרעגט איהם, צי ער האָט נאָך עפּעס צו זאָגען.

פֿעררער פּראָטעסטירט מיט ווייניגע אָבער ענערגישע ווערטער געגען די גאַנצע אָנקלאַגע און ערקלערט, אַז קיין געריכט קען איהם ניט פֿערורטהיילען, אויב זיינע פֿערטרעטער וועלען זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגען מיט דער ענטשיידענדער פֿראַגע: וואָס פֿאַר אַן אַנטהייל האָט דער אָנגעקלאָגטער גענומען אין די טראַגישע פּאַסירונגען פֿון מאָנאַט יולי? ער ערקלערט אויך, אַז ער האָט געהאַט אין דער שפּאַנישער באַנק אַ קרעדיט פֿון 90.000 פּעסעטאַס. פֿון דיזער סומע האָט ער אַריינגעלייגט 70.000 פּעסעטאַס אין זיין פֿערלאַג און 20.000 פּעסעטאַס ליגען נאָך אין דער באַנק. ער בעמערקט זעהר לאָגיש, אַז אַ מענש, וועלכער פֿיהלט זיך שולדיג, וואָלט זיכער אַרויסגענומען זיין געלד פֿון דער באַנק, כדי די רעגירונג זאָל עס ניט קענען קאָנפֿיסקירען. פֿעררער ענדיגט זיין קורצע רעדע מיט דער ערקלערונג, אַז זינט דעם אָנפֿאַנג פֿון דיזען יאָהרהונדערט האָט ער זיך אין גאַנצען בעשעפֿטיגט מיט דער מאָדערנער שולע און מיט דער גייסטיגער און קולטורעלער רענעסאַנס פֿון׳ם שפּאַנישען פֿאָלק.

מיט דעם האָט זיך דיזע שענדליכע יוסטיץ קאָמעדיע געענדיגט. דאָס קריעגס-געריכט האָט אויסגעשפּראָכען דעם טויטעס-אורטהייל, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט מען געצוואונגען די פּרעסע ניט צו פֿערעפֿענטליכען

דעם אורטהייל, איידער דער גענעראל־קאפּיטאן פון בארצעלאנא וועט איהם בעשטעטיגען.

אויף וואס פאר א סיסטעמאטישען אופן די יוסטיץ-מערדער האבען געארבייט, האט זיך ארויסגעציינט דעם אנדערען פריה־מארגען. די גאנצע אייראפּעאישע פרעסע, מיט דער איינציגער אויסנאהמע פון די ענגלישע צייטונגען, האט בעריכטעט, אז דער גאנצער פּראצעס האט זיך אבגע־שפּיעלט מיט אלע געזעצליכע פאָרמאליטעטען, אז מען האט אויסגעהערט די עדות און געגעבען דעם אנגעקלאגטען די מעגליכקייט צו ענטפערען א. ז. וו. שפּעטער מיט א טאג האט א קארעספּאנדענט פון די לאנדאנער „טיימס", וועלכער האט פּערזענליך בייגעוואוינט די גאנצע געריכטס-פערהאנדלונגען, אבגעגעבען די ערקלערונג, אז געוויסע עדות זיינען איבער־הויפּט ניט ערשינען פאר'ן געריכט; מען האט איינפאך פארגעלעזען זייערע ערקלערונגען.

און ווי אזוי האט די גאנצע אייראפּעאישע פּרעסע געקענט מאכען אזא געפעהרליכען טעות? זעהר איינפאך: מען האט אויסגעקליבען איין בעשטימטעס טעלעגראפישעס ביורא פאר דער פערעפענטליכונג, וועלכעס האט געהאט די אויפגאבע צו אינפארמירען אלע אנדערע ביוראס. און אט דיזעס איינע ביורא איז אונטערגעקויפט געווארען פון מאורא'ס רעגירונג.

* * *

ווען דער רעזולטאט פון דעם פּראצעס איז בעקאנט געווארען, האט זיך אויפגעהויבען א מעכטיגע פּראטעסט-בעוועגונג אין אלע לענדער פון אייראפּא. ארבייטער, קינסטלער, געלעהרטע, מענשען פון אלע קלאסען אין דער געזעלשאפט האבען אויפגעהויבען זייערע שטימען אין אונצעהלבארע פערזאמלונגען און אין דער פּרעסע, אום צו פערהינדערען די אויספיהרונג פון'ם טויטעס-אורטהייל. פערערס טאכטער פאס אין פּאריז האט גע־שריבען א בריעף צו אלפאנסא דעם 13טען און איהם געבעטען פאר דאס לעבען פון איהר פאטער. אפילו נאך דעם אורטהייל האט כמעט קיינער ניט געגלויבט, אז פערערער וועט ווירקליך דערשאסען ווערען.

אבער די היינקער האבען ענטוויקעלט א מורא'דיגע אקטיוויטעט, אום ווי אם שנעלסטען אויסצופיהרען דעם לעצטען אקט פון זייער פערברעכען. דעם 15טען אקטאבער האט זיך געדארפט עפענען דער פּארלאמענט; די צייט איז געווען קורץ — מען האט געדארפט האנדלען וואס גיכער, כדי דער פערהאסטער ערציהער זאל זיך ניט נאך אמאל ארויסרייסען פון די בלוטיגע הענד פון דער קלעריקאלער רעאקציאן.

XIV.

## פֿערערʼס טויט.

אין דער נאַכט פֿונʼם 11טען אָקטאָבער האָט מען פֿערערער אַריבער־געפֿיהרט אין די פֿערשאָלטענע פֿעסטונג מאָנטכואיטש. דער וואָגען איז גאַנץ נאָהענט פֿאַרבייגעפֿאָהרען דעם פֿערלאַג פֿון דעם פֿעראורטהיילטען אין דער קאַליע דע לאַס קאָרטעס, און מען קען זיך פֿאָרשטעלען די גע־פֿיהלען פֿון דעם נאָבעלען קעמפֿפֿער, ווען ער האָט געוואָרפֿען אַ לעצטען בליק אויף דעם אָרט פֿון זיין פֿרוכטבארער און ערפֿאָלגרייכער טהעטיגקייט. אָבער קיינער האָט ניט געקענט דערקענען אויף איהם, וועלכע געדאַנקען עס האָבען איהם בעשעפֿטיגט; אַ שמייכעל האָט געשוועבט אויף זיינע לי־פען און ער האָט ניט בעוויזען דעם קלענסטען סמן פֿון שוואַכקייט.

דעם 12טען אָקטאָבער אין אָבענד איז דער אונטערזוכונגס-ריכטער ערשינען אין דער צעלע פֿון דעם פֿעראורטהיילטען און האָט איהם מיטגע־טהיילט, אַז דער מיניסטאָרען-ראַטה האָט זיך ענטזאָגט פֿאָרצולייגען דעם קעניג אַ בעגנאַדיגונג. נאָך דעם האָט ער איהם נאָך אַמאָל פֿאָרגעלעזען דעם טויטעס-אורטהייל. פֿערערער האָט איהם אויסגעהערט מיט אַזאַ מאַ־יעסטעטישער רוהיגקייט, אַז אפילו די אָנוועזענדע אָפֿיצירען זיינען דערפֿון איבעראַשט געוואָרען. ווען מען האָט איהם פֿאָרגעלייגט דעם פּראָטאָקאָל צו אונטערשרייבען, האָט ער זיך ענטזאָגט.*) נאָך די דאָזיגע פֿאָרמאַלי־טעטען האָט מען נאָך אַמאָל געמאַכט אַ גרינדליכע אונטערזוכונג אין זיין צעלע און צוגענומען יעדע קליינינקייט, וועלכע וואָלט דעם פֿעראורטהיילטען אפשר געקענט געבען אַ מעגליכקייט צו בעגעהן זעלבסט-מאָרד.

---

*) אין דער שריפֿט פֿון דעם פּאַריזער פֿערטהיידיגונגס-קאָמיטע און אין פֿיעלע אַנדערע אַרטיקלען און בראָשורען, וועלכע זיינען ערשינען באַלד נאָך פֿערערʼס ערמאָרדונג, איז ערקלערט געוואָרען, אַז פֿערערער האָט יאָ אונטערגעשריבען דעם פּראָטאָקאָל. מיר שטיצען אונזער בעהויפּטונג אויף די שריפֿט פֿון באָנאַפּוליאַ: „לאַ רעוואָלוסיאָן דעל כוליאָ“, וועלכע ענטהאַלט אַן אויספֿיהרליכע בעשרייבונג פֿון דעם גאַנצען פּראָצעס.

די נאַכט, די לעצטע לאַנגע נאַכט אין דער שוואַרצער קאַפּעלע האָט זיך אָנגעפאַנגען. אַרום ניין אַזייגער איז געקומען צו געהן דער פּריסטער פון דער פעסטונג, עלאַי הערנאַנדעס, אום פאַרצובערייטען דעם פעראורטהיילטען צום טויט. פעררער האָט איהם געענטפערט זעהר העפליך, אָבער אין דערזעלבער צייט זעהר ענערגיש, אַז ער דאַרף ניט דעם גייסטיגען טרויסט פון דער קירכע און אַז זיינע ראַציאָנאַליסטיטישע איבערצייגונגען זיינען איהם פונקט אַזוי טהייער ווי דעם פּריסטער די זייניגע. נאָכדעם האָט ער איהם העפליך געבעטען צו פערלאָזען די קאַפּעלע, ווייל ער שטערט איהם אין זיין לעצטער אַרבייט. עלאַי הערנאַנדעס האָט ערקלערט, אַז ער איז פערפליכטעט צו בלייבען, נאָר ער וועט זיך צוריקציהען אין אַ ווינקעל פון דער קאַפּעלע און זיך האַלטען גאַנץ רוהיג. פעררער האָט איהם נאָך אַמאָל פריינדליך אויפגעפאָדערט, ער זאָל איהם לאָזען אַליין, און דער פּריסטער איז ענדליך אַוועקגעגאַנגען מיט דער ערקלערונג, אַז ער וועט בעטען פאַר איהם די גאַנצע נאַכט און זיך נאָכפרעגען יעדע האַלבע שטונדע, אויב מען וועט איהם דאַרפען.

ווען דער פּריעסטער איז אַרויס פון דער קאַפּעלע, זיינען אַריינגעקומען איינינע אָפיצירען. פעררער האָט זיך פריינדליך אונטערהאַלטען מיט זיי און זיי ערקלערט די אָרגאַניזאַציאָן פון דער „מאָדערנער שולע". שפּעטער האָט ער געשריבען עטליכע בריעף צו זיין פאַמיליע און זיינע אינטימסטע פריינד און געבעטען, מען זאָל שיקען צו איהם אַ נאָטאַר, כדי ער זאָל איהם קענען איבערגעבען זיינע לעצטע בעשטימונגען. אַרום עלף אַזייגער איז אָנגעקומען דער נאָטאַר פערמאַניער אין מאָנטכואיטש. פעררער האָט געאַרבייט מיט איהם צוזאַמען ביז צוויי אַזייגער אין דער פריה, און נאָך דעם ווי ער האָט פעררויכערט אַ סיגאַרעט און זיך אָבגערוהט פאַר אַ ווײַלע, האָבען ביידע פאָרטגעזעצט זייער אַרבייט ביז קורץ בעפאָר פינף אוהר אין דער פריה.

דער הויפּט-אינהאַלט פון פעררער'ס צוואה לויטעט ווי פאָלגט:

„פריהער פון אַלעם פּראָטעסטיר איך געגען מיין פעראורטהיילונג, וועלכע איז איינפאַך אונערקלערבאַר, און איך בין איבערצייגט, אַז עס וועט ניט נעהמען קיין לאַנגע צייט, ביז מען וועט מוזען אַנערקענען אין דער עפענטליכקייט, אַז איך בין געוועזען אונשולדיג.

„איך וויל ניט, אַז צוליעב מיין טויט זאָל מען פעראַנשטאַלטען, סיי איצטער סיי שפּעטער, פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע דעמאָנסטראַציעס, דערפאַר וואָס איך בין איבערצייגט, אַז די צייט, וועלכע מען גיט אָב אויף די

טויטע, קען פיעל ניצליכער פערוועגדעט ווערען פאר דער פערבעסערונג פון דער לאגע פון די לעבעדיגע, דען די מייסטע פון זיי האבען נייטיג א פערבעסערונג.

„וואס אנבעלאנגט מיין קערפער, בעדויער איך, אז אין דיזער שטאדט עקזיסטירט ניט קיין קרעמאטאריום אזוי ווי אין מילאן, פאריז און פיעלע אנדערע שטעדט; אויב יא, וואלט איך פערלאנגט, אז מיין קערפער זאל פערברענט ווערען. איצטער קען איך נור ווינשען, אז די צייט וועט מעהר ניט זיין אזוי ווייט, ווען די בית עולם׳ס וועלען פערשווינדען צום וואהל פון דער עפענטליכער געזונדהייט און ווען זייער פלאץ וועט פערנומען ווערען פון קרעמאטאריומס אדער אנדערע אינסטיטוציאנען, וואו מען וועט אפשר נאך גיכער צושטערען די קערפערס פון די געשטארבענע.

„איך ווינש, אז מיינע פריינד זאלען וויניג אדער גאר ניט ריידען וועגען מיר, ווייל מען שאפט לייכט געצען, ווען מען הויבט אויף א מענ־שען צו הויך, און דאס איז א גרויסער איבעל פאר דער צוקונפט פון דער מענשהייט. נאר די אידעען און האנדלונגען פון א מענשען זיינען ווערטה דיסקוטירט און אונטערזוכט צו ווערן, אום צו זעהן צי זיי זיינען געוועזן גוט אדער שלעכט פאר דעם אלגעמיינעם וואהלזיין."

נאך דיזע אלגעמיינע בעמערקונגען האט פעררער בעשטימט, אז זיין ברודער כאסע זאל זיין דער אלגעמיינער יורש פון זיין פערמעגען און די הערין וויליאם היפארד אין לאנדאן און קריסטאבאל ליטראן אין בארצע־לאנא זאלען אויספיהרען זיין צואה.

פאר זיינע טעכטער טרינידאד, פאס און סאל האט פעררער איבער־געלאזט 6.000 פעזעטאס פאר יעדע. אין דרזעלבער צייט האט ער זיי אלע געבעטען ניט אנצונעהמען דיזע געלדער, אזוי לאנג ווי די ביטערסטע נויטווענדיגקייט וועט זיי ניט צווינגען דערצו; דערפאר ווייל עס איז שטענדיג געוועזן זיין איינציגער וואונש צו פערווענדען דעם פערמעגען, וועלכען פרייליין מעניע האט איהם איבערגעלאזט בירושה, פאר די פערשפרייטונג פון זיינע אידעען.

פאר זיין פריינדין סאלעדאד וויליאפראנקא האט פעררער בעשטימט א קליינע סומע געלד, אום איהר צו געבען די מעגליכקייט צו מאכען א בעשיידען לעבען.

פאר זיין אלטען פריינד, דעם אונערמידליכען קעמפפער לארענסא פאר־טעט, האט פעררער איבערגעלאזט זיין פערלאגס־הויז אין בארצעלאנא און זיין הויז אין פאריז, א קליינע סומע געלד, מעבעל א. ז. וו. מיט דער בעדינגונג, אז ער זאל דערמיט פארטזעצען זיין גרויסע ארבייט פון

ערציהונג. פּאָרטמעט'ן האָט ער אויך אָנגעטרויט דעם שיקזאל פון זיינע קינדער און איהם הערצליך געבעטען צו זאָרגען פאַר זיי אין אַ צייט פון נויט. צום סוף האָט ער פּאָרטמעט בעאויפטראַגט אַרויסצוגעבען ווי אַם גיכסטען די אַלע ווערק, וועלכע ער האָט אַליין געוואָלט אַרויסגעבען, הויפּטזעכליך: פּ. קראַפּאָטקין'ס „די גרויסע רעוואָלוציאָן", נערגאַל'ס „די ענטוויקלונג פון די וועלטען", זוויערווין'ס „די געשיכטע פון דער ערד", פאַרגאַמע'ס „דער אורשפּרונג פון לעבען" און דאָס בעריהמטע בוך פון דאָקטאָר טולוז „ווי אַזוי עס ענטשטעהט אַן אינטעליגענץ". ער האָט אויך געראַטהען זיין פריינד צו פאָהרען קיין דייטשלאַנד און איטאַליען, אום דאָרטען צו געפינען ניצליכע לעהר־ביכער פאַר דער פרייער שולע, און, אויב מעגליך אַרויסצוגעבען אַ וועכענטליכען זשורנאַל, וועלכער זאָל זיך אויסשליסליך בעשעפטיגען מיט דער פרייער ערציהונג און דער סינדיקאַליסטישער פעראייניגונג פון די לעהרערס.

* * *

נאָך דעם ווי פערער האָט געהאַט געענדיגט זיין צוואה, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געשפּרעך צווישען איהם און דעם נאָטאַר. דער לעצטער האָט איהם געשטעלט די פראַגע: „גלויבט איהר ווירקליך, אַז אויסער דיזען לעבען עקזיסטירט מעהר קיין זאַך ניט?" — „יאָ, מיין הערר!" האָט פערער געענטפערט מיט אַ פעסטער שטימע. „איך בין איבערצייגט, אַז מיט'ן לעבען פון'ם מענשען ענדיגט זיך אַלעס. זייט איך בין געקומען צו דער דאָזיגער ערקענטניס, האָט זיך דיזע טיעפע איבערצייגונג מאַניפעסטירט אין אַלע מיינע האַנדלונגען". דער נאָטאַר האָט איהם דערמאָהנט אין זיין יוגענד, אין די לעהרער, וועלכע זיין מוטער האָט איהם געלערענט א.ז.וו. פערער האָט איהם געענטפערט רוהיג און בעשטימט און יעדער ענטפער איז געווען אַזוי קלאָר און פערשטענדליך, אַז קיינער וואָלט ניט געקענט פאַלען אויף דעם געדאַנק, אַז די שאָטענס פון'ם טויט שוועבען שוין איבער דיזען מאַן מיט די בלישטשענדע אויגען און דעם פריינדליכען שמייכעל אויף די ליפּען.

אַרום זעקס אַזייגער אין דער פריה איז דער קאַפּיטאַן גאַלסעראַן, פערערער'ס מוטהיגער פערטהיידיגער פאַר'ן קריעגס־געריכט, ערשינען אין דער צעלע פון דעם פעראורטהיילטען. די ביידע מענער האָבען זיך הערציליך בעגריסט איינער דעם אַנדערען און גערעדט צוזאַמען ביז קורץ בעפאָר דער הינריכטונג. גאַלסעראַן'ס האַרץ איז געפּייניגט געוואָרען פון אַ טיעפען אינערליכען שמערץ, און ווען ער האָט זיך ענדליך געזעגענט מיט פערערער, האָבען זיך בעוויזען טרערען אין די אויגען פון ביידע.

אָבער פֿעררער האָט באַלד צוריק ווידערגעפֿונען זיין גייסטיגעס גלייך-געוויכט. ער איז יעצט געווען גאַנץ אַליין אין דער קאַפּעלע, אַליין מיט זיינע לעצטע געדאַנקען און עראינערונגען. ער האָט פֿעררויכערט זיינע לעצטע סיגאַרעטען און זיינע טיפֿע, סימפּאַטישע אויגען האָבען פֿערפֿאָלגט דעם בלויען רויך, וועלכער האָט זיך ביסלעכווייז אויפֿגעלייזט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון דער קאַפּעלע, אַקוראַט ווי זיין נשמה האָט זיך באַלד דערנאָך אויפֿגעלייזט אונטער די מערדערישע קוילען פֿון זיינע היינקער.

פֿופֿצעהן מינוטען בעפֿאָר ניין אוהר אין דער פֿריה איז געקומען צו געהן דער פריעסטער פֿון דער פֿעסטונג און האָט דעם פֿעראורטהיילטען ערקלערט, אַז ער דאַרף זיך צוגרייטען צום טויט.

„איך בין פֿאַרטיג!" האָט פֿעררער געענטפֿערט מיט אַ קלאָרער און רוהיגער שטימע. באַלד דערויף האָט זיך די קאַפּעלע אָנגעפֿילט מיט סאָל-דאַטען, וועלכע האָבען דעם פֿעראורטהיילטען אַוועקגעפֿיהרט צום פֿעס-טונגס-גראָבען פֿון סאַנטאַ אַמאַליאַ. פֿעררער האָט מאַרשירט אין מיטען די זעלנער מיט פֿעסטע טריט, דעם קאָפּ אין דער הויך, אַן אמת'ער העלד.

אויף דעם וועג איז געקומען צו איהם אַ פריעסטער, וועלכער האָט איהם געוואָלט בעגלייטען אויף זיין לעצטען גאַנג. פֿעררער האָט איהם פֿריינדליך געבעטען צו רעספּעקטירען זיין לעצטען ווילען און צו לאָזען איהם אַליין. נאָר דער פריעסטער האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און האָט נאָכגעפֿאָלגט דעם פֿעראורטהיילטען.

אין פֿעסטונגס-גראָבען פֿון סאַנטאַ אַמאַליאַ האָט זיך דער צוג אָב-געשטעלט. דער גובערנאַטאָר און אייניגע אָפֿיצירען האָבען דאָרטען ער-וואַרטעט דעם געפֿאַנגענען. פֿעררער האָט די אַנוועזענדע בעגריסט מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל. דער גובערנאַטאָר האָט איהם געפֿרעגט, צי ער האָט איהם נאָך איבערצוגעבען עפּעס אַ וואונש, איידער מען וועט איהם דערשיסען.

„יאָ", האָט פֿעררער געענטפֿערט רוהיג און פֿעסט, „אויב עס איז מעגליך, וואָלט איך געוואָלט, מען זאָל מיך דערשיסען שטעהענדיגערהייט און מיר ניט פֿערבינדען די אויגען".

דער גובערנאַטאָר האָט זיך דורכגערעדט פֿאַר אַ קורצע צייט מיט די אָפֿיצירען, און האָט צולעצט ערקלערט, אַז מען וועט איהם ערלויבען צו שטעהען, נאָר די אויגען מוז ער זיך לאָזען צובינדען.

„איך דאַנק אייך", האָט פֿעררער געזאָגט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען.

מען האָט איהם אַוועקגעפיהרט צו דער מויער. דאָרטען האָט מען איהם צוגעבונדען די הענד אויף'ן רוקען און צוגעבונדען די אויגען. די זעלנער האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויף זייערע פלעצער. פערער איז געשטאַנען פאַר די ביקסען ווי אַן אמת'ער העלד, דעם קאָפּ אין דער הויך און אַרויסגעשטעלט דעם רעכטען פוס. ווען ער האָט בעמערקט, אַז דער קאָמאַנדיר האָט געגעבען די סאָלדאַטען אַ סמן, האָט ער אויסגעשריען מיט אַ שטאַרקער שטימע:

"¡Hijos mios, apuntad bien! ¡No teneis la culpa! ¡Soy inocente! ¡Viva la Escuela Moderna!"

(„ציעלט גוט, מיינע קינדער! ס'איז ניט אייער שולד! איך בין אונשולדיג! עס לעבע די מאָדערנע שולע!")

אַ קראַך. דריי קוילען האָבען צושמעטערט דעם קאָפּ פון דעם נאָבעלען מערטירער, די פיערטע האָט איהם דורכגעלכערט דעם גאָרגעל.

אַזוי איז געשטאָרבען פראַנסיסקאָ פעררער, דער קעמפּפער און מערטירער. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

* * *

די נאַכריכט פון דיזען שענדליכען פערברעכען האָט אַרויסגערופען אַן אונבעשרייבליכע עמפּעהרונג אין אַלע לענדער. די וויניגסטע האָבען ערוואַרטעט, אַז די היינקער פון דעם קלעריקאַלען רעזשים וועלען ווירקליך אויספיהרען זייער פּלאַן, און דערפאַר האָט די אַלגעמיינע פעראַכטונג געגען די מערדער נאָך געפונען אַ שטאַרקערען אויסדרוק.

אין פּאַריז האָבען שטאַטגעפונען בלוטיגע גאַסען-קעמפּפע צווישען די אַרבייטער און דער פּאָליציי און פיעלע הונדערטער פּאָליציסטען און זעלנער זיינען געוועזען נייטיג, אום צו פערהינדערען אַ שטורם פון די פערביטערטע מאַסען אויף דעם שפּאַנישען קאָנסולאַט. עהנליכע סצענען האָבען זיך אָבגעשפּיעלט אין פיעלע אַנדערע פראַנצויזישע שטעדט. אין מאַרסייל, טולאָן, שערבור, און אַנדערע פראַנצויזישע האַפען-שטעדט האָבען די דאָקאַרבייטער באָיקאָטירט די שפּאַנישע שיפען. הונדערט-טויזענדער מענשען האָבען גענומען אַן אַנטהייל אין די ריעזיגע פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציעס געגען די קלעריקאַלע היינקער, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען אין אַלע שטעדט און שטעדטלאַך פון גאַנץ פראַנקרייך.

אין איטאַליען האָט די פּראָטעסט-בעוועגונג אָנגענומען גיגאַנטישע פאָרמען. אין פיעלע שטעדט זיינען די אַרבייטער אַרויס אויף אַ גענעראַל-סטרייק, דער רוף: נידער מיט די קלעריקאַלע מערדערס! האָט דורכגע-

נומען דאָס גאַנצע לאַנד ביז אין די פּערוואָרפּענסטע ווינקלאַך. דער וואַטיקאַן אין רוים, דער פּאַלאַסט פון׳ם פּאַפּסט, האָט אויסגעזעהן ווי אַ בעלאַגערטע פעסטונג. די צאָהל פון די צוזאַמענשטויסונגען צווישען דעם פאָלק און דער בעוואַפּנעטער מאַכט איז געווען אַן אונגעהייער גרויסע.

אין בעלגיען, האָלאַנד, דייטשלאַנד, ענגלאַנד, דער שווייץ, פּאָרטוגאַל און אַלע איבעריגע אייראָפּעאישע לענדער האָבען שטאַטגעפונען ריעזיגע פּראָטעסט־פערזאַמלונגען פון אַלע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען; אפילו די סטודענטען אין פּעטערסבורג און מאָסקוואַ האָבען פעראייניגט זייער שטימע מיט דער אַל־וועלטליכער פּראָטעסט־בעוועגונג.

אין אַלע זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, הויפּטזעכליך אין אַרגענטי־ניען און אורוגואַי, האָבען שטאַטגעפונען אונגעהייערע מאַניפעסטאַציעס פון די מאַסען. אויך אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ האָבען מענער און פרויען פון די פערשידענסטע ראַדיקאַלע ריכטונגען און פּאַר־טייען אויפגעהויבען די שטימע פון פּראָטעסט.

אין צעהנדליגער מוניציפּאַל־פערוואַלטונגען אין פראַנקרייך, איטאַליען, בעלגיען און אַנדערע לענדער האָט מען בעשלאָסען אַוועקצושטעלען מאָנו־מענטען פון דעם ערמאָרדעטען מערטירער. זיין פּאָרטרעט איז פערשפּרייט געוואָרען אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרען איבער דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט און די צאָהל פון די אַרטיקלען, בראָשורען און מאַניפעסטען, וועלכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דעם לעבען, דעם ווערק און דער ערמאָרדונג פון פראַנסיסקאָ פעררער, איז איבערהויפּט ניט אָבצושאַצען.

די גאַנצע מאָדערנע געשיכטע ווייסט ניט פון קיין איין ביישפּיעל, וואו דער טויט פון אַ מאַן האָט אַרויסגערופען אַזאַ אַלוועלטליכע פאָלקס־בעוועגונג, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט פראַנסיסקאָ פעררער. מענער פון אַלע צווייגען פון דער וויסענשאַפט, קינסטלער פון אַלע ריכ־טונגען, אַלע פערטרעטער פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען פון אַלע פראַקציאָנען און טענדענצען האָבען גענומען אַן אַנטהייל אין דיזער מעכטיגער אינטערנאַציאָנאַלער בעוועגונג. די שטימע פון פּראָטעסט האָט זיך זאָגאַר אויפגעהויבען אין פיער פון די גרעסטע פּאַרלאַמענטען פון אייראָפּאַ, און אַלפאָנסאָ דער 13טער און מאַוראַ זיינען עפענטליך פון דער פּאַרלאַמענטס־טריבונע געבראַנדמאַרקט געוואָרען אַלס מערדער און פערברעכער.

אויף אַזאַ מעכטיגען אויסברוך פון צאָרן און פעראַכטונג האָבען זיך די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרען ניט גערעכנט. די קלעריקאַלע רעאַקציאָנערען

האָבען זיך איינגערעדט, אַז מיט פֿערער'ס טויט וועט אויך פֿערניכטעט ווערען זיין גרויסעס ווערק — די מאָדערנע שולע. זיי האָבען אַ טעות געהאַט. דורך די גרויזאַמע ערמאָרדונג פֿון דעם נאָבעלען מערטירער האָבען זיי געמאַכט מעהר פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר זיינע אידעען, איידער פֿערער וואָלט עס געקענט, און ווען ער וואָלט אפילו נאָך געלעבט הונדערט יאָהר.

אונטער דער מעכטיגער ווירקונג פֿון דעם אַלוועלטליכען פּראָטעסט האָט זיך אין שפּאַניען גופא ווידער אויפֿגעהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג, אָבוואָהל די בעסטע און ענערגישסטע עלעמענטען זיינען געווען אָדער טויט, אָדער אין דער געפֿאַנגענשאַפֿט, אָדער אין אויסלאַנד. די שפּאַנישע רעגירונג איז געווען געצוואונגען אַרויסצוגעבען אַ בעזונדערע שריפֿט איבער פֿערער'ס הינריכטונג, אום צו רעכטפֿערטיגען איהר פֿערברעכען. אָבער דיזעס שענדליכע געוועבאַכץ פֿון ליגענס, פֿערלוימדונגען און פֿאַלשע בעהויפּטונגען האָט ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף דער עפֿענטליכער מיינונג. דער היינקער מאוראַ און זיינע פֿייגע מיטהעלפֿער האָבען זיך געמוזט צוריקציהען פֿון דער רעגירונג, און דאָס ליבעראַלע מיניסטעריום מאָרעט האָט פֿערנומען זייער פּלאַץ. די פֿרייע שולען האָבען זיך ווידער געעפֿענט און זייער צאָהל האַלט אין איין וואַקסען. הונדערטער געפֿאַנגענע האָבען פֿערלאָזען די געפֿענגניסע און מען קען רוהיג בעהויפּטען, אַז דורך פֿערער'ס טויט זיינען געראַטעוועט געוואָרען די לעבענס פֿון פֿיעלע מענער און פֿרויען, וועלכע וואָלטען זיכער ערמאָרדעט געוואָרען אונטער דער בלוטיגער הערשאַפֿט פֿון דער זיעגרייכער מיליטעריש-קלעריקאַלער רעאַקציאָן.

אָבער מאָרעט איז אויך ניט געווען אימשטאַנד איינצושטילען די דראָהענדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין שפּאַניען, וועלכע האָט זיך אויפֿגעהויבען אין אַלע טהיילען פֿון'ם לאַנד, און די מאָנאַרכיע זוכט געגענווערטיג רעטונג ביי דעם אַנטיקלעריקאַלען דעמאָקראַט קאַנאַלעכאַס, וועלכער שטעהט איצט אָן דער שפּיצע פֿון דער שפּאַנישער רעגירונג. אָבער קאַנאַלעכאַס וועט אויך ניט קענען ראַטעווען דעם צופֿוילטען טהראָן פֿון דער בורבאָנישער מאָנאַרכיע. דער געגענווערטיגער קאַמפּף מיט דער קירכע איז ניט מעהר ווי אַן איינלייטונג פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן, וועלכע שטעהט שוין אויף דעם שוועל פֿון דער שפּאַנישער געזעלשאַפֿט. אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטען פֿיהלען די נויטווענדיגקייט פֿון דער רעוואָלוציאָן, אַלע וויסען, אַז נור די רעוואָלוציאָן אַליין קען ענטשיידען דעם לאַנגען און ביטערען קאַמפּף צווישען אַן אַלטער טיראַנישער פֿערגאַנגענהייט און אַ פֿרייער צוקונפֿט. די ערמאָרדונג פֿון יענעם נאָבעלען מאַן, וועלכער איז געפֿאַלען דעם 13טען אָקטאָבער אין'ם פֿעסטונגס-גראָבען פֿון מאָנטכואיטש

דורך די קוילען פֿון זיינע קלעריקאַלע הײנקער, איז אין דערזעלבער צייט געווען דער סיגנאַל פֿאַר אַ נייע עראַ אין דער געשיכטע פֿון'ם שפּאַנישען פֿאָלק.

* * *

אויף דעם בית עולם פֿון באַרצעלאָנאַ, אין דעם לעצטען זומפּיגען ווינקעל פֿון דער „אָבטהיילונג פֿון די פֿערשאָלטענע", דאָרטען האָט מען בעגראָבען דעם פֿערבלוטיגטען קערפּער פֿון פֿראַנסיסקאָ פֿעררער. עס איז אַ העסליכער, אַ מורא'דיגער אָרט, און אויף דעם קבר פֿון דעם ערמאָרדעטען פֿאַלט קיינמאָל ניט קיין שטראַהל פֿון דער זונן. די אינקוויזיטאָרען האָבען ספּעציעל אויסגעקליבען דיזען פֿינסטערען אָרט, אום אויסצומעקען יעדען סמן, וועלכער קען זיי שפּעטער דערמאָהנען אין דעם פֿערהאַסטען נאָמען פֿון דעם „פֿערשאָלטענעם". זיי האָבען פֿערגעסען, אַז דער נאָמען פֿון אָט דעם פֿערשאָלטענעם איז אַריינגעשריבען געוואָרען מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אין דאָס גרויסע בוך פֿון דער געשיכטע, און פֿון דאָרטען וועט איהם קיינער ניט קענען אויסמעקען.

פֿראַנסיסקאָ פֿעררער האָט אונז איבערגעלאָזט אַ טהייערע ירושה: די פֿרייע ערציהונג פֿון אונזערע קינדער, פֿון דעם יונגען דור, אין וועמענס הענד עס ליגט די נעכסטע צוקונפֿט פֿון דער מענשהייט. ער אַליין איז געפֿאַלען אין דעם קאַמפּף פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון אַ נייער מענשהייט; אָבער מיר, די לעבעדיגע דאַרפֿען פֿאָרטזעצען זיין גרויסעס ווערק. יעדער איינציגער פֿון אונז דאַרף מיטהעלפֿען פֿערשפּרייטען די זריעה פֿון דער נייער ערקענטניס אין די יונגע הערצער און מוחות, די גרויסע אידעען פֿון פֿרייהייט, שעהנהייט און סאָלידאַריטעט, וועלכע פֿערקערפּען אין זיך די טיעפֿע בײנקעניש פֿון אונזער צייט, די האָפֿנונג פֿון אַלע פֿרייע און נאָבעלע כאַראַקטערע, וועלכע ווילען ניט שטעהען אַלס גייסטיגע בעטלערס פֿאַר די טהירען פֿון לעבען, נאָר אַלס די שעפּפֿער פֿון אַ פֿרייער און גרויסער צוקונפֿט.



# איניגע בעמערקטע דרוק־פעהלערן.

| זייטע: | שורה: | שטעהט: | דארף שטעהן: |
|---|---|---|---|
| 39 | 18 | געגרינדעטע | געגרינדעט |
| 50 | 29 | ראַדען | אַרדוען |
| 69 | 16 | ירוש | יורש |
| 69 | 22 | 80.000 פֿראַנק | 750.000 פֿראַנק |
| 70 | 18 | געוועזן | געוואָרען |
| 76 | 2 | וואנש | וואונש |
| 136 | 26 | האָבען | האָב |
| 147 | 27 | רואים | רואים |
| 151 | 21 | נעגענהייל | געגענטהייל |
| 157 | 6 | פנים | פנים |
| 164 | 20 | ירוש | יורש |
| 176 | 10 | נעשפיען | געשפיגען |
| 180 | 28 | מאָן | מאַן |
| 196 | 1 | פֿורמאַן | פֿורנעמאָן |
| 203 | 9 | גאַרדיאָ | גאַרדיאַ |
| 205 | 4 | חאַם | האָם |